## כאַווער־פּאַווער

# לעבנס אויף דער וואָגשאָל

(בילדער פון געריכט)



אַרויסגעגעבן פון דער
אידיש־אַמעריקאַנער סעקציע
פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן
לאָס־אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע
1944

אין משך פון אַן עלף יאָר האָבן זיך געדרוקט אין דער „מאָרגן־פרייהייט״ מיינע בילדער פון די ניו־יאָרקער געריכטן.

אין דעם דאָזיגן בוך **„לעבנס אויף דער וואַגשאָל״**, גיב איך בלויז אַ קליינעם אָפּגעקליבענעם טייל פון די עטלעכע הונדערט „בילדער פון געריכט״, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט פאַר דער גאַנצער צייט.

מיין גרויסן דאַנק צו אַלע מיינע פריינט אין לאָס־אַנדזשעלעס און אין אַנדערע שטעט איבערן לאַנד, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט זאַמלען אַבאָנענטן פאַר דעם דאָזיגן בוך.

אַ באַזונדערן דאַנק צו: אהרן קוירטמאַן, משה לעווין, דאָקטאָר ט. עראָן; דעם פּאָרזיצער, סעקרעטאַר און קאַסירער פון בוך־קאָמיטעט.

**באָוער־פּאָווער**

# די מאַמע

זי זיצט, די הויכע יונגע מאַמע, אין פֿאָדער־צימער. די טירן זיינען אָפֿן צום געריכט־זאַל. דער ריכטער איז נאָך ניטאָ. שטייט זיין שטול אַ גרויסער, שוואַרצער און אַ ליידיגער.

דער גרויסער, שוואַרצער און ליידיגער שטול איז פֿול מיט באַדייטונג פֿאַר איר. אויף דעם שווייגנדיגן שטול וועט זיך באַלד זעצן אַ לעבעדיג וועזן אַזאַ, וואָס וועט זאָגן דאָס וואָרט און ס׳וועט אויפֿשיינען איר גאַנץ לעבן.

די פֿענצטער זיינען אָפֿן, און די הייסע זון גייט אַריין. אירע באַקן בליען, און אירע אויגן גליען. ברוינע גרויסע אויגן אָנגעזאָפּט מיט דער־וואַרטונג. זיי וואַרטן, די אויגן, אויף דער טיר, פֿון וואַנען עס דאַרף אַרויסקומען דער מענטש, וואָס הייסט: „ריכטער", זיך זעצן אויף דעם דאָזיגן ליידיגן שטול און זאָגן דאָס וואָרט.

די צווייטע פֿרוי האָט קרומע פֿיס מיט שוואַרצע וואָנצעס. רעדט מיט אַ מענערשן קול און זיצט לעבן דער יונגער מאַמען אַ פֿינצטערע. די מאַמע פּלאָנטערט, הויבט זיך, ציטערט. די צווייטע זיצט אָנגעבויגן און סאָפּעט שווער.

— אָבער פֿאַר אַכט דאָלער? — איז די פֿרוי מיט די וואָנצעס ניט צופֿרידן.

— מיר וועלן שוין זען, מיר וועלן שוין זען, — וויל די מאַמע איצט ניט רעדן פֿון דעם.

— דער ריכטער קומט, דער ריכטער קומט.

קומט דער ריכטער אַזאַ טרויעריגער ווי אַ הייליג רב׳על'. ער איז מיד און ס׳איז אים הייס. ער איז קליין־געוואַקסיג, און טראָגט אַ קורץ ריכטער־מאַנטעלע. ס׳איז אים עפּעס ניט גוט. וואָס איז אים ניט גוט? ווי קען מען וויסן? אפֿשר דערפֿאַר, וואָס די וועלט לאָזט אים ניט צורו. דאָ דאַרף ער משפּט׳ן, און ער וואָלט גאָר געוואָלט שפּילן גאָלף אין קורצע הויזקעס מיט אַ לאַנגן שטעקן איבער די גרינע פֿעלדער פֿון ניו דזשוירזי, אין אַזאַ פּראַכטפֿולן זומער־פֿרימאָרגן.

די יונגע פּלאָנטערנדיגע מאַמע גייט צו צום ריכטער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. זי שטייט פֿאַר אים, ווי אַ שעמעוודיגע דינסט פֿאַר איר האַר. די פֿרוי מיט די וואָנצעס קריכט נאָך אויף אירע קרומע פֿיס און שמעלט זיך פֿונדערווייטנס.

— דו האָסט דערלאַנגט מיר אַ ביטע, אַז דו ווילסט נעמען צוריק דיין קינד, — זאָגט דער ריכטער אַזוי שטרענג, אַקוראַט ווי ער וואָלט געוועזן דער בייזער גאָט.

— אָ, יאָ, איך האָב דערלאַנגט אַ ביטע, אַז איך וויל נעמען צוריק

מיין קינד. — און אז זי זאָגט דאָס וואָרט „קינד", זאָגט זי דאָס מיט אַזאַ זינגעוודיגקייט, וואָס איז אי יסורים׳דיג, אי פריידיג.

— ביזטו זיכער, אז דו וועסט אים קענען אויסהאַלטן ? — פרעגט דער ריכטער מיט דעמזעלביגן שטרענגען קול.

— יאָ, איך וועל אים שוין קענען אויסהאַלטן. איך אַרבעט שוין, — ענטפערט די מאַמע, און יעדער וואָרט ביי איר ציטערט, און דאָס פּנים ברענט ביי איר.

— וויפיל פאַרדינסטו א וואָך ?

— 20 דאָלער, — ענטפערט זי שטאָלץ.

צוואַנציג דאָלער פאַרדינט זי איצט, און צוריק מיט צוויי יאָר, ווען זי איז געקומען אין געריכט און זיך נאָך געבעטן מען זאָל ביי איר צו־נעמען דאָס קינד, איז זי געווען אַזוי אָרעם און קראַנק אויך. דער מאַן איז געשטאָרבן. און אָן קרובים און אָן פריינט. האָט דאָס געריכט צו־גענומען איר קינד און זי איז געוואָרן נאָך אָרעמער.

און יעדעס קינד אויף דער גאַס איז געווען איר קינד. און יעדעס קינד, וואָס האָט געוויינט, איז געווען איר קינד.

און אַז זי איז אים געקומען זען אין קינדער־הויז, און איידער זי האָט נאָך געהאַט צייט גוט א קוק צו טאָן אויף אים, האָט מען שוין געדאַרפט אַוועקגיין.

איצטער איז זי שוין ניט אָרעם. איצטער פאַרדינט זי שוין גאַנצע צוואַנציג דאָלער א וואָך, און זי בעט מען זאָל איר אָפּגעבן צוריק איר קינד.

— איז ווי אַזוי זשע וועסטו קענען אכטונג געבן אויף דיין קינד, אז דו אַרבעטסט א גאַנצן טאָג ? — פאָדערט דער ריכטער א רעכענונג.

— אָט זי וועט שוין אכטונג געבן, — צייגט די מאַמע אָן אויף דער פרוי מיט די וואָנצעס, און יענע שאָקלט מיטן קאָפּ.

גיט דער ריכטער א וואונק, און א געריכט־אָנגעשטעלטער לאָזט זיך נאָך איר קינד.

אין א זייטיגן קאָרידאָר, אין א קליין צימערל, האַלט מען די קינדער־לעך איידער זיי דאַרפן דערשיינען פאַרן ריכטער. איר אינגעלע איז אויך דאָרטן דאָ, א אינגעלע פון פיר יאָר, אין קורציגקע הייזלעך, מיט ליכטיגע האָר, מיט א פול פנים׳ל, מיט פעטינקע הענטלעך און גראָבינקע פיסלעך.

זיי טומלען דאָרטן, די קינדער, און דאָס אינגעלע מיט די ליכטיגע האָר טומלט העכער פאַר אַלעמען. א גאַנצער מאַכער צווישן אַלע קינדער־לעך דאָרטן. צוויי יאָר אַז ער האָט פאַרבראַכט אין דעם הויז. האָט ער זיך שוין אויסגעלערנט צווישן די איבעריגע קינדער ווי אַזוי צו זיין שטאַרק, אַגרעסיוו און איבערשטייגן אַלעמען. ער איז זיך גרייט צו שלאָגן

מיט יעדן איינעם. די גרעסערע קינדער לאַכן פון אים און ווילן זיך ניט אָנהויבן מיט אזא קליינעם קאַראַפּוזיק. די קלענערע האָבן פּשוט מורא פאַר אים. ער פאַרמאַכט גאָר זיינע הענטלעך אין אַזוינע סטראַשענדיגע פויסטלעך און זיינע בלויע אויגן צינדן זיך אָן ווי ביי א גזלן, און ער שרייט:

— קאַם אָן, קאַם אָן!

אָבער דער דאָזיגער פיר־יאָריגער קריגער איז פּלוצלונג געוואָרן שטיל און דערשראָקן, ווען דער געריכט־באַאַמטער האָט אים א רוף געטאָן מיט דעם פינגער. ער האָט זיך געלאָזט נאָך אים אַזוי געהאָרכזאַם, ווי א הינטעלע.

און אַז דער געריכט־באַאַמטער האָט פאַר אים אויפגעעפנט די טיר און ער האָט דערזען זיין מאַמען, ווי זי זיצט אויף דער באַנק און אין אירע אויגן לויכטן צו אים מיט צענדליגער זונען, האָט ער זיך געגעבן א צעיאָג און מיט איין שפּרונג שוין געווען גלייך אויף אירע קני.

דער שרעקלעכער קריגער האָט ארומגענומען זיין מאַמע'ס האַלז מיט ביידע הענטלעך און זיך אָנגעהויבן צו פּעשטשען. ער האָט עפּעס זיך פאַר איר געקלאָגט ניט מיט קיין ווערטער, נאָר מיט קלאַנגען: „מ־מ־מ!“, האָט ער געבראָכן פּיסקעס גלאַט אַזוי אין דער וועלט אריין.

די מאַמע האָט געלאַכט מיט אויפגעלויכטענע אויגן. איר גאַנץ פּנים האָט געלאַכט. אַזוי לאַכן מענטשן, ווען זיי נעמען א קאַלטע שפּריץ־באָד און דער צוריר פון דער קאַלטער וואַסער איז אי שרעקעוודיג און אי אַנגענעם.

דאָס אינגל האָט געוואָלט אָפּנעמען פון זיין מאַמען אַלע לאַסקעס, וואָס האָבן אים אויסגעפעלט פאַר די צוויי יאָר, און די מאַמע האָט אים געוואָלט אָפּגעבן אַלע לאַסקעס, וואָס זי האָט אָנגעגרייט פאַר אים אין איר גרויסער בענקשאַפט. גלייך אויפן פּלאַץ האָבן מאַמע און קינד זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן און זיך געקושט. דער געריכט־באַאַמטער האָט איר אָבער שטילערהייט געזאָגט א סוד אין אויער, אַז זי דאַרף פאַרלאָזן דאָס געריכט־צימער. האָט זי געפאָלגט, געוואָלט אראָפּלאָזן דאָס קינד אויף דעם דיל און זיך לאָזן גיין. אָבער א נאַר איז ער אָפּצולאָזן זיין מאַמען! זאָל זי אים טראָגן.

צעלאַכט זיך ווידער די מאַמע און אין אירע אויגן א ליכטיגער, פריילעכער, גרויסער יום־טוב.

און זי הויבט אים אויף און טראָגט אים אויף די הענט פאַר אַלעמען אין די אויגן. זי טראָגט אים און זי רעדט צו אים, און די פרוי מיט די וואָנצעס הינקט נאָך...

# די ווייסע בלום

פרידן און פיינקייט אויפן פנים. אויגן ברוינע, גרויסע און שפיציכיגע. די ברעמען אויך שפיציכיגע. א הויכע מיידל, אן אמעריקאנערין, אן אטלעטין.

מענער זיצן אין געריכט־זאל און וואונדערן זיך, צי אט אזא ווערט אויך באשולדיגט אין פראסטיטוציע? ניין, עס קען ניט זיין. זי איז, ווייזט אויס, איינע פון די אנגעשטעלטע אין געריכט.

איר פנים איז ניט געפארבט, נאר די ליפן — עטוואס געפארבט. אירע אויגן זיינען קלוגע, אינטעליגענטע. זי קומט אן פון ארעסטאנטן־צימער, א הויכע, מיט א פעסטן טראט, מיט א שטאלצן האלז, פונקט ווי א טייער געוועט־פערדל, וואס באווייזט זיך פארן עולם, איידער ס׳לאזט זיך לויפן. איר קערפער איז הויביג, שפילעווידיג.

אזוינע מיידלעך ווערן געבוירן ביי די מיליאנערן, זיי ווערן דערצויגן אין כל־טוב, און דערפאר וואקסן זיי אויס אזוינע הויכע און שטאלצע.

עס זיצט צווישן עולם אן עלטערער מאן מיט א שניפס פון פילע פארבן. דער שניפס ווארפט זיך אין די אויגן. די קנייטשן פון זיין פנים זיינען אנגעפודערט און צוגעגלעט. זיינע שיטערע, גלאט־פארקעמט גרוילעכע האר גלאנצן. זיינע קליידער זיינען אויסגעפרעסטע. דער קנייטש פון זיינע הויזן איז אן א פגימה׳לע. ער מאכט דעם איינדרוק פון אן עלטערן בחור, וואס איז פעדאנטיש וועגן זיין אויסזען און אנטאן. ער האלט אין האנט עפעס א זאך, איינגעוויקלט פארזיכטיג אין א קאלירטן פאפיר.

די הויכע שיינע מיידל האט, ווייזט אויס, געוואוסט, אז דער דאזיגער עלטערער מאן דארף זיך געפינען אין געריכט־זאל, האט זי אים געזוכט מיט די אויגן און אים געפונען. און אז זי האט אים געפונען, האט זי־א שמייכל געטאן צו אים מיט פיל פיינקייט און גראציע. אזוי שמייכלען געוויסע אריסטאקראטישע באלעבאסטעס, ווען זיי נעמען אויף געסט אין זייערע רייכע הייזער.

דער עלטערער מאן האט זיך געלאזט גיין צו דער אפצוימונג, וואו עס שטייט א קלוירק און לאזט אריין דעם וואס מען באדארף. אים האט ער אבער ניט דורכגעלאזט, און די שטאלטנע מיידל האט צו אים געשמייכלט, און איר שמייכל האט ווי געזאגט: א דאנק, א דאנק. און לאז ער זיך ניט באמיען. אז מען קען ניט, קען מען ניט.

דער ריכטער איז נאך ניטא. אויף דער באנק זיצן מיידלעך אומעטיגע

און טרויעריגע. זיי דערוואַרמען זייער שטראָף. אָרימע מיידלעך. זי האָט זיך געזעצט צווישן זיי. זייערע פּנים'ער זיינען פאַרוואָלקנט און פאַראומגליקט. אַ שווידערלעך לעבן. ניט נאָר איז דער אומגליק גרויס, וואָס מען דאַרף עקזיסטירן פון אַזאַ „פּרנסה״, נאָר ס'איז נאָך ערגער, וואָס דעטעקטיווס לויערן אויף דיר טאָג און נאַכט. און אַז מען צאָלט צו די דעטעקטיווס שווייג־געלט, קומען אָן אַנדערע שלעק, גיב זיי אויך. גיב דעם פּאָליסמאַן, וואָס שטייט אויפן קאָרנער, גיב דעם פּאָליטישן, גיב דעם לאָיער, גיב דעם „באַשיצער״, דעם גענגסטער, גיב דער באַלעבאָסטע פאַרן צימער, גיב און גיב, און ערשט צום סוף פּאַקט מען אַריין.

די מיידלעך צווישן וועלכע זי זיצט ווייסן, ווייזט אויס, ווער זי איז, אַז זי איז פון זייעריגע. טוליען זיי זיך צו איר, און זי גלעט אַלעמען מיט אירע אויגן און מיט אירע שטילע רייד. זי דרייט זיך אַלע מאָל אויס צום עלטערן מאַן, באַשענקט אים מיט אַ ליבלעכן קוק. און יענער קוקט נאָר אויס אומגליקלעכער פון איר.

ווער איז ער, דער עלטערער מאַן? איז ער אירער אַן אָנקל? אָדער אַ קרוב, אָדער אפשר נאָר אַן האָפענונגסלאָזער געליבטער? ער נעמט ניט אַראָפּ פון איר זיינע מיטפילנדיגע אויגן.

ס'איז אַרויסגעקומען דער ריכטער. מען האָט אויסגערופן איר נאָמען. זי איז צוגעגאַנגען, ווי אַ גליכע צו אַ גלייכן.

אויף דעם ריכטער האָט זי, ווייזט אויס, אויך געמאַכט אַן איינדרוק מיט איר פּערזענלעכקייט, האָט ער זיך אַ צי געטאָן דעם שניפּס, זיך אַ גלעט געטאָן די האָר, ווי אַ בחור וואָס פיינט זיך אויס פאַר אַ שיינער מיידל. אָבער דער ריכטער טוט אַ קוק אין דעם פּאַפּיר, וואו ס'איז פאַרצייכנט איר רעקאָרד, ווערן זיינע אויגן אומפריינטלעך. ער לייענט פון פּאַפּיר דאָס פאָלגענדע:

„און מען האָט דיך געכאַפּט אין דעם און דעם אַפּאַרטמענט אין אַ שענדלעכער פּאָזע, און מען האָט דיך געבראַכט אין געריכט אין דעם און דעם טאָג, און ס'איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין געריכט, אַז דו פאַרנעמסט זיך מיט פּראָסטיטוציע, און דער ריכטער האָט פאַראָרדנט אונטערזוכן דיין געזונט־צושטאַנד, און דעם דאָקטאָרס באַריכט איז, אַז דו ביזט אָנגעשטעקט מיט אַ קראַנקהייט, און דעריבער פאַר'משפּט איך דיך צו 6 מאָנאַטן, און דאָרטן וועט מען דיך אויך מעדיציניש באַהאַנדלען...״

אַנדערע מיידלעך אין דעם דאָזיגן געריכט, ווען מען פאַר'משפּט זיי, גייען זיי אָפּ וויינענדיגע פון ריכטער. זי איז אָבער ניט אַוועק קיין וויינענדיגע. זי האָט געשאַפן די אַטמאָספערע אַרום זיך, אַז ס'איז גאָרניט, אַז דער ריכטער האָט גלאַט אַזוי גערעדט, און ס'איז גאָרניט געווען ווען

איר, אַז זי איז גאָר אַ געזונטע, אַ פֿיינע, אַז זי איז די האַרנטע איבער זיי אַלעמען.

איידער מען האָט זי אָפּגעפֿירט אין אָרעסטאַנטן־צימער, האָט זי גע־בעטן דערלויבעניש זיך דורכרעדן מיט איר פֿריינט. איז דער פֿריינט אירער, וואָס איז געזעסן די גאַנצע צייט אין געריכט־זאַל און געקוקט אויף איר מיט גרויס אָפּשיי, איז צו איר צוגעגאַנגען און איר געגעבן די האַנט, און דערנאָך צעוויקלט דאָס קאָלירטע פּאַפּירל, אַרויסגענומען אַ ווייסע בלום און איר דאָס דערלאַנגט ריטעריש און פֿייערלעך. האָט איר פּנים אויפֿ־געשיינט, און זי האָט מיט דער זעלביקער בלום שטיפֿעריש אַ פֿיר געטאָן יענעם איבערן פּנים. דאָס איז געווען איר פֿאָרמע פֿון דאַנק־זאָגונג צו אים. און זי האָט גענומען די בלום און דאָס צוגעשפּיליעט לעבן איר קאָלנער.

נאָכדעם האָט זי די וועכטערין אַוועקגעפֿירט. איז זי אַרויס אַ שטאָלצע מיט דער ווייסער בלום שיינענדיק אויף איר קאָפּטל.

אַלע האָבן איר נאָכגעקוקט, דער גאַנצער עולם, דער ריכטער, די קלוירקס, און ס׳איז אויסגעקומען, אַקוראַט ווי אַן אַקטריסע האָט אָפּ־געשפּילט אַזאַ מין אַקט פֿון אַ פּראָסטיטוטקע, און איצטער האָט זיך גע־ענדיקט דער אַקט, און זי מאַכט איר אָפּגאַנג פֿון דער בינע.

אָבער קיינער האָט איר ניט אַפּלאָדירט. אַ סך פֿרויען־אויגן האָבן איר נאָכגעקוקט דערשראָקן.

# „גיב מיר אָפּ מיין פּוס!"

אויף צוויי קוליעס האָט ער זיך קוים צוגעשלעפּט צום ריכטער.

איין הויז, זעט מען, איז אַ לײדיגער, ניטאָ דער פּוס. און ער פּאַר־מאָגט אַ סך חן, דער אָן־פּוסיגער. אַ מאַן מסתמא פון אַ יאָר 45, און זיינע בעקעלעך זיינען פריש און ראָזעווע, זיינע שוואַרצע האָר געקרייזלטע און זיינע ברוינע אויגן גרויסע, לעבעדיגע און נייגעריגע.

— מיין פּוס האָט זי ביי מיר צוגענומען. זאָל זי מיר אָפּגעבן מיין פּוס, — קלאָגט ער זיך פאַרן ריכטער.

— וואָס געהער זי דיר אָן? — פרעגט דער ריכטער.

— אַ ווייב, — ענטפערט יענער מיט אַ וויינענדיגן קול.

זי איז אויך מסתמא אין די זעלביגע יאָרן, וואָס איר מאַן, אָבער קוקט אויס פיל עלטער פון אים, צוליב איר אויסגעהאָרעוועטקייט. באַזונדערס מערקט זיך די אויסגעהאָרעוועטקייט אויף אירע הענט. אַלע אָדערן זעען זיך אָן אויף אירע הענט און זיי קוקן אויס געשוואָלן. די נעגל זיינען כמעט ווי אָפּגעשטשיפּעט, אויסגעפרעסן. אירע האָר זיינען שוין גרויליך. ביי די שלייפן פון איר שטערן זעען זיך אויך אָן די אָדערן.

— פון וואַנען ווייסטו, אַז דאָס האָט דיין ווייב ביי דיר צוגענומען דעם פּוס? — פרעגט דער ריכטער.

— ווער דען, אַז ניט זי? — ענטפערט יענער ברוגז.

— האָסטו עפּעס עדות, צי פאַקטן?

— ניין, איך ווייס, אַז דאָס האָט זי צוגענומען דעם פּוס און אים פאַרשטעקט ערגעץ. פּליז, גיב מיר אָפּ מיין פּוס, — שטרעקט יענער אויס צו זיין ווייב אַ פּאָר שוואַרצע פייכטלעכע בעטנדיגע אויגן.

יענע שווייגט. פאַרביטערט שווייגט זי. קוקט כמעט ניט אויף איר מאַן. אירע אויסגעהאָרעוועטע הענט ליגן אויפן טיש, אַקוראַט ווי זיי רוען זיך איצט אָפּ.

— איז פאַרגעקומען אַ קריגעריי צווישן אייך?

— ניין, ניט דאָס מאָל, — מאַכט יענער מיט אַ וויינענדיגן קול, — דאָס מאָל האָט זי מיר קיין וואָרט ניט געזאָגט. אָבער איך שטיי אויף אינ־דערפרי — ניטאָ מיין פּוס. אויסגעזוכט וואו אַ ווינקעלע און ניטאָ אפילו קיין שפּור.

— און וואָס האָט דיין פרוי געזאָגט בשעת דו האָסט געזוכט דעם פּוס?

— זי איז ניט געווען אין הויז. זי איז געווען ביי דער אַרבעט. מוז איך שוין אַ גאַנצן טאָג ליגן אין הויז. מיר וואוינען אַזש אויפן פינפטן שטאָק. קומט זי פאַרנאַכט אַהיים. איך פרעג זי וואו איז דער פּוס, אָבער זי שווייגט. ווייַן איך פאַר איר. און זי שווייגט.

— אָבער פון וואַנען ווייסטו אַזוי באַשטימט, אַז דאָס האָט זי ביי דיר צוגענומען דעם פּוס?

— ווער דען, אַז ניט זי?

— דאָס מיינט גאָרניט, — איז דער ריכטער שטרענג, — גיב מיר אָן עפּעס אַ קאָנקרעטן באַווייז.

— איך ווייס ניט וואָס אָנצוגעבן, — ווערט יענער טרויעריג, — אָבער ס'איז ביי מיר אַזוי קלאָר, אַז דאָס איז איר אַרבעט. קלאָר, ווי היינט איז מיטוואָך.

— דו שלאָפסט ניט מיטן פּוס?

— ניין, איך לייג אים אַוועק אויף אַ בענקל, ווען איך גיי שלאָפן.

— און וואו האָסטו גענומען די קוליעס?

— זיי זיינען שטענדיג דאָ ביי מיר אין הויז אין פאַל פון אַ נויט. אָבער ס'איז גוואַלדיג שווער צו גיין מיט קוליעס. מיטן פּוס איז געווען זייער לייכט. זיך צוגעוואוינט צו אים. שוין פינף יאָר אַז איך טראָג אים.

— ווי אַזוי האָסטו פאַרלוירן דיין אייגענעם פּוס?

— צוליב אַ קראַנקהייט, יור האָנאָר, עפּעס איז פאַרגיפטעט געוואָרן דער ביין, האָט מען אים אָפּגעשניטן.

— וואוינט נאָך עמיצער אין הויז אַ חוץ דיר און דיין פרוי?

— ניין, קיינער ניט.

— דו האָסט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָסטו פריער געזאָגט?

— יאָ, איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, איך טו אַ קוק — ניטאָ דער פּוס.

— וויפיל איז געווען דער זייגער, ווען דו האָסט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף?

— אַרום ניין אַזייגער אינדערפרי.

— ווען גייט דיין פרוי צו דער אַרבעט?

— אַרום זיבן אַזייגער.

— און אפשר איז די טיר פון הויז געווען אָפן בשעת דו ביזט געשלאָפן?

— ניין, פאַרשלאָסן, פאַרשלאָסן. איך האָב אומיסטן אַ פרואוו געטאָן דאָס הענטל פון טיר. זי פאַרשליסט שטענדיג די טיר ווען זי גייט אַוועק צו דער אַרבעט.

— איז וואָס זשע ווייסט איר? — ווענדט זיך דער ריכטער צו דער פרוי מיט פיל שטרענגקייט.

— איך ווייס גאָרנישט, — ענטפערט יענע אָפּ מיט אַ הייזעריגער שטימע.

— אָבער דאָך וואָס דענקט איר וועגן דעם, וואָס זיין פוס איז פּלוצלונג פאַרשוואונדן געוואָרן?

— איך ווייס ניט וואָס צו דענקען, — קנייטשט זי איר שטערן מיט רוגזה.

— עפּעס פיל איך, — פאַרלירט דער ריכטער מיט אַמאָל זיין שטרענג־קייט אין קול, — עפּעס פיל איך, אַז צווישן אייך ביידן גייט עפּעס אָן. דערציילט מיר, און איך וועל אייך העלפן.

— איר קאָנט מיר גאָרניט העלפן, — עקשנ'ט זיך יענע.

טוט דער ריכטער אַ קוועטש מיט די פּלייצעס. ער זעט שוין, אַז ער וועט פון איר גאָרניט זיך דערשלאָגן.

— איך קאָן אייך גאָרניט העלפן, — מאַכט דער ריכטער צום מאַן, — קיין באַווייזן האָט איר ניט.

— אָבער אַז איך ווייס, אַז דאָס איז איר אַרבעט, — צעוויינט זיך יענער שיער ניט, — ס'איז ביי מיר אַזוי קלאָר.

— האָסטו זי מיט עפּעס דערצערנט די לעצטע צייט?

— איך ווייס ניט, — שטאַמלט יענער.

— האָסטו זי מיט עפּעס באַליידיגט?

— איך בין, דאַכט זיך, גוט צו איר, — ציט אַרויף יענער אויף זיך ליטישקייט אויפן פּנים.

— יאָ, גוט צו מיר, — פּלאַצט יענע אַרויס מיט כעס, — איך ווער צעבראָכן ביי דער אַרבעט און ער הוליעט דערווייל מיט ווייבלעך.

— איז אפשר האָבן מיר שוין געפּאַקט דעם סוד, — מאַכט דער ריכטער מיט כיטרע אויגן. — צי האָסטו אויסצוזעצן געגן דיין מאַן, וואָס ער הוליעט מיט ווייבלעך?

— איך וועל שוין מער ניט אויסזעצן, — מאַכט יענע מיט אַ מין פאַרבאָרגענער שאָדן־פרייד, — זאָל ער איצטער הוליען.

— און דערפאַר האָסטו באַהאַלטן זיין פוס, ווייל ער איז ניט געטריי צו דיר? — לאָזט זי שוין דער ריכטער ניט אָפּ.

— איך זאָג גאָרניט, — כאַפּט זי זיך פּלוצלונג, אַז זי האָט כמעט זיך אויסגעגעבן און ווערט ווידער איינגעשלאָסן אין זיך.

— דו פאַרברענגסט מיט פרויען? — פרעגט דער ריכטער ביים מאַן מיט אַ געוויסער אינטימקייט.

— ס'דאַכט זיך איר אויס מער ווי ס'איז אין אמת'ן, — מאַכט יענער מיט שעמעוודיגקייט.

— ס'דאַכט זיך מיר אויס? — פּלאַצט יענע ווידער אויס, — קוקט אים אָן! אַ קריפּל, דאַכט זיך, אָבער אַז ער דערזעט אַ פרוי, קריכן זיינע אויגן ארויס. אַלע אויפן בלאָק דערציילן מיר, אַז ער גייט אין סאַלון טרינקען מיט זיי.

— אַט דערפאַר מסתמא האָט דיין פרוי פארבאַהאַלטן דיין פּוס, — טוט דער ריכטער אַן אינטימען וואונק צו יענעם. — אַז דו וועסט מיר צוזאָגן, אַז דו וועסט מער ניט האָבן צו טאָן מיט אַנדערע פרויען, וועט זי דיר אָפּגעבן דעם פּוס.

— איך וועל איר צוזאָגן, — מאַכט יענער מיט גוואַלדיגער אויפ־ריכטיגקייט, — איך וועל שוין מער ניט, — ווענדט ער זיך צו דער פרוי, — זאָל איך פאַרלירן מיין צווייטן פּוס, אויב איך האַלט ניט וואָרט.

די האַרטקייט ברעכט זיך ביי יענער. אירע אויגן ווערן ווייכער.

— גוט, — מאַכט יענע, — איך גיב דיר אָפּ דיין פּוס. אָבער געדענק זשע, ס'צווייטע מאָל וועל איך אים פאַרברענען.

דער ריכטער לאַכט. דער עולם לאַכט. דעם אָן־פוסיגן אַרט שוין ניט, וואָס מען לאַכט. ער איז גוואַלדיג גליקלעך. אַ ליבשאַפט אין זיינע אויגן צו איר. אַ ליבשאַפט אויך אין אירע אויגן צו אים. אָבער ס'קוקט אויך ארויס אין דער זעלבינער צייט אַ פיינלעכקייט פון אירע אויגן. זי ווייסט ניט, צי זאָל זי אים גלויבן, צי ניין.

— וועסט זען, — איז יענער מלא גדולה, לאָזנדיג זיך צום ארויסגאַנג אַ שפּרינגענדיגער אויף זיינע קוליעס, — איך קאָן דאָך האַלטן וואָרט... דו ווייסט דאָך...

# אונזערע אַלטיטשקע מאַמעס

(אין אַ נאַכט־געריכט)

אַ הויכער פּאָליסמאַן האָט אַריינגעפירט אַ קליינינקע אַלטיטשקע אידישע פרוי. גרויז־גרוי אירע האָר אויפן קאָפּ. די הויט פון איר פּנים ווי אַ בלאַסער מילך. געקאַרטשעט, געקנייטשט, צעאַקערט. אַנגעטאָן אין עפּעס אַ פּאַרצייטיג־גרין מאַנטעלע. אַזאַ מאַנטעלע, וואָס מען טראָגט אויף די אַקסלען און קיין אַרבל זיינען ניטאָ. די אַלטיטשקע, קוים וואָס זי שפּאַנט, קליינע טריטעלעך מאַכט זי. אירע אויגן זיינען צעטומלט, פאַר־שטייט ניט אויף אַ וועלכער וועלט זי איז.

— איך האָב זי געזען אויף די טרעפּ פון אַ הויז, — דערציילט דער פּאָליסמאַן מיט מיטגעפיל, — זי איז געזעסן און געדרעמלט, און דאָ איז די נאַכט זייער אַ קאַלטע. איך האָב זי געפרעגט, צי זי האָט אַ היים, צי זי האָט קינדער. האָט זי מיר ניט געקאָנט ענטפערן, ווייל זי פאַרשטייט ניט קיין ענגליש.

דער ריכטער רופט דעם איבערזעצער. דער איבערזעצער רופט זיך אָן פריינטלעך:

— באָבעשי, וואָס איז אייער נאָמען?

— צוליב וואָס דאַרפסטו וויסן מיין נאָמען? — ענטפערט זי מיט פאַרדראַכט.

— דער ריכטער וויל וויסן אייער נאָמען?

— וואָס פאַר אַ ריכטער? — מאַכט זי צעטומלט. — אוי וויי איז מיר, וואו בין איך?

— איר זייט אין געריכט, באָבעשי, און דער מאַן מיט די וואָנצעס, וואָס זיצט אויבן, איז דער ריכטער.

— אין אַ געריכט גאָר, אוי וויי איז מיר! — מאַכט זי מיט דערשרעק.

— וואָס פּלוצלונג האָט מען מיך גענומען אין אַ געריכט אַריין? איך האָב דען עפּעס גע'גנב'עט חס־וחלילה?...

— ניין, באָבעשי, איר האָט ניט גע'גנב'עט. נאָר וואָס זשע דען, דער פּאָליסמאַן האָט דערציילט, אַז ער האָט אייך געפונען שלאָפן אויף דער גאַס. וויל איצט דער ריכטער וויסן, וואָס איז אייער נאָמען? און צי איר האָט קינדער? און צי האָט איר אַ היים?

— איך וויל אייך ניט זאָגן מיין נאָמען, — ענטפערט די אַלטיטשקע פאַר'עקשנ'ט.

— אָבער איך מיין אייך ניט קיין שלעכטס. און דער ריכטער מיינט אייך ניט קיין שלעכטס.

שווייגט זי. קוקט אומצוטרויליך, און שווייגט.

— אָבער איר וואָלט דאָך געוועזן דערפרוירן געוואָרן אויף דער גאַס, און וואו וועט איר היינט שלאָפן די נאַכט?

— היינט וועל איך שלאָפן ביי מיין קינד, — טוען אירע אַלטיטשקע אויסגעלאָשענע אויגן פלוצלונג אַ שטראַל מיט פרייד.

— האָט איר יאָ אַ קינד?

— יאָ, מיין אייבעלע, — ענטפערט זי מיט אַ רירנדיג הייזעריג קול, — מיין אייבעלע, ער זאָל מיר זיין געזונט און שטאַרק, מיט זיין ווייב און מיט זיינע קינדערלעך. מיין אייבעלע, ער וואוינט אין די בראָנקס.

— וואָס איז דער אַדרעס?

— איך געדענק ניט דעם אַדרעס, אָבער איך ווייס וואו זיין שטוב איז. דאָס בין איך מיר געגאַנגען אין די בראָנקס געוואויר ווערן וואָס מאַכט מיין אייבעלע. בין איך פלוצלונג מיד געוואָרן, האָב איך זיך צו־געזעצט אויף אַ סטופּ אַ ביסעלע אָפּרוען, קומט דער רויבער, דער כלב און פירט מיך אַוועק. זאָגט זיי, זיי זאָלן מיך לאָזן גיין מיין וועג. שוין לאַנג ניט געזען מיין אייבעלען.

— אָבער וואו זייט איר פריער געוועזן?

— ווען פריער? — פרעגט זי צעטומלט.

— פריער, איידער איר האָט זיך געלאָזט גיין צו אייער אייבעלען אין די בראָנקס?

— אַ, פריער, — ווערט זי עפּעס פאַרוואָלקנט, — אַ נפקא מינה, וואו איך בין געווען. און עפּעס פרעגט איר מיך צופיל קשיות, רעב איד! וואָס גייט דאָס אייך אָן?

— ס'איז אַ געריכט, — מאַכט דער איבערזעצער שטרענג, — און מען מוז ענטפערן, אז ניט וועט מען אייך אַרעסטירן.

— אַרעסטירן, אוי ווי איז מיר! — טוט זיך די אַלטיטשקע אַ כאַפּ. — פאַרוואָס זאָל מען מיך אַרעסטירן, ווייל איך וויל גיין זען מיין קינד, מיין איין און איינציג קינד? שוין אַזוי לאַנג ניט געזען. שוין דריי חדשים ניט געזען. פריער פלעגט ער צו מיר קומען אַלע וואָך, אַלע וואָך, און דאָ פלוצלונג האָט ער אויפגעהערט צו קומען. אפשר, מיינע שונאים, האָט מיט אים עפּעס חס־וחלילה געטראָפן. איך בין דאָך אַ מאַמע.

— וואוהין פלעגט אייער אייב קומען צו אייך אַלע וואָך?

— וואָס הייסט וואוהין? אין „האָום" אַריין, — מאַכט יענע מיט אַ טענה.

— אַ, זייט איר, הייסט דאָס, אין אַ „האָום"? ווי אַזוי הייסט דער „האָום", און ווי איז דער אַדרעס פון „האָום"?

— ווער קאָן זיך געדענקען? אַ „האָום" און שוין, דאַונטאַון ערגעץ.

— האָט מען דאָרט אין „האָום" געוואוסט, אַז איר גייט אַוועק?

— אָט וועל איך זיי גיין דערציילן. זיי וואָלטן מיך דען געלאָזט? — מאַכט זי ברוגז.

— האָט קיינער, הייסט עס, ניט געוואוסט, אַז איר גייט אַוועק?

— זיך אַרויסגעמאַכט און שוין, — ענטפערט די אַלטיטשקע מיט קלוגעטשקע אייגעלעך.

— אַרויסגעמאַכט? וואָס מיינט איר? — פֿאַרשטייט, ווייזט אויס, יענער ניט דעם טייטש פֿון וואָרט „אַרויסגעמאַכט".

— אַרויסגעמאַכט, — איז יענע בייז, וואָס מען פֿאַרשטייט זי ניט, — זיך אַרויסגעגליטשט.

— האָט איר כאָטש געהאַט אויף „קאַר־פֿעיר"?

— וואו האָב איך געהאַט? — מאַכט יענע מיט אַ טענה. — אַז דאָס, וואָס מיין אייבעלע לאָזט מיר איבער, נעמען זיי צו אין זייער אָפּיס דאָרטן.

— האָט איר פֿון דאַון־טאַון געוואָלט גיין צופֿוס אין די בראָנקס?

— אַן אַנדער ברירה האָב איך געהאַט?

— איז ווייסט איר ניט דעם אַדרעס פֿון „האָום"?

— פֿון וואַנעט זאָל איך ווי סן?

— ווייסט איר ניט דעם אַדרעס פֿון אייער זון?

— איך וועל דערקענען די שטוב, אָבער דעם נומער געדענק איך ניט.

דער ריכטער הייסט דעם קלוירק אָפּרופֿן אַלע מושב־זקנים'ס וואָס געפֿינען זיך אין ניו יאָרק.

דער אַלטיטשקער פֿירט דער איבערזעצער אָפּ אין אַ זייט. ער זעצט זיך אויך צו לעבן איר. יענע פֿילט זיך שוין מיטן איבערזעצער זייער היימיש. האַלט זי אין איין רעדן.

— אַז אַ מענטש קאָן דיר ניט זיין פֿריי. דאָרטן אין „האָום" לאָזט מען דיך קיין טריט ניט מאַכן. גייסטו אַרויס אויף דער גאַס, איז אויך דאָס נעמלעכע. וואָלט איך מיר געוועזן זיך פֿאַוואָלינקע געגאַנגען אַזוי, און איצט וואָלט איך שוין געוועזן ביי מיין אייבעלען. אַי, אַי, אַ וועלט, אַ וועלט...

אין אַ ווײַלע שפּעטער קומט צו לויפֿן די אויפֿזעערין פֿון מושב־זקנים. זי דערקענט גלייך דער אַלטיטשקער.

— זיך אַרויסגע'גנב'עט היינט נאָכמיטאָג, — מאַכט זי צום ריכטער.

— מיר האָבן שוין טעלעפֿאָנירט איר זון, אפֿשר איז זי ביי אים. ווייל ס'האָבן זיך שוין געמאַכט אָפּט אַזוינע פֿאַלן, וואָס אייניגע פֿון זיי פֿאַר־בענקען זיך נאָך די קינדער, גנב'ענען זיי זיך אַרויס. אָבער אַז דער זון

האָט געענטפערט, ער ווייסט ניט וואָס צו זאָגן.

— נעמט זי אהיים, — מאַכט דער ריכטער צו דער אויפזעערין, — און זעט, אַז דאָס צווייטע מאָל זאָל אַזאַ זאַך ניט טרעפן. זי האָט דאָך געקאָנט דערפרוירן ווערן אויף דער גאַס, ווען ניט דער אָפיסער.

— קומט, — מאַכט די אויפזעערין ליבלעך צו דער אַלטימשקער, — קומט אהיים.

— איך וויל ניט, — וואַרפט זיך יענע ווי אַ געפּעסטשעטע קינד. — איך וויל צו מיין זון, שוין דריי חדשים אים ניט געזען.

— איר וועט אים זען, זען, מיר וועלן אים טעלעפאָנירן, ער זאָל גלייך אַריבערקומען אין „האָום".

— ניין, איר נאַרט מיך אָפּ, — כאַפּט זיך די אַלטימשקע אָן מיט אירע אויסגעדאַרטע הענטלעך אָן דער באַנק, — איך וועל זיך ניט רירן פון אָרט.

די אויפזעערין איז פאַרצווייפלט, ווייסט ניט וואָס צו טאָן, סיידן זי נעמען מיט געוואַלד. זי קוקט צום ריכטער, ס'הייסט וואָס ער וועט זאָגן.

— רופט אָפּ איר זון, ער זאָל קומען אהער, — מאַכט דער ריכטער.

לויפט די אויפזעערין צום טעלעפאָן אָפּרופן דעם זון, און דער איבער־זעצער איז גלייך מודיע דער אַלטימשקער, אַז מען איז געגאַנגען אָפּרופן איר זון, און ער וועט באַלד קומען אהער.

— אַ לעבן אויפן ריכטער'ס קאָפּ! — צעשיינט זי זיך מיט אַזאַ ליכ־טיגקייט און שטראַלנדיגקייט. — מיין אייבעלע וועט באַלד קומען.

די שכינה רוט אויף איר. זי זיצט מיט אַזאַ גוטסקייט און ליבלעכ־קייט. דרייט אוים אַלעמאָל איר קאָפּ צו דער טיר. איר קינד, איר אייבעלע, דאַרף זיך באַלד באַווייזן.

און אַ היפּשער ווילע שפּעטער באַווייזט זיך איר קינד, איר אייבעלע — אַ איד פון אַ יאָר זעכציג. אַ ברייטער, פולער איד מיט גרויע האָר. ער לויפט צו זיין מאַמען. די מאַמע, אַקוראַט ווי זי שעמט זיך. שטראַלט און שעמט זיך.

— מאַמע, — מאַכט יענער געריירט, — האָסט ניט געטאָרט אַזוי טאָן.

— אָבער, אַז דו מיין קינד, — מאַכט די מאַמע קלוג, — ווילסט ניט קומען זען דיין מאַמען, איז דיין מאַמע געגאַנגען צו דיר.

איר זון פירט זי אַרויס. די אויפזעערין גייט זיי נאָך. נאָכדעם וואָס מען האָט זי אַרויסגעפירט איז דער ריכטער עפּעס געבליבן זיצן אַ שטילער און אַ טרויעריגער. די דאָזיגע געשיכטע האָט אים שטאַרק געריירט.

אַלע אין געריכט־זאַל זיינען געבליבן זיצן אַזוינע שטילע און טרויעריגע.

# דער פֿאַרברעכן פֿון חנ׳עוודיגן קליינעם איטאַליענערל

אויפֿן וועג צום קינדער־געריכט שטעל איך זיך אָפּטמאָל אָפּ לעבן גרעמערסי פּאַרק.

ס׳איז ניט קיין פּאַרק, נאָר אַ גאָרטן אַזאַ. ארומגעצוימט פֿון אַלע זייטן מיט הויכע אייזערנע שפּיציקיגע שטאַנגען.

דער טויער איז אויך פֿון אייזן און פֿאַרשלאָסן פֿאַר זייטיגע מענטשן, וואָס וואוינען ניט אין דער גאַס. אָפּן איז דער גאָרטן בלויז פֿאַר די קינדער מיט זייערע רייכע מאַמעס, וואָס וואוינען אויף דערזעלביגער גאַס, אין די הויכע פֿיל־גאָרנדיגע שיינע הייזער.

איך שטעל זיך אָפּט אָפּ אויף מיין וועג צום געריכט־הויז און קוק דורך די גראַטעס אויף די גליקלעכע קינדערלעך, וואָס זיינען צעשפּרייט צווישן די בוימער, אויף די גראָזן, ארום דעם פֿאָנטאַן און ביי די בלומען. אייניגע שפּרינגען אויף איין פֿוס איבער די קרייד־געצייכנטע קוואַדראַטן מיט נומערן, אַ טייל גראָבן מיט לאָפּעטעס די ערד, אייניגע זיצן אויף די בענק לעבן זייער אויפֿזעערין וואָס איז אָנגעטאָן, ווי אַ נוירס, אין ווייסן, און הערן זיך צו צו אַ מעשה, וואָס יענע לייענט פֿאַר פֿון אַ ביכל.

אַ פּאָר טריט ווייטער — די שטויביגע, טומלדיגע דריטע עוועניו מיט דעם עלעוועיטער, וואו ס׳לויפֿן טראַסקענדיגע באַנען אַהין און צוריק יעדע מינוט; נאָך אַ פּאָר טריט ווייטער, אין די זייטיגע גאַסן — פֿערד־שטאַלן, סחורה־שפּייכלער, שווערע טראָקס, טענעמענט־הייזער און מאַמעס און קינדערלעך אויף די טרעפּ, און אויף די טראָטואַרן.

ווייטער מיט אַ פּאָר בלאָק — דער קינדער־געריכט. עס ווערן געבראַכט קינדער פֿון האַרלעם, פֿון דער איסט־סאַיד, פֿון ארום דעם איסט־ריווער, פֿון אַלע געגנטן פֿון אָרימקייט, נויט און שמוץ.

דאָס מאָל האָט געדאַרפֿט גע׳משפּט ווערן אַ קינד, וואָס קומט טאַקע פֿון דעם געגנט ארום גרעמערסי פּאַרק. אַן אָרים איטאַליעניש איינגל פֿון אַ יאָר אכט.

אַ איינגעלע, אַ ציגיינערל. געקרייזלטע האָר. אַ פּאָר אויגעלעך מיט צוויי ממזר׳לעך אינעווייניג אין די שוואַרצאַפּלען. דאָס איינגעלע דריקט אויס צוויי געפֿילן מיט איין מאָל: הנאה און שרעק. ס׳טוט אים עפּעס הנאה, און זיינע ליפּעלעך שמייכלען אין דער קרום. דער שרעק זיינער דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס ער טוליעט זיך צו זיין מאַמען, און האַלט זי צו ביי איר אַרבל.

דער פּאָליסמאַן האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו זיין מאַמען, ער האָט איר געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער דאָס אינגעלע האָט געמיינט, אַז דאָס גייט דער פּאָליסמאַן צו אים, זיינען די צוויי ממזר'לעך פון זיינע אויגן אַנטרונען, און זיי זיינען געוואָרן, די קוקערלעך זיינע, גרויס און שרעקעוודיג, און זיינע אַקסעלעך האָבן זיך אַ קאָרטשע געטאָן, און דאָס מיילעכל איז גע־בליבן אָפן, ווי ער וואָלט זיך געוואָרגן מיט עפּעס.

די מאַמע זיינע איז אַן אָרימע מאַמע. יעדעס פּיצעלע אויף איר איז אַן עדות פון איר אָרימקייט. דאָס אַלטע קליידל מיט די אויסגעריבענע פאַלדן; מיט דעם דאַרן האַלז אירן, אַ פאַרברענטער, אַן אויסגע־דייוועטער; אירע מידע הענט, ווי אויסגעטריקנטע שטיקער קאָרע; אירע ווייטאָג־קנייטשן אַרום די ווינקלען פון מויל.

דאָס אינגעלע איז אָבער זייער לעבעדיג, רירעוודיג און פול מיט חן. ער דערמאָנט אין דזשעקי קוגאַן, ווען יענער איז נאָך געווען אַ פּיצל און געשפּילט צוזאַמען מיט טשאַרלי טשאַפּלין אין איין בילד. אַ קליין, לאַכנדיג ציגיינערל.

דער, וואָס האָט אויפזיכט איבער די הייזער אין גרעמערסי פּאַרק, איז אויך געווען אין געריכט. אַ קאָרעקטער יונגערמאַן, מיט אַ קאָרעקטן פּליך. אַ שמאָל לאַנג פּנים, מיט גרויסע פערדישע ציין. אַ קאָרעקטער שניפּס, און אַ קאָרעקטער קנייטש אויף די הויזן.

די אָרימע פרוי גייט צו צום ריכטער מיט איר ציגיינערל, וואָס אַי ער שרעקט זיך, אַי ס'טוט אים הנאה, און דער מאַמעס אַרבל לאָזט ער ניט אַרויס פון זיין האַנט. אָט וועט ער גיין אַרויסלאָזן איר אַרבל, געפונען דעם בעלן!

דער אויפזעער איבער די גרעמערסי פּאַרק הייזער, דער יונגערמאַן מיט דעם קאָרעקטן פּליך, הוסט זיך אויס און טרעט אויף מיט אַן אָנקלאַגע געגן דעם געקרויזלטן שפּילעוודיגן איטאַליענישן יאַטל.

דער אויפזעער פילט זיך אַ ביסל אומבאַקוועם. ס'איז אַן אומ־באַקוועמער ענין. ער דאַרף אין זיין קלאַגע דערמאָנען געוויסע ווערטער, וועלכע קלינגען ניט שיין אין אַ פיינער געזעלשאַפט; און דאָ גראָדע די מיידל, די סטענאָגראַפיסטקע, בויגט אַלע מאָל אויס אַן אויער, ווייל זי וויל כאַפּן, וואָס ער זאָגט, און פאַרצייכענען. בויגט ער זיך אומיסטנע אַוועק פון מיידל און בויגט זיך צו נעענטער צום ריכטער, אָבער זי, ווי אויף צו־להכעיס, פאַרפאָלגט אים מיט איר אויער. פּרובירט ער רעדן שטיל, זאָגט אים דער ריכטער — העכער, מיר הערן ניט.

ווערט ער רויט, ווערט ער בייז און דער קאָלנער זיינער ווערט אים ענג.

— פון אַ צייט שוין, — קלאָגט ער זיך, — אַז גאַסן־קינדער שטערן

די אָרדענונג אין פּאַרק. (אַלע אַנדערע קינדער זיינען גאַסן־קינדער, אָבער ניט די, וואָס שפּילן זיך אינעווייניג אין פּאַרק.) זיי וואַרפן שטיינער איבער די גראַטעס, די גאַסן־קינדער, און אַ מיידעלע איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין שטערן. און נאָך אַן ערגערע זאַך האָבן זיי געטאָן (און דאָ קומט ער שוין צו די „אומבאַקוועמע" ווערטער) — זיי פּישן אריין דורך די גראַטעס, די גאַסן־קינדער. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט אַזוי ניט געזאָגט, ער האָט געזאָגט: „זיי לאָזן אריין וואַסער דורך די גראַטעס"; אָבער אַפילו פאַר די פאַרשטעלטע ווערטער האָט ער זיך געשעמט און זיי געזאָגט צווישן די ציין, זייער שטיל, און די מיידל, די סטענאָגראַפּיסטקע, האָט, ווייזט אויס, ניט דערהערט, האָט זי אויסגעבויגן אַן אויער און געפרעגט:

— וואָס טוען זיי?

איז דער ספּעציעלער וועכטער, אַן אָנגעשטעלטער פון דער הייזער־קאָמפּאַני ארום גרעמערסי־פאַרק, זיי פיל מאָל נאָכגעלאָפן, אָבער זיי זיינען זיך צעלאָפן אין אַלע ריכטונגען, און מען האָט קיינעם פון זיי ניט געקענט פּאַקן. אָבער שפּעטער זיינען זיי געקומען צוריק און ווידער דאָס זעלבע. ס'איז שוין דערגאַנגען דערצו, אַז פילע מוטערס האָבן מורא געהאַט צו שיקן זייערע קינדער אין פאַרק, און דאָס איז זייער אַ שלעכטע רעפּוטאַציע פאַר די הייזער. נו, האָט מען זיך ספּעציעל פאַרלייגט אויף זיי, געהיט דעם מאָמענט, ווען ס'איז אָנגעקומען אַ גאַנצע באַנדע גאַסן־קינדער און האָבן זיך אָנידערגעשטעלט „לאָזן וואַסער" דורך די גראַטעס, האָט מען געגעבן אַ לויף אויף זיי, אָבער זיי זיינען זיך צעלאָפן, נאָר דאָס אינגעלע, דאָס געקרויזלטע איטאַליענערל, האָט שוין ניט געהאַט קיין צייט צו אַנט־לויפן, און מען האָט אים געכאַפּט אינמיטן דער מלאכה.

— האָסט אַזוי געטאָן? — פרעגט דער ריכטער זייער שטרענג ביים יאַטל.

האָט ער מורא פאַרן ריכטער, שמייכלט ער אין דער קרום און שווייגט.

— ענטפער מיר, — מאַכט שוין דער ריכטער צו אים ווייך, — ענטפער מיר, איך בין אַ ריכטער און דו מוזט מיר ענטפערן. האָסט אַזוי געטאָן?

ענטפערט ער ווידער ניט, נאָר ער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, אַז ער האָט אַזוי ניט געטאָן.

— אוודאי איז דאָס ניט ער, — נעמט זיך אָן די מאַמע פאַר איר אינגעלע. — ניט מיין קינד וועט טאָן אַזאַ זאַך, — זאָגט זי מיט איבער־צייגונג.

— וואָס זשע זאָל איך טאָן מיט אים? — פרעגט דער ריכטער אַן עצה ביים אויפזעער.

איז דער אויפזעער מיטן קאַרעקטן פּליך גראַדע ניט אויסן, אַז מען זאָל טאָן שלעכטס דעם שולדיגן אינגעלע. וואָס ער איז יאָ אויסן איז, אַז דער ריכטער זאָל מאַכן אַ פּרעצעדענט, אים מיט עפּעס באַשטראָפן, כדי ס'זאָל זיך אריבערטראָגן צו די אַנדערע גאַסן־קינדער, און זיי זאָלן אויף ווייטער מורא האָבן צו באַלעסטיגן די אומשולדיגע קינדערלעך פון די גרעמערסי־פּאַרק הייזער.

נעמט זיך דער ריכטער צו דער מלאכה און הויבט אָן שטראָפן דעם חנ'עוודיגן ציגיינערל. ער וועט אים טאָן אַזוי און אַזוי, ער וועט אים פאַרשפּאַרן, ער וועט שוין מערער ניט זען זיין מאַמען, ס'וועט קומען אויף אים דער גיהנום, גאָט אַליין וועט אים שטראָפן. און דאָס ציגיינערל ווערט פול מיט פּחד און וו—יי—נ—ט. ביז די אויערן וויינט ער. מיט אַ ברייט מויל רעוועט ער.

דערנאָכדעם לאָזט מען אים גיין אַהיים, דעם חנ'עוודיגן אינגעלע. גייט ער מיט זיין מאַמען אויף דער גאַס, און אַז ער דערזעט די ליבע זוניגע גאַסן, רייסט ער זיך אָפּ פון זיין מאַמען, צעיאָגט זיך, צעלויפט זיך גיך, גיך.

ער וואוינט מסתמא דאָ ניט ווייט, איילט ער שנעל צו זייניגע, צו זיינע חברים, זיי צו דערציילן פון זיינע גרויסע איבערלעבונגען, פון דער גרויסער געשעעניש, וואָס האָט געטראָפן אין זיין לעבן.

# הענט וואָס וויינען

מען וואָלט גענדראַפּט דאָס געשטאַלט פֿון דער דאָזיגער מאַמען אויס־האַקן פֿון שטיין, אַוועקשטעלן די סטאַטוע אויף אַן עפֿנטלעכן פּלאַץ און לאָזן אַלע דורכגייער קוקן אויף איר.

אירע אויגן וויינען ניט, אָבער אירע הענט וויינען. הענט, וואָס וויגן אַ פּיצל באַשעפעניש, צווײ וואָכן אַלט, אין אַ גרינער קאָלדרע איינ־געוויקלט.

נאָך גאָר אַ יונגינקע מאַמע, אַקוראַט ווי זי וואָלט ערשט נעכטן חתונה געהאַט. אירע שיינע שלאַנקע פֿיס זיינען פֿון דעם טאַנצנדיקן מין. פֿיס, וואָס האָבן זיך מסתמא געהויבן צום ריטם פֿון טאַנץ אין די אָרעמס פֿון איר בחור אין אַלע טאַנץ־זאַלן, אויף אַלע פּאַרטיעס. אירע נעגל זיינען נאָך רויט. אירע קליידער זיינען נאָך פֿון די קליידער, וואָס אַ ניו יאָרקער יונגע מיידל טראָגט. דינע, אָפּגעצויגענע, שטרייכן זיי אונטער יעדן בויג און יעדן קער פֿון איר קערפּער. איר אָראַנדזש־קאָליר היטעלע ליגט קאָקעטיש אויף איר יונגן קאָפּ. זי האָט אָבער ניט קיין מאַנטל, די דאָזיגע יונגע מאַמע.

זי האָט שוין ניט קיין גאַנצע שיך. אירע שיך זיינען צעריסן, אָבער די הויכע אָפּצאַסן זיינען נאָך גאַנץ און פֿעסט. זיצט זי איבערגעבויגן צו איר פּיצעלע אין דער גרינער קאָלדרע, און אירע הענט מיט די דינע וויינענדיקע פֿינגער וויגן דאָס, הויבן דאָס.

פֿון וואַנען קומט זי ? — פֿון אַ גאַס אין ברוקלין. ס'איז בעדפֿאָרד עוועניו, אָדער אפֿשר ראַלף עוועניו. זי קומט פֿון אַ גאַס, וואָס ציט זיך אויף מיילן און מיילן. מיילן און מיילן הייזער.

ווער איז זי ? זי איז איינע פֿון די צענדליקער טויזנטער, וואָס לאָבן אין די פּאַרקס, וואָס שטיפֿן אויף דעם ים־ברעג, וואָס לויפֿן אין די פּאַר־טאָגן צו די סאָבוועיס, וואָס יאָגן זיך אַרויס אין די פֿאַרנאַכטן פֿון די הויכע אָפּיס־מויערן.

ווער איז געווען איר מאַן ? איינער פֿון די צענדליקער טויזנטער, וואָס פֿילן אָן די ספּאָרט־סטאַדיומס, וואָס שפּילן באָל אויף די ברוקלינער גאַסן אַ פֿאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט אָדער אַ זונטאָג, ווען מען איז פֿריי.

אפֿשר האָט ער אויך געהאַט דינע וואָנצעלעך, און אפֿשר האָט ער אויך געטראָגן אַ דוירבי, ווען ער האָט געשפּאַנט מיט איר צו אַ טאַנץ, אָדער צו אַ פּאַרטי.

ווען זי האָט געקראָגן אירע געבורט־ווייען אין אַ שטאָטישן שפּיטאָל, האָט זיך איר מאַן ארונטערגעוואָרפן אונטער אַ לויפנדיגן סאַבוועי. איר געוועזענע לענדלעידי האָט איר דאָס דערציילט.

— קען דיין לענדלעידי דיך ניט האַלטן נאָך אַ פּאָר וואָכן?

ווי קען זי די לענדלעידי האַלטן, אַז זי האָט שוין פאַרדונגען דעם צימער צו עמיצן אַנדערש? זי איז ניט קיין שלעכטע פרוי, אָבער אַן אָרעמע. קוים וואָס זי קומט אַליין אויס.

— וואו זשע האָסטו גענעכטיגט?

— טאָקע ביי דער לענדלעידי, אָבער מער קען מען שוין ניט.

— וואו זשע האָסטו געגעסן?

שווייגט זי. זי האָט ניט געגעסן. און דער ריכטער נעמט זיך צום האַרצן, וואָס זי האָט נאָך ניט געגעסן. אַזאַ שיינע יונגע מאַמע האַלט אַ פּיצעלע קינד אין אַ קאַלדרע און האָט נאָך גאָרניט געגעסן. האָט מען געקענט דערוואַרטן, אַז זיין רחמנות צו איר וועט אים דערטראָגן אַזוי ווייט, אַז ער וועט איר גלייך שיקן אין אַ רעסטאָראַן. און רעסטאָראַנען זיינען דאָ אין ניו יאָרק אַזוי פיל. און אין די רעסטאָראַנען ברעכן זיך אַזש די טישן פון די פּילע געקעכצן און מאכלים.

— וואָס, דענקסטו, איז די אורזאַך פון זיין זעלבסטמאָרד?

— מורא געהאַט פאַרן קינד.

— מורא געהאַט פאַרן קינד?

ווי אַזוי זאָל זי דאָס דערקלערן? זיי האָבן חתונה געהאַט און מען איז געווען זייער אָרעם. נאָר זי האָט געאַרבעט, ער האָט ניט געהאַט וואו צו אַרבעטן.

— וואָס איז געווען זיין פּראָפעסיע?

— ניט געהאַט קיין פּראָפעסיע, אָבער ער איז אַ צייט געווען אַן אַשער אין פּאַראַמאַונט. איז אַז זי איז אַריין אין די הויכע מאָנאַטן, האָט זי אויך געמוזט אויפהערן צו אַרבעטן.

— וואָס איז געווען דיין אַרבעט?

— אויף אַ טאַיפּראַיטער. אַ שנעלע האַנט געווען, — פאַרגעסט זי ניט אין איר גרויסן טרויער זיך צו באַרימען, — און מיין מאַן האָט זיך די גאַנצע צייט געזאָרגט, ניט געהאַט קיין האָפענונג אויף אַ דזשאָב. זי האָט טאָקע דאָס צעטעלע.

— אַ וועלך צעטעלע?

— וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אויפן טיש.

אַן אומשולדיג שטיקל פּאַפּיר, אָפּגעריסן פון אַ שרייב־בוך. דער ריכטער לייענט ניט אין דער הויך דאָס צעטעלע. ער לייענט דאָס פאַר זיך.

זי זיצט אויפֿן עדות־שטול און דאָס קינד, אין דער גרינער קאָלדרע איינגעוויקלט, אויף איר שויס, און ווען דער ריכטער האַלט אין לייענען דאָס צעטעלע, קוקט זי צום קינד מיט אַ שמייכל אויף אירע ליפּן און מיט אַ געוויין אין אירע אויגן.

דאָס פּנים'ל פֿון קינד זעט מען ניט, נאָר מען זעט צוויי פֿאַרמאַכטע רויטע פֿויסטעלעך. ס'קען אפשר נאָך ניט אויסגלייכן די הענטעלעך. אָבער ס'ווילט זיך, אַז ביידע רויטע פֿויסטעלעך זאָלן דראָען דער וועלט פֿאַר אַלע פּיצעלעך קינדער, וואָס ווערן געבוירן אין אַזאַ ווילדער האָפֿענונגס־לאָזיגקייט.

אין שפּיטאָל איז זי געלעגן צוויי וואָכן און זי האָט זיך שוין עפּעס אָנגעשטויסן. מען האָט זי אָפּגענאַרט. מען האָט איר געזאָגט, אַז איר מאַן איז אַוועקגעפֿאָרן קיין באָסטאָן אויף אַ דזשאָב. און אַז מען האָט זי אַרויסגעלאָזט פֿון שפּיטאָל, איז זי געגאַנגען גלייך צו איר געוועזענער היים. איז שוין דער צימער געווען פֿאַרדונגען, און דאָרט האָט זי זיך שוין דערוואוסט.

— וואָס זשע וועסטו איצט טאָן?

זי ווייסט ניט. אָבער לאָז מען צונעמען איר קינד פֿון די הענט, וועט זי זיך מסתמא געבן אַן עצה.

דאָס קינד וועט מען צונעמען פֿון אירע הענט. אַזוי זאָגט דער ריכטער, הויבט זיך אויף פֿון זיין שטול און פֿאַרשווינדט הינטער דער זייטיגער טיר. דאָס האָט ער שוין פֿאַרענדיגט די פּרימאָרגן־סעסיע און איצטער וועט ער זיך אַ ביסעלע אָפּרוען אין זיין קאַמער.

די יונגע מאַמע מיטן קינד אין אירע הענט גייט אַרויס אין קאָרידאָר און זעצט זיך צו דאָרטן אויף אַ באַנק און וואַרט. אָט באַלד דאַרף קומען די פֿרוי פֿון קינדער־היים און צונעמען ביי איר דאָס פּיצעלע נפֿש'ל, דאָס פֿלייש פֿון איר פֿלייש, דאָס בלוט פֿון איר בלוט.

פֿילע טרויעריגע מאַמעס זיינען שוין דאָ געזעסן אויף דער דאָזיגער באַנק אין קאָרידאָר פֿון געריכט. די דאָזיגע טרויעריגע מאַמע אָבער דער־הויבט זיך מיט איר ווייטאָג איבער אַלע מאַמעס פֿון גאָר דער וועלט.

אירע אויגן וויינען ניט, אָבער אירע הענט וויינען. הענט וואָס וויגן אַ פּיצל באַשעפֿעניש, צוויי וואָכן אַלט, אין אַ גרינער קאָלדרע איינ־געוויקלט...

# אָנקל און פּלימעניק

דאָס געריכט־הויז ל־א־א־כט.

ס'איז אַ מעשה פון אַן אָנקל מיט אַ פּלימעניק. דער אָנקל איז 55 יאָר אַלט און דער פּלימעניק 25 יאָר אַלט. צוויי שונאים צוליב אַ מיידל. דער עולם זוכט מיט די אויגן דאָס מיידל, און מען קען זי ניט געפינען, ווייל זי זיצט טאַקע צווישן עולם און שעמט זיך.

אַז דער פּאָליסמאַן האָט געבראַכט דעם פּלימעניק פאַרן געריכט, אַלס דעם אָנגעקלאָגטן, און אַז דער אָנקל איז אַרויסגעקומען פון צווישן עולם, אַלס דער אָנקלאָגער, האָבן די פאַרזאַמלטע נאָך ניט געוואוסט, אַז זיי וועלן באַלד זיין די עדות פון אַ טראַגי־קאָמישן, טשיקאַוון ליבע־פּלאָנטער. זיי האָבן געזען, ווי דער פּלימעניק שטעלט זיך פאַרן ריכטער, אַ יונגער בחור מיט וואָנצעלעך, אַ דימענט־שפּילקעלע אויפן שיינעם שניפּס, און מיט געזונטע פּלייצעס, און מיט פייערדיגע אויגן, און מיט אַנדערע אַלערליי מעלות, וואָס אַ יונגערמאַן איז מיט זיי געבענטשט. נאָכדעם האָט מען געזען, ווי דער אָנקל קומט אַרויס פון עולם. אַ איד פון אַ יאָר 55, מיט פלאַכע פיס, אַ צעבראָסטעטן מאַנטל, שיטערע האָר אינמיטן שאַרבן, אָבער מיט אַ חנ'עוודיגן טשוביקל פון פאָרנט. דאָס פּנים ניט געגאָלט. די קנעפּלעך פון רעקל נאָכלעסיג פאַרשפּיליעט. אַ איד, וואָס גייט אַריין אין די עלטערע יאָרן.

— ער האָט מיר צעבראָכן דאָס פענצטער פון מיין שניידער־שאָפּ מיט אַ שטיין, — קלאָגט זיך דער אָנקל אויף זיין פּלימעניק, און ער נעמט אַרויס פון זיין קעשענע דעם שטיין, וואָס איז אַזוי גוט, ווי אַ שווער שטיק אייזן.

דער עולם קוועלט שוין — פאַרוואָס, איז נאָך ניט באַוואוסט. נאָר דער אופן, ווי ער האָט געוויזן דעם שטיין, זיין בראָנקסער אידישער ענגליש, זיין זשעסטיקולירן, מאַכט צום לאַכן.

דער ריכטער באַטראַכט דעם שטיין און שאָקלט מיטן קאָפּ. דער שטיין איז אים ניט געפעלן. און דער שניידער פרייט זיך, וואָס דער שטיין איז דעם ריכטער ניט געפעלן.

— פאַרוואָס האָסטו געוואָרפן אַ שטיין אין פענצטער פון דיין אָנקל'ס שניידער־שאָפּ?

— ווייל ער האָט אַוועקגענומען ביי מיר מיין געליבטע, — רופט זיך אָן דער יונגער פּלימעניק מיט אַ פינצטערן פּנים.

ביי די ווערטער איז געוואָרן אַ גרויס פרייד צווישן עולם, און אַלע

אויגן האָבן זיך איינגעגראָבן אין עלטערן שניידער מיט גרויס אָנערקענונג פאַר זיין בריה'שקייט צוזאַמען מיט א געליבטע ביי זיין יונגן פּלימעניק. אפילו דער ריכטער האָט געעפנט א מויל פון וואונדער. און דער אָנקל, פילנדיג, ווי ער איז געוואָרן מיטאמאָל אזוי פּאָפּולער, האָט זיך געגעבן א חנ'עוודיגן גלעט דאָס טשוביקל פון פּאָרנט.

— ביזט, הייסט דאָס, א דאָן זשואַן ? — פרעגט אים דער ריכטער אין שפּאָס.

— איך בין ניט קיין דאָן זשואַן, — טרייסלט זיך יענער אָפּ, — איך בין א שניידער, „קלינינג ענד דאַיאינג".

דער עולם גיט זיך אַזש א בויג איבער פון גרויס געלעכטער. דאָס מיידל לאַכט אויך. אָבער קיינער ווייסט נאָך ניט, אז דאָס איז זי. זי לאַכט, וואָס דער עולם קוועלט אָן פון איר חנ'עוודיגן געליבטן. א לעבן אויף זיין קאָפּ !

דער פּלימעניק דערציילט, א פינצטערער, ווי אזוי ער האָט זיך מיט דער מיידל (זי איז א קריסטלעכע) געטראָפן אין די קעטסקיל-בערג, און ווי אזוי זיי האָבן זיך געשוואוירן אייביגע ליבע, און ווי אזוי זיי האָבן אָפּגעמאַכט, אז זיי זאָלן אין א יאָר ארום חתונה האָבן, נאָר דערווייל זאָל זי געפינען א דזשאָב אין ניו־יאָרק. האָט ער איר טאַקע געפונען א דזשאָב ביי זיין אָנקל אין שניידער־סטאָר. גיי ווייס אָבער, אז ס'וועט זיך מאַכן אזא זאַך ! ער האָט אָנגעהויבן צו דערשמעקן, נאָך העט פריער, אז ס'איז ניט גלאַט. אָבער היינט גאַנץ פרי, ווען ער האָט גערעדט מיטן מיידל, האָט זי אים א זאָג געטאָן אָפּן, אז שוין — זי וויל שוין מיט אים ניט חתונה האָבן, ווייל זי האָט ליב זיין אָנקל.

דער ריכטער רופט אויף ארויס דאָס מיידל. און זי הויבט זיך אויף פון צווישן עולם, און איר פּנים פלאַמט פייערדיג רויט. זי גייט ווי צווישן בליצן. מען בליצט אויף איר פון אַלע זייטן. זי פילט דעם שאָטן פון די בליצן אויף איר פּנים. זי שטעלט זיך לעבן אָנקל. זי גיט א קוק אויף אים, און אַלע, וואָס האָבן איבערגעכאַפּט איר קוק אויף אים, ווייסן שוין, אז זי האָט אים טאַקע ליב.

הויבט מען אָן אויפמערקזאַם צו באַטראַכטן דעם אָנקל און מען שטודירט זיין פּערזאָן. געפינט מען גלייך אויס, אז ער פאַרמאָגט אָן א שיעור שפּילעוודיגקייט אין זיינע ברוינע גרויסע אויגן. מען אַנטדעקט גלייך, אז ער האָט אויך א חן־גריבעלע אין דער רעכטער באַק. אמאָל האָט דאָס חן־גריבעלע געדאַרפט זיין דאָס אמת'ע חן־גריבעלע, אָבער איצ־טער איז דאָס שוין א ביסעלע פאַרעלטערט געוואָרן. מען שטויסט זיך אויך אָן פון זיין טשוביקל, וואָס איז אמאָל געווען הפקר'דיג, אז ער האָט

געדאַרפט זיין פון די בחורים, וואָס מאַכן אומרואיק מיידלשע הערצער. זיין שטימע איז אַ זיידענע, אַ גלעטנדיקע.

קוקט מען אויפן פּלימעניק, זעט מען, אַז ער איז טאַקע אַ יונגער, אָבער אַ האַרטער, אָן אַ טראָפּן שפּיל, אַ גאַר, ניט קיין בויגעוודיקער, אַזאַ שטעכיקער, ווי זיינע שטעכיקע קליינע וואָנצעלעך.

— איז אמת, וואָס ער האָט געזאָגט? — פרעגט דער ריכטער ביים מיידל.

זי ענטפערט ניט, לאָזט אַראָפּ די אויגן. און זי איז אַ שיינע, די מיידל. אַרום 20 יאָר אַלט, אַ פולע, אַ קיילעכדיקע מיט פיל מוטערלעכקייט.

דער ריכטער האָט דווקא קיין צייט ניט, ווייל ס׳וואַרטן פיל אַרעס־טירטע, אָבער אים אַליין טוט אויך הנאה דער עסק. דער ריכטער איז אויך אַ מיטליאַריקער, און ער האָט ליב דעם אָנקל. דער גאַנצער עולם האָט ליב דעם אָנקל. דער אָנקל ווייסט, אַז מען האָט אים ליב. שפּילט ער מיט די אויגעלעך, קוקט מיט אַ האַלב פּנים אויפן ריכטער און גאָנערט זיך.

פון די ווייטערדיקע ענטפערס ווייזט זיך אַרויס גאַנץ פּשוט, אַז זי האָט ליב באַקומען דעם אָנקל, און גייט טוט איר עפּעס, און זי וויל ניט חתונה האָבן מיטן פּלימעניק. דער פּלימעניק פּרובירט אינסיניואירן געגן דעם אָנקל, אַז יענער האָט שוין באַגראָבן צוויי ווייבער, און אַז ער איז שוין אַ זיידע, און אַז ער דאַרף זיך שעמען אין זיין ווייטן האַלז. דער אָנקל שעמט זיך אָבער ניט אין זיין ווייטן האַלז. ער פאַרזשמורעט זיך די ברוינע אויגעלעך און שמייכלט זיך מיט אַ פאַרבאָרגענעם שמייכעלע.

דעם פּלימעניק האָט מען איינגעזעצט אין טורמע פאַרן שטיין, וואָס ער האָט געוואָרפן. דער אָנקל מיטן מיידל זיינען אַרויסגעגאַנגען אינ־דרויסן. איך האָב זיי נאָכגעפאָלגט. זיי זיינען געגאַנגען צום סאָבוועי. איז דער אָנקל געגאַנגען זיך גיך מיט זיינע פלאַכע פיס און איר דערציילט עפּעס קאָמישעס. זי איז אים נאָכגעלאָפן און געלאַכט, און גע־ל־אַ־כ־ט...

# דאָס מעוברת׳דיג מיידעלע

דער ריכטער איז הויך, שלאַנק, מיט גרויע האָר, און פיינע קליידער. ער רעדט זייער שטיל, אַזוי שטיל, אַז אַלע „סאָשעל־וואָרקערס" דאַרפן צובויגן צו אים די אויערן, זיי זאָלן הערן, וואָס ער רעדט.

פון זייער סוד׳ען זיך האָב איך אַלעמאָל געהערט דעם אויסרוף: „פּור טשאַילד", אָרעם קינד, אָרעמס.

דער ריכטער האָט באַפוילן דעם קלוירק, ער זאָל אַריינברענגען דאָס מיידל, וועגן וועלכער זיי האָבן גערעדט מיט אַזוי פיל סימפּאַטיע.

עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַנעגער־מיידל, אַ קינד נאָך. צוועלף יאָר איינגאַנצן אַלט. זי קען שוין נישט שפּאַנען ווי אַ נאָרמאַל קינד. זי האַלט זיך צו ביי דער וואַנט. אירע ליפּן זיינען פאַרברענט, איר דאַר העלזל איז אויסגעצויגן. זי האַלט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און שעמט זיך שטאַרק, ווייל איר בויך איז זייער הויך. זי איז טראַגעדיג, דאָס יונגע שוואַרצע מיידל מיטן קינדערשן, דאַרן פאַרשפּיצטן פּנים׳ל.

זי האָט מיך דערמאָנט אין אַ יונגער ציג ביי אונז אין שטעטל, וואָס איז געווען טראָגעדיג, און זי איז אומגעגאַנגען איבער די גאַסן מיט אַ דאַר העלזל, מיט דינע פיסלעך און מיט אַ גרויסן בויך.

זי האָט אויך געהאַט דינע פיסלעך, דאָס נעגער־מיידל. מחמת איר בויך איז ביי איר געווען זייער הויך, איז איר קליידל קורץ געוואָרן אויף איר און ס׳האָבן זיך אַרויסגעזען אירע אויסגעדאַרטע ברוין־הויטיגע קני. זי האָט זיך געמוזט צוזעצן אויף אַ בענקל, איידער זי איז דערגאַנגען צום ריכטער.

די איירישע דיקע פרוי, די „סאָשעל־וואָרקער", איז צו צו איר מיט גרויס סימפּאַטיע, זי אָנגענומען אַרום דער טאַליע און מיט גרויס מאַמעש־קייט זי צוגעפירט צום ריכטער. אַ קלוירק האָט איר געבראַכט אַ בענקל. איר מאַמע איז אין דער מינוט אָנגעקומען. אַ נידעריגע, אויסגעצערטע נעגער־פרוי מיט גרויע האָר. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף איר טאָכטער מיט גרויס פאַרצווייפלונג, אַריינגענומען איר פּנים אין די הענט, געשאָקלט זיך אַהין און אַהער און געוויינט אינדערשטיל.

פון דעם, וואָס דער ריכטער האָט אויסגעפרעגט דער מיידל, און פון דעם, וואָס די מאַמע האָט דערציילט, און פון דעם, וואָס די „סאָשעל־

וואָרקער" האָט באַריכטעט, און פון דעם, וואָס זיי האָבן אַלע ניט דערזאָגט, האָט זיך אויפגעשטעלט אַזאַ בילד:

זי וואוינט אין האַרלעם, און זי מיט דער מאַמען הונגערן. פאַר אַ לענגערער צייט, אַז דאָס מיידל האָט שוין ניט באַזוכט די שול, ווייל זי האָט ניט געהאַט קיין שיך.

אין דער געגנט, וואו זי וואוינט, זיצן מיידלעך לעבן די פענצטער, און אַז זיי דערזעען דורכגיין מענער, קלאַפּן זיי מיט די פינגער אין די שויבן און ווינקען מיט די אויגן.

זי איז אויך געזעסן לעבן פענצטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסן, אָבער זי האָט ניט געקלאַפּט מיט די פינגער אין די שויבן און האָט ניט געוואונקען, ווייל זי איז דאָך אַ קינד. זי האָט נאָר צוגעקוקט, ווי די אַנדערע מיידלעך אָקעגנאיבער טוען דאָס. זי האָט אויך געזען, אַז יענע מיידלעך טראָגן שיינע קליידער, לאַכן שטענדיג, שלאָפן ביז שפּעט אין טאָג און עסן גוטע זאַכן.

די מוטער האָט געלעבט פון רעליף. ס'הייסט, זי האָט געלעבט ביז וואַנעט מען וועט איר געבן רעליף. זי האָט אָנגעגעבן אַן אַפּליקאַציע, און זי איז אַלע טאָג געגאַנגען געוואוירע ווערן, צי מען האָט איר אַפּליקאַציע אָנגענומען.

איינמאָל, ווען די מוטער איז אַוועקגעגאַנגען צום רעליף־אָפּיס און זי איז געזעסן ביים פענצטער און אַרויסגעקוקט, איז איר איינגעפאַלן. אַז זי זאָל אויך קלאַפּן מיט די פינגער אין די שויבן. מעגלעך, אַז זי האָט געמיינט בלויז אויף אַ שפּאַס. ווי געוויינטלעך, קינדער האָבן שטענדיג ליב נאָכצוטאָן די גרויסע. האָט זי געזען דורכגיין אַ מיטליאָריגן ווייסן דזשענטלמאַן, האָט זי צו אים געקלאַפּט מיט די פינגער און געוואונקען צו אים מיט די אויגן. זי האָט זיכער געמיינט, אַז יענער וועט זיך אפילו ניט אומקוקן אויף איר. ווי דערשטוינט איז זי אָבער געוואָרן, אַז יענער קוקט זיך יאָ אום, שמייכלט צו איר און לאָזט זיך אַרויפגיין די טרעפּ.

זי האָט אים ניט געוואָלט אַריינלאָזן. זי איז געווען דערשראָקן, ווייל זי איז אַליין, און די מאַמע איז נאָך אויך נישטאָ. דער ווייסער דזשענטל־מאַן אָבער איז געווען, ווייזט אויס, זייער אַ דערפאַרענער בעל־תאוה'ניק, און ער האָט זי מיט גוטע רייד, און דער עיקר מיט 3 דאָלער, באַצוואונגען.

פון דעמאָלט אָן האָט זי שוין מערער דעם ווייסן דזשענטלמאַן ניט געזען. זי האָט אויך מורא געהאַט אויסצוזאָגן דער מאַמען, אַז זי האָט 3 דאָלער. זי האָט טאַקע די 3 דאָלער געהאַלטן שטענדיג ביי זיך און קיינמאָל זיי ניט אויסגענוצט...

דער ריכטער האָט שוין דאָ גאָרניט געהאַט וואָס צו באַשטימען, אָדער

זי פאַראורטיילן. זי איז שוין פאַראורטיילט. ער קוקט אויף דער קינד־פרוי און ווייסט איר גאַרניט וואָס צו זאָגן. ער קאָן בלויז אונטערשרייבן די פאַראָרדענונג, אַז מען זאָל זי אַריינגעבן אין „הויז פון קליינע מאַמעס". און דאָרטן זאָל שוין דאָס קינד־מיידל אַנטבונדן ווערן.

פירט זי די איירישע „סאָשעל־וואָרקער" מיט פיל מאַמשדיקייט צו דער גאַס, וואו עס וואַרט דער אויטאָמאָביל פון דעם „הויז פון קליינע מאַמעס".

דער אויטאָמאָביל טוט זיך אַ ריס און יאָגט אוועק. די מאַמע פון דעם דאָזיגן מיידל, זי שטייט אויף דער גאַס און קוקט אין דער ריכטונג, וואוהין דער אויטאָמאָביל איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

זי קוקט און וואונדערט זיך, און וואונדערט זיך...

# זי האָט אים קוים געפּאַקט

(אין אַן איסט־סאַידער געריכט)

זי איז צעטומלט, און ער שמייכלט מיט אַ גאָלדענעם צאָן. זי איז אומרואיג, זי איז פול מיט פאַרדאַכט, און ער שטייט זיך ווי אַ לײב און לאַכט.

זי איז אַ דיקלעכע און אַ פולע אידענע, אַ פאַרשעמטע, אַ צעטראָגענע, און ער — אַ דאַרינקער און אַ זשוואַווינקער, שפּעט אָפּ פון דער גאַנצער געשיכטע. זי היט אים, זי לאָזט ניט אַראָפּ קיין אויג פון אים. זי האָט, ווייזט אויס, מורא, אַז ער וועט אַנטלויפן.

אַ סך שכנות זיינען זיך צונויפגעקומען אין געריכט־זאַל. ס'איז זיי זייער משיקאַווע דער ענין. אַזוינע פּאַסירונגען טרעפן זיך איינמאָל אין אַ יובל.

— סעם גאָלדשטיין, דערקלערסט זיך שולדיג? — פרעגט דער קלוירק.

— ס'איז אַ ליגן, — שרייט די פרוי, — ער הייסט ניט סעם, ער הייסט לואי, און ניט גאָלדשטיין, נאָר קאַפּלאַן.

לאַכט דער דאַרינקער מאַן צום קלוירק, ווי איינער רעדט: „זי וועט מיר גיין זאָגן, ווי איך הייס!"

— דערקלערסט זיך שולדיג?

—ניין, — ענטפערט ער, און ס'איז אים פריילעך.

— לאָך, לאָך לואי, — רופט זי זיך אָן צו אים אין אידיש. — ס'וועט שוין באַלד נעמען אַ סוף צו דיין געלעכטער.

לאַכט ער ווידער און וויל זיך אפילו ניט אומקוקן אויף איר.

מען שווערט־איין די פרוי. זי גייט אַרויף אויפן עדות־שטול, אַ פּייערלעכע, פול מיט האָפענונגען, אַז באַלד איז זי שוין אַ געהאָלפענע. שווערט זי פרום און היילינ, אַז אַלץ, וואָס זי וועט זאָגן, וועט זיין בלויז דער אמת. זי הויבט אָן:

— שוין צען יאָר, אַז ער איז אַנטלאָפן און מיך איבערגעלאָזט, ווי אויפן וואַסער (זי דערציילט אין אידיש פאַר אַן איבערזעצער). איך האָב נאָך געוואוינט אין בראָנזוויל, ווען ער האָט מיך איבערגעלאָזט. איך האָב אים געזוכט אומעטום, און אַנדערע גוטע מענטשן האָבן מיר געהאָלפן אים זוכן. היינט גיי איך אַזוי אויף ריווינגטאָן סטריט עפּעס איינקויפן, דערזע איך אים פּלוצלונג. בין איך צוגעלאָפן און אים אָנגעכאַפּט ביים

רעקל. הויבט ער זיך אָן צו רייסן פון מיר. אָבער, דאַנקען גאָט, אַבי איך האָב אים געבראַכט צום ריכטער, און לאָז דער ריכטער אַליין שוין זען.

מען שווערט־איין דעם אַנטלאָפּענעם. ער גיט אָן דעם סטענאָגראַפער זיין נאָמען: סעם גאָלדשטיין.

— ניט סעם גאָלדשטיין, נאָר לואי קאַפּלאַן, — מישט זיך די פרוי אריין.

לאַכט דער מאַן. ער לאַכט צום ריכטער, ער לאַכט צום סטענאָגראַפער, ווי איינער זאָגט: „אַזאַ מין אָנשיקעניש."

— וואָס לאַכסטו? — געפעלט ניט דעם ריכטער, וואָס יענער לאַכט.

— פאַרוואָס זאָל איך ניט לאַכן, — מאַכט יענער אין אַן אידישן ענגליש, — אַז איך גיי מיר אויף דער גאַס, ווי פּלוצלונג כאַפּט מיך אָן אַ פרעמדע פרוי ביים רעקל און הויבט אָן צו שרייען, אַז איך בין איר מאַן, און איך האָב זי אויף מיין לעבן קיינמאָל ניט געזען און ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן.

— וואָס? דו ביזט ניט מיין מאַן? קוק מיר גלייך אין די אויגן! — שרייט די פרוי און איז פאַרצווייפלט, וואָס יענער לייקנט גאָר שטיין־און־ביין.

— אָבער וואָס פּלוצלונג האָט זי גראַדע דיך געכאַפּט? — איז דער ריכטער אויך אין אַ פאַרלעגנהייט.

— אָט דאָס, וואָס איך וויל אויך וויסן, — לאַכט דער סעם גאָלד־שטיין.

— ביזט זיכער, אַז דאָס איז דיין מאַן? — איז דער ריכטער שטרענג צו דער פרוי.

— זיכער, ווי היינט איז מאָנטאָג אויף דער גאָרער וועלט, — מאַכט זי אין אידיש.

— מיט וואָס קענסטו באַווייזן, אַז ער איז דיין מאַן?

— וואָס הייסט, מיט וואָס? — פאַרשטייט זי ניט, וואָס זי דאַרף נאָך באַווייזן. — איך ווייס ניט, ווער מיין מאַן איז?

— אָבער, ווי דו זאָגסט, זיינען דאָך שוין פאַרלאָפן צען יאָר?

— ס'איז גאָרנישט, איך וועל אים דערקענען אפילו אין דער פינצטער.

דער עולם צעלאַכט זיך, וואָס זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט אים דער־קענען אפילו אין דער פינצטער. די פרוי באַמערקט ניט, ווי מען לאַכט פון איר. זי איז פאַרפאַליעט, צעפלאַמט. גאָט האָט איר געהאָלפן, זי האָט אים קוים געפאַקט, דעם אויסוואורף, נאָך אַזוי פיל יאָרן, וועט זי אים שוין ניט אָפּלאָזן.

— אָבער באַווייזן האָסטו ? — פרעגט זי דער ריכטער. — א הייראַט־סערטיפיקאַט, א לאַיסענס ?

— אוודאי האָב איך, — דערפרייט זי זיך, — איך האָב דאָס אין דער היים.

דער ריכטער לייגט אָפּ דעם פּראָצעס אויף א פּאָר שטונדן און הייסט איר לויפן ברענגען דעם הייראַטס־סערטיפיקאַט. אָבער זי בלייבט שטיין אַן אומעטיגע און רירט זיך ניט פון אָרט.

— וואָס־זשע גייסטו ניט אַהיים ברענגען די לאַיסענס ? — וואונדערט זיך דער ריכטער.

— איך האָב מורא, ער זאָל ניט אַנטלויפן, — ציינט זי אויפן מאַן, און איז זייער פאַרזאָרגט.

— ער וועט ניט אַנטלויפן, — לאַכט דער ריכטער און טרייסט זי.

זי לאָזט זיך אַרויסגיין, אָבער אַלע מאָל דרייט זי אויס דעם קאָפּ אויף צוריק, צו זיין זיכער, אַז „איר" מאַן איז נאָך ניט אַנטלאָפן. כדי זיך טאַקע צו באַוואָרענען, אַז זי זאָל זיין אינגאַנצן זיכער, רוימט זי עפּעס איין א סוד איינער פון די שכנות, וואָס זיצן אין געריכט־זאַל. יענע זאָגט איר צו.

ס'האָט לאַנג ניט געדויערט, און די פרוי איז צוריקגעקומען א פאַר־סאָפּעטע און אַן אומרואיגע. דאָס ערשטע, וואָס זי האָט געוואָלט וויסן, אַז זי איז צוריק אַריין אין געריכט־זאַל, איז, צי יענער איז נאָך דאָ. יאָ, ער איז דאָ, ער זיצט זיך אויף א באַנק צווישן אַלע אַרעסטירטע און לאַכט שוין ניט מער. ער זיצט אַן אומעטיגער, פול מיט פאַרדראָס.

די פרוי וואַרט, ביז מען וועט זי נאָכאַמאָל רופן. זי זיצט צווישן אירע שכנות א פלאַטערנדיגע, א פאַרווייטאָגטע, פול מיט האָפענונגען, אַז אפשר איז זי שוין אויפגעריכט געוואָרן. זי גיסט דערווייל אויס איר האַרץ פאַר די שכנות, דערציילט זיי, ווי אַזוי זי האָט חתונה געהאַט, ווי אַזוי ער האָט איר געשוואוירן אייביגע ליבע, וואָס פאַר א פיין הויז זי האָט געהאַט, ווי גליקלעך זי איז געווען, און ווי אַזוי ער איז פּלוצלונג פאַר־שוואונדן געוואָרן.

מען רופט אויס איר נאָמען. זי לאָזט זיך גיין מיט אַן אָפּגעבליאַקע־וועטן הייראַט־סערטיפיקאַט.

דער ריכטער לייענט איבער דעם סערטיפיקאַט.

— דיין אונטערשריפט ? — ווענדעט ער זיך צום מאַן.

— אוודאי איז דאָס ניט מיין אונטערשריפט ! — צעלאַכט זיך יענער, און כדי צו איבערצייגן, אַז ער איז גערעכט, כאַפּט ער באַלד א פּאַפּיר און שרייבט אַן זיין נאָמען.

דער ריכטער באַטראַכט דאָס שטיקל פּאַפּיר מיט זיין ערשט־אָנגע־שריבענעם נאָמען, צעשמייכלט זיך אויף און רופט זיך אָן מיט א לייכטן חוזק:

— וועל, מיין ליבע פרוי, דאָס מאָל האָט איר געמאַכט א טעות. דאָס איז ניט אייער מאַן.

— וואָס הייסט, ער איז ניט מיינער? ער איז דאָך יאָ מיינער, ס'איז דאָך לואי. איך וועל אים ניט דערקענען?

מען לאַכט אין געריכט־זאַל. דער מאַן רוקט זיך אַרויס. די פרוי יאָגט אים נאָך. אַלע שכנות יאָגן אים נאָך. אינדרויסן כאַפּט ער א טעקסי און אַנטלויפט. זי שעלט אים, זי זידלט אים, זי שרייט אויף א קול:

— כאַפּט אים, דעם אויסוואורף, כאַפּט אים!...

# די קליינע דאַמעלע

זי האָט א קינד, א קינד האָט זי. וואָס וויל מען פון איר? זי איז א מאַמע, א מאַמע איז זי. וואָס וויל מען פון איר?

זי איז א קליין דאַמעלע אויף הויכע אָפּצאַסן, און כדי ס'זאָל זיך דאַכטן דער וועלט, אַז זי איז זייער א הויכע, האַלט זי אירע אַקסלען אויפֿגעהויבן.

זי טראָגט א גרויסן קיילעכדיגן הוט מיט ברייטע פֿאַלעס. פון שטרוי איז דער הוט, מיט טוויזנטער פיצעלעך לעכעלעך, פֿאַלט דער שאָטן פון די לעכעלעך אויף איר פּנים און מאַכט דאָרטן רעדעלעך און פּינטעלעך.

א קאַפּטל פון דורכזיכטיגן ווייסן טיול מיט קורצע אַרבל. אירע אָרעמס זיינען ווייס און צאַרט, לעבן די עלנבויגנס — גריבעלעך. די הויט פון איר פּנים איז אויך ווייס און צאַרט. אירע אויגן זיינען גרויס און בלוי.

זי איז א מאַמע. נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל חזר'ט זי איבער די ווערטער. זי איז א מאַמע און פאַרמאָגט א אינגעלע פון א יאָר 6. דאָס אינגעלע איז אין איר געבורטס־שטאָט אין פּענסילוועיניע סטעיט ביי איר מאַמען. זי שיקט צו וועכנטלעך איר מאַמען 8 דאָלער אויף אויסצוהאַלטן איר אינגעלע, ווייל איר מאַמע איז אַן אָרעמע פרוי, אַן אלמנה. זי אַליין, זאָגט זי, איז א וועיטערקע. א וועיטערקע אין א רעסטאָראַן. זי האָרעוועט שווער צו מאַכן א לעבן. וואָס וויל מען פון איר?

די קליינע דאַמעלע זיצט אויף א בענקל פאַרן געריכט־טיש. איר ברוסט הויבט זיך און פאַלט שנעל און האַסטיג. מיט אירע שיינע קליינע הענטלעך פאַרדעקט זי איר פּנים און בלייבט שוין אַזוי זיצן די גאַנצע צייט, ווען דער דעטעקטיוו דערציילט זיין געשיכטע.

דער דעטעקטיוו — א זעקס־פוסיגער, א ברייטער, מיט א האַלז, וואָס שוויצט אויף סכנות. ער האָט זיך אונטערגעלייגט א טיכל אונטערן קאָלנער, איז דאָס געוואָרן תיכף נאַס. דאָס רעקל צווישן די פּאַכוועס איז אויך געווען פּיטש נאַס. זיינע גרויסע רויטע דלאָניעס מיט די גראָבע פינגער זיינען אויך פייכט. זיינע אויגן געמיין, פאַרצויגן בלומרשט מיט א הייטל פון לייטישקייט. איז אָבער דאָס הייטל זייער דין, און די געמיינקייט פּליסט אריבער. ער האָט ניט קיין ברעמען. זיינע האָר פון קאָפּ אָפּגעשטשיפּעט דאָ און דאָרט.

אויף בראָדוועי האָט ער זי באַגעגנט מיט דעם גרויסן שטרויענעם הוט און ער האָט גלייך פאַרשטאַנען, ווער זי איז (טאָקע נאָר זיין פּראָ־

פּעסיאָנעל אויג האָט געקענט באַמערקן ווער זי איז. דעם דורכשניטלעכן בירגער וואָלט עס אפילו אויפן געדאַנק ניט געקומען). זי האָט אויף אים געקוקט און געשמייכלט. ער האָט אָבער געשוויגן. האָט זי אים געפרעגט:

— איינינקער אַליין?

האָט ער געענטפערט:

— איינינקער אַליין.

האָט זי אים געזאָגט:

— קום זשע מיט מיר, וועסטו שוין ניט זיין איינער אַליין.

זיינען זיי ביידע געגאַנגען איבער דער גאַס און געשוויגן. האָט זי ווייטער זיך אָנגערופן:

— דו ביזט אַזאַ אומעטיגער, טייערער. קום אַרויף אין מיין הויז, וועלן מיר מאַכן אַ פּאַרטי פאַר צוויי.

איז ער אַרויפגעגאַנגען צו איר אין הויז. האָט זי אויפגעדרייט די ליכט און צו אים געזאָגט:

— דו שווייגסט נאָך אַלץ, אפשר ווילסטו עפּעס?

האָט ער געענטפערט:

— ניין, איך וויל גאָרניט.

האָט זי אים געזאָגט:

— אפשר ווילסטו מיך?

האָט ער ווידער געשוויגן. (צוליב וואָס האָט ער געדאַרפט דערציילן דעם ריכטער, אַז ער האָט געשוויגן? מסתמא דערפאַר, ווייל ער האָט געוואָלט אונטערשטרייכן איר שולד, אַז ער האָט איר גאָרניט פאַרגעלייגט, נאָר זי האָט אים פאַרגעלייגט.)

קוקנדיג אויף דער קליינינקער פרוי, — אַזאַ ריינע, אַ ציכטיגע, אַ פּאַרטרויערטע; קוקנדיג אויף דעם דעטעקטיוו־פּאַרשוין, מיט די נאַקעטע ברעמען, גלויבט זיך גאָרניט, אַז זי האָט צו אים אַזוי גערעדט, אַז זי האָט זיך פאַרגעלייגט פאַר אים.

דערציילט ער ווייטער. האָט זי אים ווידער געזאָגט:

— זאָל איך זיך אויסטאָן פאַר דיר?

האָט ער נאָך אַלץ געשוויגן, און זי האָט זיך גלייך גענומען אויסטאָן פאַר אים. איז זי געבליבן שטיין אַ נאַקעטע פאַר אים און צו אים זיך אָנגערופן:

— דו זעסט מיין קערפּער? קענסט אים קריגן פאַר 5 דאָלער.

ביי די ווערטער האָט ער זי גלייך אַרעסטירט.

עס איז שטיל אין געריכט־זאַל. אַלע שווייגן. דער ריכטער ווישט די אויגן־גלעזער. די קליינינקע פרוי זיצט נאָך אַלץ אַנגעבויגן, איר פּנים

פּאַרגראָבן אין די הענט. אַ שוידער קריכט אַרויס פון דער פּאַרהאַקטער טיר, וואָס פירט צו דער געפענגעניש. די אַמעריקאַנער פאָן הענגט פונקט אַנטקעגן אויף אַ פּראָמינענטן פּלאַץ. דורך די אָפענע פענצטער רייסט זיך אַריין דאָס האַקן און בריאַזגען פון אַ שטאָט, וואָס גייט אָפּ מיט שווייס. דער ריכטער ווישט זיך די גלעזער זייער טיכטיג, און ס'ווייזט זיך אויס, אַז ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אין דער קליינער דאַמעלע, וואָס האָט פאַרבאַהאַלטן איר פּנים.

און אַז זי האָט אויפגעדעקט דאָס פּנים, איז איר פּנים געווען נאַס פון טרערן. דער דעטעקטיוו האָט זי געקרייציגט פאַר אַלעמען אין די אויגן, און זי האָט זיך דערוויל שטילינקערהייט געוויינט, אַזוי פאַר זיך.

— וואָס ווילסטו זאָגן ?

זי זאָגט, אַז זי איז אַ מאַמע, זי האָט אַ אינגעלע פון 6 יאָר. זי איז אַ וועיטערקע אין אַ רעסטאָראַן. און אַלץ וואָס דער דאָזיגער פאַרשוין האָט דערציילט וועגן איר, איז אַ ליגן, אויסגעטראַכט. ער האָט זי פאַר־פאָלגט, האָט זי אים אָוועקגעטריבן. נעמט ער גאָר און אַרעסטירט זי.

דער דעטעקטיוו צעשמייכלט זיך מיט אַ נאַסן שמייכל. עס רינט אים אַרויס אַ דין סטרונעלע סלינע. דער ריכטער פרעגט אים:

— האָסט עפּעס אַ באַוויז ?

יאָ, ער האָט. אַ געבורטס־צייכן, אַן אַנוואוקס אַזאַ האָט ער באַמערקט אונטער איר ברוסט.

— איז דאָס אמת ? — פרעגט דער ריכטער.

דאָס ווייבעלע שווייגט. פאַרמאַכט די אויגן און שווייגט.

— איז דאָס אמת ? — פרעגט דער ריכטער נאָך אַמאָל.

די פרוי איז בלאַס. דאָס בלוט אין איר פּנים אַנטלויפט אין האַלז־און־נאַקן. גיט דער ריכטער אַ וואונק צו אַ געריכט־אָנגעשטעלטער, אַ הויכע, פרוי, אַן אײרישע, מיט גרויע האָר. פירט מען די קליינינקע דאַמעלע אַוועק אין אַ זייטיגן צימער, און דער ריכטער וואַרט דערוויל.

אין דעם זייטיגן צימער טוט מען אויס נאַקעט די קליינע דאַמעלע. דאָס געזעץ וויל וויסן דעם אמת. שטיל איז אין זייטיגן צימער. דורך די אָפענע פענצטער טראָגט זיך אַריין דער געברום פון דער שטאָט ניו־יאָרק, אַ משוגענער געברום. מען האַקט, מען בריאַזגעט, מען גרילצט. עס מאָלט גיך, אַלע זיפּצן פון די געפּייניגטע, אַלע קרעכצן און ווייז־אויסגעשרייען ווערן פאַרשלונגען אין דעם משוגענעם געברום.

די אײרישע פרוי קומט צוריק אַריין. דאָס קליינע דאַמעלע נאָך איר. די אײרישע פרוי זעצט זיך אויפן עדות־שטול און שווערט, אַז אַלץ, וואָס

זי האט געזען, ווען זי דערציילן, דעם אמת. און דער אמת איז, אז יענע האט מאכע אזא צייכן אויף דעם פלאץ, וואס דער דעטעקטיוו האט געזאגט.

— מיין קינד, מיין אינגעלע! — וויינט זי פארן ריכטער.

דאס קליין רייז, ציכטיג דאמעלע גייט אין געפענגעניש אריין. דער אקט פון גערעכטיגקייט איז אפגעטאן געווארן.

— נעקסט!

און דער משוגענער געברום פון ניו־יארק קייקלט זיך דורך די פענצטער. עס בריאזגעט, עס טראסקעט, עס גרילצט. עס מאלט גיך, גיך...

# דאָס שולדיג שליסעלע

זי טראָגט ברילן, און אַ לאַנגן שווארצן מאַנטל ביז אין דער ערד, און אַליין איז זי אַ קליינינקע, אַ קיילעכדיגע, מיטל־יאָריגע פרוי, אַן אַלמנה. זי איז ניט קיין בייזע, ניט קיין שלעכטע. פאַרקערט, וואָלט זי נאָר געהאַט, וואָלט זי געגעבן, אָבער זי האָט ניט. אַן אַלמנה מיט טרויעריגע ברילן.

דער באַרדער איז פעט. רויטע פּעמפּיקעוואַטע באַקן, אָנגעפּאַקטע פּלייצעס, און מען גלויבט גאָרניט, אַז ער איז הונגעריג. און אַז מען גלויבט אים שוין יאָ, איז דער רחמנות צו אים נאָך גרעסער איידער צו אַ הונגעריגן, אויסגעדאַרטן מענטשן. ער באַלעקט די ליפּן, ווען זיין מיסעס דערציילט, וואָס פאַר אַ גרויסע „סטעיקס” זי פּלעגט אים פּרעגלען.

— ס'איז אמת, — שאָקלט ער ערלעך צו מיטן קאָפּ, — אַלץ וואָס זי דערציילט איז אמת.

— די גאַנצע צרה מיט אים איז דאָס, וואָס ער איז פויל, — פאַר־קלאָגט זי אים פאַרן ריכטער. — מען דאַרף זוכן און זוכן, זאָג איך אים, ווּעט מען געפינען אַרבעט.

— און איך האָב גראָדע יאָ געזוכט, — שלאָגט ער איר איבער, — אָבער אַז ס'איז ניטאָ, — צעשפּרייט ער ביידע הענט, — ניטאָ, כאָטש לייג זיך אַוועק און שטאַרב.

זיי זיינען ביידע אידן און רעדן דווקא פליסיג ענגליש, אָבער דער ענגליש איז אַ פּינקטלעכע איבערזעצונג פון אַ פּוילישן אידיש.

— וואָס איז דיין טרעיד? — פרעגט דער ריכטער.

— אַ זייגערמאַכער, — ענטפערט די מיסעס פאַר אים, און ער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

זי האָט נאָך באַרדערס אַ חוץ אים, אָבער ער איז געווען דער סטאַר. 12 קיילעכדיגע יאָר געוואוינט ביי איר, און סוף כל סוף האָט זי געמוזט אים אַרויסשטעלן, מחמת, וויפיל איז דער שיעור?...

— פאַרקערט, — מאַכט זי זייער אויפריכטיג, — ווען איך בין נאָר פאַרמעגלעך, וואָלט איך אים דען געהייסן זיך אַרויסקלייבן? איך וואָלט אים געהאַלטן ביז ס'וואָלט אים געוואָרן בעסער.

— זי איז זייער אַ גוטהאַרציגע פרוי, — מאַכט ער מיט אַ פּאָר ערלעכע אויגן.

— איז וואָס־זשע קלאָגסטו אים אָן? — פרעגט דער ריכטער.

— איך קלאָג אים ניט אָן. איך וויל, אַז ער זאָל מיר אָפּגעבן דאָס שליסעלע, — בעט זי זיך ביים ריכטער.

— אַ וואָסער שליסעלע? — ווייסט ניט דער ריכטער.

— פון דער טיר, — ענטפערט זי אַ ביסל מיט אַ טענה, וואָס דער ריכטער קען ניט פאַרשטיין אַ וואָסער שליסעלע.

און זי דערציילט שוין די גאַנצע געשיכטע:

אַז זי האָט אים געהייסן זיך אַרויסקלייבן, האָט ער ניט געוואָלט. ער האָט געוויינט — ווי אַ קליין קינד האָט ער געוויינט — שטרייכט זי אונטער, און זי פילט זיך אַ ביסל שטאָלץ דערמיט, וואָס די באָרדערס וווינען ביי איר.

— אַז איך האָב ניט געהאַט וואוהין צו גיין, — שלאָגט ער איר איבער, — ס'איז דאָרטן געווען מיין היים, — ווערט זיין קול טרויעריג.

— פאַרוואָס גיסטו איר ניט אָפּ דאָס שליסעלע? — פרעגט דער ריכטער.

— איך האָב איר שוין אָפּגעגעבן, — מאַכט ער און ווערט גלייך רויט, אַ סימן, אַז ער האָט געזאָגט אַ ליגן.

— יאָ, ער האָט מיר אָפּגעגעבן דאָס שליסעלע, — מאַכט זי, — אָבער ער האָט נאָך אַ שליסעלע. ווייזט אויס, נאָכגעמאַכט נאָך אַ שליסעלע. און ווען איך בין ניטאָ אין דער היים, גנב'עט ער זיך אַריין און עסט מיר אויף אַלץ, וואָס ס'איז דאָ אין אייז־באָקס. איך קום מאַכן סאַפּער פאַר די אַנדערע באָרדערס, איך גיב אַ קוק, ניטאָ, אויפגעגעסן. האָב איך ניט געקענט פאַרשטיין. „זאָל דאָס זיין אַ גנב", — האָב איך מיר געטראַכט — „פאַרוואָס־זשע נעמט ער ניט צו די איבעריגע זאַכן פון דער שטוב, און אַ חוץ דעם, פאַרוואָס איז די טיר פאַרשלאָסן?" — טראַכט איך און טראַכט, ביז ס'פאַלט מיר איין מיט אַמאָל, אוי־ווי, ס'איז ער, יאָ ער.

— ווער ער? — פרעגט דער ריכטער צוליב פּינקטלעכקייט וועגן.

— ער, — מאַכט זי, און ציינגט אָן אויפן געוועזענעם באָרדער אירן, וואָס פינטלט מיט די אויגן און בייט זיך אין קאָליר, און אַ קוק־טוענדיג אויף אים, זעען שוין אַלע, אַז ס'איז טאַקע ער.

— וואָס האָט דיך געמאַכט צו טראַכטן, אַז ס'איז ער? — איז דער ריכטער שוין אַליין אויך נייגעריג.

— איך האָב געפונען אַ סימן, — ענטפערט זי, און ווערט שוין אַליין אויך רויט.

— וואָס פאַר אַ סימן? — איז דער ריכטער שוין אויך זייער נייגעריג.

קוויינקלט זיך די פרוי, זי שעמט זיך צו זאָגן דעם סימן, ווייל מען קען אפשר לאַכן פון איר.

— זאָג, זאָג, — בעט זיך דער ריכטער.

— איר פאַרשטייט, אייער כבוד, איך האָב באַמערקט, אַז ווען אין „אייז־באָקס" לאָז איך געקאָכטן טשיקן, פעלט מיר שטענדיג די אויבערשטע

טייל, און אויך פעלן מיר שטענדיג די טאַמעיטאַס, גיט די אוגערקעס, און איך וויים שוין, אַז ער האָט ליב בלויז דאָס אויבערשטע פון טשיקן, און עסט אויך נים קיין אוגערקעס, און אויך אַנדערע געוויסע סימנים, — דערענדיגט זי שטיל און דויטלט זיך נאָך מערער, ווייל אַלע אין געריכט־זאַל לאַכן, און דער ריכטער שמייכלט אויך.

— איז דאָס אמת ? — מאַכט דער ריכטער צום פעטן באָרדער, כלומרשט שטרענג.

— אמת, — גיסט זיך אַן זיין קאַרק מיט רויטקייט. — אמת, וואָס וועל איך לייקענען ?

— וואָס־זשע ווילסטו, זאָל איך טאָן מיט אים ? — ווענדעט זיך דער ריכטער צו דער מיסעס. — אַז דו ווילסט, קען איך אים איינזעצן פאַר איינברעכן זיך אין אַ פרעמד הויז מיטן אַבזיכט צו גנב'ענען.

— ניין, נאָר נים איינזעצן, — בעט זיך די גוטהאַרציגע מיסעס, און אירע אויגן פילן זיך אָן מיט טרערן, — לאָז ער מיר נאָר אָפּגעבן דאָס שליסעלע, און זאָל ער מער נים קומען צו מיר אין הויז אַריין.

גיט דער פעטער באָרדער אַ טיפן זיפץ, שלעפּט אַרויס פון דער הינטער־שטער הויזן־קעשענע דאָס שולדיג שליסעלע און גיט דאָס אַוועק זיין מיסעס.

דער באָרדער און די מיסעס גייען אַרויס, דער באָרדער אין גרויס פאַרצווייפלונג מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. דער מיסעס איז אויך נים פרייליך. ס'טוט איר ווי דאָס האַרץ אויף אים, וואָס מוז געבעך פאַר־בליאַנעט ווערן אָן אירע געשמאַקע וועטשערעס. אָבער וואָס קען זי טאָן, אַז זי איז אַליין אַן אָרעמע פרוי...

# דאָס אינגעלע מיטן קוואָדער

דאָס קינדער־געריכט־הויז שווייגט. מען גייט אויף די שפּיץ־פינגער. דער ריכטער קען ניט ליידן, אַז מען טומלט. ביים מינדסטן גערויש קאַרטשעט ער די ברעמען.

— שווער־זשע ביי גאָט, אַז אַלצדינג, וואָס דו וועסט זאָגן, וועט זיין אמת.

— איך שווער ביי גאָט, — הויבט דער דעטעקטיוו אויף זיין האַנט.

אָבער צוליב וואָס האָט ער געדאַרפט שווערן? מען וועט שוין אים גלויבן אַזוי אויך. מען באַשולדיגט קיינעם ניט איצט, מען דאַרף בלויז דערציילן אַ פאַקט.

דער פאַקט איז אין געשטאַלט פון אַ בלאַס אינגעלע מיט אַ ווייס העמדל, צעריסענע הויזלעך, צעלעכערטע זאָקן און פאַרלאַטעטע שיכלעך. דאָס בלאַסע אינגעלע מיטן ווייסן העמדל גייט אריין אין גרויסן טונקעלן געריכט־צימער. אַזוי יונג, און ער האָט שוין פאַרלאָרן זיין שטאַם. זיין שטאַם איז געווען אָרימע טאַטע־מאַמע אויף עוועניו „די". ערשט נעכטן זיינען זיי אוועק פון אים, און אין בלויז קורצע 24 שעה האָט ער שוין אָנגענומען דאָס געשטאַלט פון אַ פאַרוואָרלאָזטן, עלנטן יתום. אפשר האָט ער נעכטן געוויינט, אָבער איצטער וויינט ער שוין ניט. נעכטן אויפ־דערנאַכט איז ער שוין געשלאָפן צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן אויף אַ פרעמד בעטל אין קינדער־היים. איז, ווייזט אויס, די גאַנצע פאַרוואַנדלונג פון זיין געשטאַלט פאָרגעקומען אין פאַרלויף פון דער נאַכט אויף אַ פרעמד בעטל. אַ גאַנצע נאַכט זיך געשראָקן, געוואָרפן זיך, געוויינט אונטער דער קאָלדרע, און פאַרטאָג איז ער שוין אויפגעשטאַנען אַ פרעמדער צו זיין נעכטיגער געשטאַלט: אַ פאַרוואָרלאָזט אינגל.

דער ריכטער פרעגט אויס אַלע איינצלהייטן ביים דעטעקטיוו, וואָס האָט אים געבראַכט. ער פרעגט אויס זייער שטיל, און מען ענטפערט אים נאָך שטילער. דאָס בלאַס אינגל מיטן ווייסן העמדל שטייט אינ־מיטן ברייטן, הויכן, טונקעלן צימער און ווייסט ניט, צי מעג ער זיך אַ ריר טאָן פון אָרט, וואו ער שטייט, אָדער ער מוז שוין טאַקע אַזוי שטיין, ווי ער שטייט, אויף דעמזעלביגן פלאַץ אינמיטן דעם ברייטן, הויכן צימער.

דער דעטעקטיוו האָט קיינעם ניט געוואָלט רירן מיט זיין דערציילן וועגן דער דאָזיגער פאַסירונג. ער האָט בלויז באַנוצט די ריכטיגע ווערטער, און פון זיינע טרוקענע, ריכטיגע ווערטער ווערט אויפגעשטעלט די גאַנצע פאַסירונג:

גאַנץ פרי האָבן טאַטע און מאַמע און קינד געגעסן זייער לעצטן

פּרישטיק. פון וואַנען ווייסט דער דעטעקטיוו, אַז ס'איז געווען דער לעצטער? ווייל קיין שום פּראָדוקטן האָט מען ניט געפונען אין הויז. פון וואַנען ווייסט ער, אַז מען האָט בכלל געגעסן פרישטיק? ווייל אויפן טיש זיינען געבליבן די ניט־אויסגעוואַשענע כלים פון קאַפע, אַ פּעניצל ברויט אַ ניט־פאַרענדיגטס.

דעם קינד האָבן זיי גאָרניט געזאָגט. זיי האָבן אים געגעבן אַ גאַנצן קוואָדער. דאָס קינד האָט נאָך איצט אויך דעם קוואָדער. צי ס'האָט שטאַרק פאַרוואונדערט דעם קינד, וואָס פּלוצלונג, אינמיטן דערינען, גיט מען אים אַזאַ גרויסע מטבע, האָט דער דעטעקטיוו ניט דערציילט. צי דאָס קינד האָט דערפילט, גראַדע צוליב טאַקע דעמזעלביגן קוואָדער און פון דעם אופן ווי אַזוי די מאַמע האָט אים געגעבן די מטבע, און פון דעם וואָס זי האָט אים געקושט אַזוי פיל, מער ווי אַלעמאָל, איידער ער איז געגאַנגען אין סקול, אַז דאָ איז עפּעס ניט גלאַטיג? — דאָס אַלץ דערציילט ניט דער דעטעקטיוו.

יאָ, האָבן די שכנים פון הויז אויף עוועניו „די" אָנגעהויבן צו שרייען „געז", „געז", און ער איז גראַדע פאַרבייגעגאַנגען. איז מען געגאַנגען זוכן. האָט מען גלייך געפונען. די טיר איז געווען פאַרשלאָסן. האָט מען געקלאַפּט, און אַז קיינער האָט ניט געענטפערט, האָט מען אויפגעבראָכן. זיינען זיי בײדע געלעגן אין בעט טויט.

האָט דער דעטעקטיוו געטאָן אַלץ וואָס מ'דאַרף, אַרויסגערופן אַן אַמ־בולאַנס, פּאָליציי, פאַרשריבן אַ פּראָטאָקאָל: „דאָפּלטער זעלבסטמאָרד, אורזאַך ניט באַקאַנט, מעגלעך אַרבעטסלאָזיגקייט."

דאָס בלאָס אינגל שטייט נאָך אַלץ אינמיטן גרויסן טונקעלן צימער אויף דעם זעלביגן פּלאַץ, און ער שטייט, און רירט זיך ניט.

— קום אַהער צו מיר, — רופט אים דער ריכטער.

גייט ער צו, אַ ניט־זיכערער.

— האָט דיר דיין מאַמע געגעבן אַ קוואָדער? — ווייל דער ריכטער ווייסן בלויז פון נייגעריגקייט וועגן.

— יאָ, אַ קוואָדער, ער האָט שוין גאָר פאַרגעסן. ער שלעפּט אַרויס פון זיין הויזן־קעשענע דעם קוואָדער און לייגט אים אַנידער פאַר דעם ריכטער, גלייך ווי ער וואָלט יענעם געוואָלט אָוועקגעבן דעם קוואָדער.

— איך דאַרף ניט דיין קוואָדער, אינגעלע, — ווייצלט זיך דער ריכטער, כדי אים צו מאַכן פילן גוט. אָבער דאָס מאַכט אים ניט פילן גוט, און ער נעמט צוריק דעם קוואָדער און לייגט אים אַריין אין קעשענע. ער האָט שוין ניט ליב דעם קוואָדער. ניט וועגן אַזאַ קוואָדער חלום'ען אָרימע אינגלעך.

— ביזטו געווען אין סקול א גאַנצן טאָג?

— יאָ, — שאָקלט ער מיטן קאָפּ.

דער ריכטער וויל ער זאָל דערציילן איינצלהייטן, ניט צוליב דעם, וואָס ער דאַרף דאָס האָבן צוליב דער גערעכטיגקייט, נאָר גלאַט אַזוי, ווי מען לייענט אַן אַרטיקל אין א ציַיטונג פון א טראַגעדיע, וואָס איז געשען און מען וויל וויסן די איינצלהייטן. דער אינגל אָבער דערציילט גאָרניט. ער ענטפערט בלויז „יאָ" אָדער „ניין".

— האָסטו גאָרניט געוואוסט?

— ניין.

— ביזטו געגאַנגען אַהיים נאָך סקול?

— יאָ.

— האָסטו שוין ניט געטראָפן דיין טאַטן און מאַמען?

— ניין.

דאָ מוז זיך שוין אַריינמישן דער דעטעקטיוו און דערציילן, אַז די שכנים האָבן אָפּגערופן דעם פּאָליס־סטעישאָן און זיך באַקלאָגט, אַז מען ווייסט ניט, וואָס צו טאָן מיט דעם אינגל. די שכנים אַליין זיינען אָרעמע מענטשן. וואָס זאָלן זיי טאָן מיט אים?

ער איז נעבעך געבליבן זיצן איינער אַליין אין דער ליידיגער הויז, וואו זיין טאַטע און מאַמע האָבן געוואוינט, און ער וויינט. ער וויל ניט עסן, ער וויל ניט אַרויסגיין פון הויז. ער זיצט דאָרטן, און ס'איז קאַלט, און דאָ קומט די נאַכט, און ס'איז פינצטער אין הויז.

דער ריכטער איז גערירט, וויל ער עפּעס זאָגן דעם אינגל. זאָגט ער אים:

— דו וועסט זיין א גוט אינגל?

אויף דערויף ווייסט שוין יענער ניט וואָס צו ענטפערן.

— מען דאַרף זיין שטאַרק.

דאָס אינגל פאַרשטייט דאָס אויך ניט.

— וועסט וואַקסן אַן ערלעכער און קלוגער אינגל און ניט פאַרשעמען דיין טאַטן און מאַמען?

ווייסט ער אויך גאָרניט וועגן דעם.

— מיר וועלן דיך אַריינשטעלן אין א קינדער־היים און דאָרטן וועט דיר זיין גוט. — און דער ריכטער גיט א וואונק צו דער אויפזעערין פון קינדער־היים.

פירט מען אים אַרויס. גייט ער מיטן קוואָדער אין קעשענע, דאָס קליין בלאַס אינגעלע אינעם וויַיסן העמדל...

# טעקסי?

א מענטש, וואָס האָט דיר גרויס יצר־הרע צו טעקסיס, קען אַמאָל אויפשטיין אינדערפרי און זען וואָס פאַר א שיינע ליבע וועלט אַרום אים איז, און זאָל פּלוצלונג באַשליסן, אַז איצט וואָלט כדאי געווען זיך דורכפאָרן א ביסל אין א טעקסי. און גראָדע שטייט א טעקסי סאַמע אויפן ראָג, און גראַדע שטרעקט אַרויס דער שאָופער זיין קאָפּ דורכן פענצטער און גיט א מאַך צו דיר מיט די אויגן:

— טעקסי?

— אוודאי, טעקסי, שור, טעקסי.

אזוי אומגעפער האָט געטראָפן מיט דעם נעגערשן יונגן בחור, וואָס שטייט איצט פאַרן ריכטער מיט גרויס חרטה אין האַרצן און פאַרשעלט זיך זיין נאַרישקייט, וואָס האָט אים געשלעפּט ביי דער צונג צו זאָגן:

— שור, טעקסי.

אזוי דערציילט ער טאַקע:

— דעם אמת זאָגן, האָב איך טאַקע אין א טעקסי ליב צו פאָרן. אָבער איך האָב היינט אינדערפרי אַפילו ניט געטראַכט, אַז איך וועל טאַקע פאָרן אין א טעקסי. און אַז דער שאָופער האָט מיך געפרעגט: „טעקסי?“, האָב איך ניט געוואוסט, וואָס איך טו, און האָב אים א זאָג געטאָן: „שור, טעקסי.“

מען לאַכט אין געריכט־זאַל פון זיין נאַאיוון אופן פון דערציילן. ער הערט ניט ווי מען לאַכט, זיינע אויערן ברענען אים פון חרטה. נאַ דיר, גאָר א טעקסי האָט זיך אים פאַרוואָלט.

— אַרבעטסטו?

— ניין.

— וואו וואוינסטו?

ער וואוינט ניט. דאָס הייסט, ער וואוינט יאָ, אָבער ניט אין ערגעץ. ער האָט ניט קיין דזשאָב.

— ביזט א ניו יאָרקער?

ניין, ער קומט פון ערגעץ לעבן דזשעקסאָנוויל, פלאָרידאַ. מען האָט אים געזאָגט, אַז אין ניו יאָרק וועט ער געפינען אַרבעט. האָט ער טאַקע געפונען אַרבעט. אין א באַרבער־שאַפּ, א שוך־פּוצער איז ער געווען. האָט ער זיך געקויפט דעם אָנצוג פאַר 22 דאָלער און דעם ברוינעם הוט און די געלע שיך. אָבער ער האָט שוין פאַרלוירן זיין דזשאָב...

דער ריכטער שטעלט אים גראַדע ניט אָפּ און לאָזט אים רעדן. ער איז פון דעם טיפּ ריכטער, וואָס פאַרמאָגט ברענענדיגע שוואַרצע אויגן,

רויטע בלוטיגע ליפּן, א פולן שויבער מיט האָר, שטאַרקע און געקרייזלטע. רויטקייט אין די באַקן. בלענדענדיגע ווייסקייט אין די ציין. פון די ריכטער, וואָס זיינען ניט נערוועז, וואָס האָבן צייט, וואָס זיינען זיכער מיט זיך, וואָס האָבן ליב אויסצוגעמען ביי דער גאַליאָרקע און פאַרשאַפן דעם עולם א ביסל שפּאַס דאָרטן וואו עס לאָזט זיך.

ער איז מסתמא אויך פון די מענטשן, וואָס נעמען א טרונק בראָנפן פאַרן עסן און א ביסל וויין נאָכן; וואָס רויכערן געשמאַקע סיגארן און רעדן מיט א ברוסטיגער טיפער שטימע. פון די טעמעני־ריכטער, וואָס פאַזירן אלס פריינט פון פאָלק.

. . . יאָ, האָט ער פאַרלוירן זיין דזשאָב, האָט ער געמוזט פאַרלאָזן דעם צימער, און שוין אזוי צוויי חדשים. אָבער מיט דער טעקסי איז ער נישט שולדיג. ס'האָט זיך ביי אים ארויסגעכאַפּט דאָס וואָרט. דער שאָופער האָט געזאָגט:

— טעקסי?

האָט ער, ניט וויסנדיג וואָס ער טוט, געזאָגט:

— שור, טעקסי.

מער, ווייזט אויס, האָט ער ניט צו דערציילן. קוקט ער מיט זיינע פאַרשמאַכטע ליפּן פון א מאַרטירער אויפן ריכטער און וואַרט אויף יענעמס גנאָד. דער ריכטער שווייגט א ווײַלע, באַטראַכט דעם יונגן נעגער־בחור און נעמט אים דורך און דורך.

— דו זאָגסט, אז דו וואוינסט אין ערגעץ ניט?

— יאָ.

— וואו־זשע שלאָפסטו?

איז די מעשה אזוי, — דערקלערט דער נעגער־בחור, — אז ס'איז א שיינע נאַכט און א וואַרימע, שלאָפט ער אין פּאַרק, און אז ס'איז א רעגנדיגע נאַכט שלאָפט ער אויך אין פּאַרק, אָבער אונטער א דאַך. עס זיינען דאָ אין פּאַרק אַזוינע שטיבעלעך, וואָס האָבן דעכער. טאַקע בלויז דעכער, קיין ווענט זיינען ניטאָ. גראָדע איז נעכטן אויפדערנאַכט געווען א שיינע נאַכט און א וואַרימע נאַכט און געשלאָפן איז ער זייער געשמאַק, די גאַנצע נאַכט איז ער געשלאָפן. און גראָדע צו זיין גליק האָט געטראָפן, אז מ'האָט אים אָפילו קיין איין מאָל ניט געטריבן פון זיין באַנק דורך דער גאַנצער נאַכט.

— ווער האָט ניט געטריבן?

— דער פּאָליסמאַן האָט ניט געטריבן, ווייל אָפטמאָל מאַכט זיך, אז דער פּאָליסמאַן קלאַפּט מיטן קלאָב גלייך אין די פּיאַטעס אריין, מוז מען זיך אויפכאַפּן און אוועקגיין פון דער באַנק. וואַרט מען אויס ביז דער

פּאָליסמאַן גייט אַוועק, לייגט מען זיך אויף אַן אַנדער באַנק.

יאָ, איז ער געשלאָפן גראָדע יענע נאַכט זייער געשמאַק, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אינדערפרי און האָט פון גאָרניט געטראַכט, דערזעט ער דעם מאַן מיט דער טעקסי, שטעלט ער זיך אָפּ קוקן אויף אים. ער האָט גראָדע גאָרניט געמיינט מיט דעם, וואָס ער האָט געקוקט אויף אים, אָבער אַז יענער גיט צו אים אַ מאַך: „טעקסי?", פאַרגעסט ער זיך און זאָגט: „שור, טעקסי."

דער עולם לאַכט, וואָס ער חזר'ט איבער אַלע מאָל אַזוי נאַאיוו די ווערטער מיט דער טעקסי. דער ריכטער לאָזט זיי לאַכן, ניט ווי אַנדערע ריכטער, וואָס הויבן אָן צו קלאַפּן גלייך אָן טיש און שרייען, אַקוראַט ווי מען וואָלט זיי געקוילעט די קאַפּאָטע:

— שטיל זאָל מיר זיין! ס'איז דאָ אַ געריכט־הויז!

יאָ, ער לאָזט זיי לאַכן, און ער קוקט אויפן בחור מיט וואונדער.

— און ווי אַזוי טוסטו דאָס, וואָס דיין אַנצוג איז ניי און וואָס דיין הוט איז אַן איין שטויבעלע?

נאָכדעם ווי דער ריכטער האָט געשטעלט די פראַגע, וואונדערן זיך די איבעריגע אויך, וואָס אויב, ווי יענער דערציילט, ער שלאָפט אין די פּאַרקס, טאָ ווי אַזוי קאָנען זיינע הויזן אָנהאַלטן אַ פּערפעקטן קנייטש? און ווי קומט עס וואָס זיינען געלע שיך גלאַנצן ווי נייע?

— . . . איז גאַנץ פּשוט, — דערציילט דער נעגער־בחור מיט אַ געוויסן פאַרבאַהאַלטענעם שטאָלץ, וואָס ער איז אַזאַ בריה, — ערשטנס, האָט ער אַ בערשטל, און ער נעמט טאַקע גלייך אַרויס פון דער קעשענע אַ בערשטל, צו ווייזן, אַז ער זאָגט ניט קיין ליגן. איז מיט דעם בערשטל שטויבט ער זיך שטענדיג אָפּ; צווייטנס, פאַרשפּרייט ער פּאַפּיר אויף דעם אָרט וואו ער דאַרף זיך לייגן שלאָפן; דריטנס, שלאָפט ער פאָרזיכטיג. אָבער די מעשה מיט דער טעקסי... און ער וויל ווידער דערציילן וועגן דער פּאַסירונג, אָבער דאָס מאָל לאָזט אים שוין ניט דער ריכטער און הייסט דעם שאָופער דערציילן זיין געשיכטע.

דעם שאָופער'ס געשיכטע איז אַ גאַנץ קורצע:

. . . האָט ער אים געפרעגט:

— וואוהין?

האָט ער געענטפערט:

— שפּעטער וועל איך זאָגן. דערווייל פאָר.

איז ער געפאָרן מיט אים איבערן אויטאָמאָביל־וועג טאַקע אין פּאַרק, זיך געדרייט מיט אים אַרום און אַרום. פאַלט אים עפּעס שוין איין, פרעגט ער נאָכאַמאָל:

— וואוהין פאָרן?

ענטפערט ער:

— פאָר דערוייל, זאָל דיך נישט אַרן.

האָט ער ווידער זיך געדרייט אַרום און אַרום און עס האָט שוין אָפגעקלאַפּט דריי דאָלער. דעמאָלט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און גע־פאָדערט געלט. האָט יענער ניט צו באַצאָלן. האָט דער שאָופער דערזען אַ פּאָליסמאַן און האָט אים געהייסן אַרעסטירן, דעם נעגער־בחור.

שמייכלט דער ריכטער. ס'איז אַ קאָמישע מעשה, טוט אים אויך הנאה. באַשטראָפן דעם נעגער האָט דער ריכטער אָבער נישט קיין גרויס חשק. רופט ער זיך אָן צום שאָופער:

— איך קען אים איינזעצן, אָבער וואָס וועסטו האָבן פון דעם? זאָל איך אים איינזעצן?

קראַצט ער זיך אין אויער, דער שאָופער. טאַקע, וואָס וועט ער האָבן פון דעם, אַז מען וועט דעם נעגער איינזעצן?

— וועל, — טוט יענער אַ מאַך גרויס־מוטיג, — זאָל ער זיך גיין.

— באַדאַנק אים פאַר זיין גוט האַרץ, — מאַכט דער ריכטער כלומרשט שטרענג צום שוואַרצן.

— איך באַדאַנק דיר פאַר דיין גוט האַרץ, — פאַרנויגט זיך יענער ביזן גאַרטל.

דער ריכטער באַפרייט אים. דער נעגער אין זיין שיינעם אָנצוג מיטן קנייטש אין די הויזן לאָזט זיך אַרויסגיין. גיט איינער פון עולם אַ געשריי אין שפּאַס:

— טעקסי?

גיט דער נעגער אַ ציטער אויף, גיט זיך אַ קוק אום, דערזעט, אַז ס'איז אַ שפּאַס, ווערט ער שטאַרק פאַרשעמט און גיט זיך שנעל אַ לאָז אַרויס פון געריכט־הויז.

# אַלע שווייגן

דאָס ריכטערל, קוים וואָס ס׳זשיפּעט. ס׳איז אַ הייסער טאָג. אין דרויסן בריאַזגעט די גאַס מיט שווערע דורכפאָרנדיקע טראָקס, אַזש די שויבן ציטערן. ער ווישט זיך דעם פּליך מיט אַ זויבער־ווייס טיכעלע, ליגט צעלייגט אין אַ גרויסער שטול און איז פאַר׳חלש׳ט. מען קאָן מיינען, אַז ער הערט זיך גאָרניט צו. ער הערט זיך שוין אָבער גראָדע גוט צו. זיינע אויערלעך נעמען־אויף יעדעס נויטיג וואָרט. זיין פּנים דריקט ניט אויס קיין סימפּאַטיע צו דער אומגליקלעכער, ניט קיין אַנטיפּאַטיע. ער איז איצט בלויז אַזאַ מאַשין, וואָס כאַפּט אַריין די ווערטער. דער אויסדרוק אויף זיין פּנים בייט זיך ניט. די אויגן — האַלב־פאַרמאַכט. אַ קליין אויס־געדאַרט פּנים׳ל, בלויז די געדיכטע גרויליכע וואָצעלעך גיבן אים צו עטוואָס חשיבות.

דאָס נעגער־מיידל מיט גרויסע צעשראָקענע אויגן קוקט אויף דעם פאַר׳חלש׳טן ריכטערל און וואונדערט זיך, וואָס פון אַט־דעם אויסגעדאַרטן קערפּערל הענגט אָפּ איר וואוילזיין און איר פרייהייט. וואָלטן זיינע אויגן געווען אָפן צו איר, וואָלט זיין פּנים געווען לעבעדיג, וואָלט זי אים אפשר גערירט מיט איר רחמנות׳דיגן אויסזען, וואָלט זי צו אים געשמייכלט מיט געבעט, וואָלט זי זיך אויסגעפּיינט פאַר אים. אָבער ניי, אַז ער איז גאָר פאַר׳חלש׳ט, און אַז ער קוקט ניט אויף קיינעם, נאָר זיינע אויערלעך זיינען וואַך און זיי זיפּן אַריין אַלע אומגינסטיגע ווערטער געגן איר.

דער דעטעקטיוו דערציילט, און אַז ער דערציילט, נעמט ער איר קערפּער, טוט אים אויס נאַקעט און באַווייזט יעדעס גליד, וואָס האָט צו טאָן מיט איר שאַנדע. דער ריכטער וואונדערט זיך ניט, ווערט ניט איבער־ראַשט פון אַלע נאַקעטקייטן. מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן הערט ער זיך איין.

דאָס יונג נעגער־מיידל פּלאַטערט. מען רעדט וועגן איר קערפּער. זי דערקענט אים, איר קערפּער, פּונקט ווי זי וואָלט איצט געקוקט אין אַ שפּיגל אַ נאַקעטע. זי איז אַ דין מיידל. אירע האָר אָפּגעשוירן, ווי ביי אַ אינגל. זי טראָגט גרינע גרויסע אוירינגלעך אויף אירע אויערן. אירע ליפּן ווילן וויינען. זיי ברעכן זיך, אָבער פאַר וועמען וועט זי וויינען, אַז אַלע מענטשן דאָ ווילן אויף איר ניט קוקן. די פרוי, די סטענאָגראַפיסטין, לויפט גיך־גיך מיט איר בלייפעדער און האָט זיך ניט אומגעקוקט אויף איר, אפילו ווען די טורמע־וועכטערין האָט זי געבראַכט אין געריכט־צימער.

די סטענאָגראַפיסטין שרייבט גיך־גיך און זי ווייסט אפילו ניט, ווי אַזוי עס קוקט אויס אַט־די, וועגן וועלכער זי שרייבט. דער דעטעקטיוו

קוקט אויך ניט אויף איר. ער קוקט צום ריכטער מיט די האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, אים, דעם דעטעקטיוו, ווייזט זיך אויס, אַז דער ריכטער הערט אים אַפילו ניט, איז אים אַ ביסל אומעטיג דערפון. עס קומט אויס, אַקוראַט ווי מען וואָלט אים געלאָזט רעדן אין אַ ליידיגן צימער.

דער פּראָצעס קומט ניט פאָר אין אָפיציעלן געריכט־זאַל. ס'איז אַ זייטיג צימערל, אַ פּריוואַטס אַזאַ. עס איז שטיל דאָרטן און ס'איז אומעטיג.

אַזוי מעכאַניש, פּראָטאָקאָל־מעסיג דערציילט זיך דער דעטעקטיוו וועגן אַ פינצטערן קעלער אין האַרלעם, וואו עס איז פאָרגעקומען די געשיכטע. דער ריכטער פרעגט אַפילו ניט איבער: „אין אַ קעלער?" „פאַרוואָס אין אַ קעלער?" יאָ, אין אַ קעלער. זי וואוינט אין אַ קעלער. ס'איז ניט איר קעלער, בלויז אַ צימער האָט זי געדונגען אין דעם קעלער.

— בין איך געגאַנגען אויף לענאָקס עוועניו, לעבן דער־און־דער גאַס. ס'איז געווען 8:25 אין אָוונט...

ער געדענקט, דער דעטעקטיוו, די צייט, פּינקטלעך צו דער מינוט. פאַרשטייט זיך, אַז ער דערציילט ניט, אַז די ברייטע עוועניו איז געווען העל באַלויכטן, און ווי ס'האָבן זיך געיאָגט אויטאָמאָבילן צו די פּאַרקס און צו די קילע פּלעצער הינטער דער שטאָט.

ער האָט אויך ניט דערציילט, ווי אין די באַלויכטענע פאַרלאָרם האָבן מענטשן געגעסן אייז־קרים און זיך געקילט די אברים מיט קאַלטע געטראַנקען.

ער האָט אויך ניט דערציילט, ווי מען האָט געשפּאַנט אויף די טראָטואַרן, און יעדער איינער האָט געוואָלט עפּעס גוט הנאה האָבן פון אַ זומער־אָוונט, און בלויז זי איינע האָט ניט געשפּאַצירט פון הנאה וועגן, זי איז געגאַנגען אין דעם זומער־אָוונט אויף איר פּרנסה־שפּאַציר.

— זי האָט מיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט, צי איך וויל האָבן אַ גוד־טאַים, האָב איך געזאָגט, אַז יאָ... איז פרעג איך זי, וויפיל עס וועט קאָסטן, זאָגט זי, אַז צוויי דאָלער. דינג איך ביי איר אַראָפּ, ביז מיר פאַרשטענדיגן זיך אויף איין דאָלער.

דאָס נעגער־מיידל גיט אַ ציטער אין די דינע אַקסלען. פון אַזוי פיל בחורים האָט זי גראָדע אויסגעקליבן דעם דאָזיגן פאַרשאָלטענעם בחור, וואָס ברענגט אומגליק אויף איר לעבן.

— האָט זי מיך אַריינגעפירט אין אַ קעלער, דאָס הייסט, דער אונ־טערשטער שטאָק פון אַ הויז, וואו געוויינלעך וואוינט אַ דזשעניטאָר. אַן עלטערע פרוי איז באַלד צוגעגאַנגען צו איר מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, האָט איר דאָס מיידל געזאָגט: „שפּעטער." האָט די אַלטע געזאָגט: „ניין, באַלד." האָט דאָס מיידל געזאָגט צו מיר: „גיב מיר דעם דאָלער

שוין, ווייל איך דאַרף איר געבן האַלב.״ האָב איך איר געגעבן דעם דאָלער.

דער דאָלער איז איצט אויך אַן עדות. דער דעטעקטיוו נעמט אים אַרויס פון קעשענע און ווייזט אים דעם ריכטער. דער ריכטער קוקט ניט אויף דעם דאָלער.

— האָט זי מיך אַריינגעפירט אין אַ צימער, וואו ס׳איז געשטאַנען אַ קליין שטאָלן בעטל, לייגט זי זיך אויפן בעטל און פאַרהויבט איר קלייד.

דער אויסדרוק אויפן ריכטער׳ס פנים בייט זיך ניט, ווען דער דעטעקטיוו זאָגט די לעצטע פּאָר ווערטער. אַ פאַר׳חלש׳טער ליגט ער זיך צעלייגט אין זיין ברייטן שטול און הערט זיך צו מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן.

די פרוי, די סטענאָגראַפיסטין, ווערט אויך ניט איבערראַשט פון די דאָזיגע נאַקעטע ווערטער. זי שרייבט גיך, גיך, גיך. פּאַסיקלעך מיט שטעקעלעך אין איר דיקן נאָטיצן־ביכל. בלויז דאָס מיידל ציטערט־אויף מיט אירע דינע אַקסלען. איר האַלז־און־נאַקן איז געבויגן אין פאַרצווייפלונג. דער אומגליק דריקט זי און בויגט זי.

דער דעטעקטיוו גייט איבער צו איר קערפּער, ווי אַזוי ער האָט אויסגעקוקט, וואָס פאַר אַ סימנים ער האָט אַראָפּגעכאַפּט. אַ געניטער דעטעקטיוו. ער וועט ניט דורכלאָזן קיין שום איינצלהייט, וואָס קאָן אים דינען אויף אַריינצושלעפּן זי אין אומגליק.

די באַנק, אויף וועלכער זי זיצט, איז אַ גרויסע און אַ טונקל־ברוינע. אינמיטן זיצט זי אין אַ ראָזעווען קלייד מיט געלע בלומען. איינע אַליין זיצט זי דאָרטן. פון דעם גרויסן אויסשניט אין קלייד הויבט זיך אַרויס איר שוואַרצער נאַקעטער האַלז. אַן אויסגעשטרעקטער האַלז צו דער אומדערבאַרימדיגקייט, וואָס פילט אָן דעם גרויסן צימער מיט די גרויסע ווייסע ליידיגע ווענט, מיט דער הויכער סטעליע, מיט דעם ברייטן פענצטער, וואָס קוקט אַרויס אויף אַ טומלדיגער בריאַזגענדיגער גאַס. די גרויסע אויגן זיינען אָנגעזאַפּט מיט אַ גלאַנציגער שוואַרצער פייכטקייט. איינע אַליין זיצט זי אויף דער גרויסער טונקל־ברוינער באַנק אין איר ראָזעווען קלייד, און קיינער קוקט זיך ניט אום אויף איר: די סטענאָגראַפיסטין לויפט מיט איר בליי־פעדער, פאַרשרייבט לאַנגינקע, שמאָלע בלעטער. דער דעטעקטיוו רעדט צו דעם האַלב־שלאָפנדיגן ריכטער, און יענער איז פאַר־חלש׳ט, נאָר זיינע אויערלעך זיינען לעבעדיג און וואַך.

ווען זי האָט זיך געזעצט אויפן עדות־שטול, האָט זי אַראָפּגעצויגן דאָס קלייד איבער אירע קני מיט גרויס פרומקייט. זי האָט צוגעטוליעט איין פוס צום אַנדערן און איז געבליבן זיצן אַן אַנשטענדיג לייטיש מיידל. זי האָט געלייקנט. זי איז ניט שולדיג. דער ריכטער האָט זי געלאָזט לייקענען. פול מיט האָפענונג, וואָס קיינער שטעלט זי ניט אָפּ, האָט זי

געפּרובירט צונויפשטעלן אַ מעשה, ווי אַזוי זי איז זיך געגאַנגען גלאַט אַזוי איבער דער גאַס, ווי אַזוי ער איז צוגעשטאַנען צו איר, ווי אַזוי ער האָט זי פאַרפאָלגט ביז אין הויז, ווי אַזוי ער איז אומגעבעטן אַריין נאָך איר אין צימער, וואו זי וואוינט. פול מיט האָפענונגען, ווערט זי אַליין מיטגעריסן פון איר אייגענער מעשה.

אָבער מען שווייגט. אַ גרויזאַמע שווייגעניש. די הויכע ווייסע ווענט שווייגן. די סטעליע און דאָס ברייטע פענצטער. די סטענאָגראַפיסטין און דער ריכטער. אַלע שווייגן. פון דעם דאָזיגן גרויזאַמען שווייגן דערפילט זי, אַז מען גלויבט איר נים. ווערט זי אויך אַנטשווייגן און וואַרט, און וואַרט פול מיט דערשרעק.

— ווייטער, — מאַכט דער ריכטער און עפנט אַפילו נים אויף זיינע האַלב־פאַרמאַכטע אויגן.

זי האָט שוין קיין מוט נים. זי קאָן שוין נים רעדן. די פאַרצווייפלונג גיט איר אַ כאַפּ ביים האַלז און וואַרגט זי. זי גיט אַ וויג דעם קאָפּ פון גרויס ווייטאָג, זי גיט זיך אַ פאַרשטעל דאָס פּנים מיט אירע שוואַרצע מאָגערע הענט.

אין דרויסן בריאַזגעט די גאַס מיט שווערע דורכפאָרנדיגע טראָקס, און די שויבן ציטערן. שטיל אין צימער. אַ גרויזאַמע שטילקייט...

# באַגעגנט האָט אים ניו יאָרק מיט אַ גרויס געלעכטער

דער ריכטער לאַכט, ער שטיקט זיך אין זיך, קומט אויס אַקוראַט ווי ער וואָלט געהוסט. דער הויכער פּאָליסמאַן לאַכט.

ער האָט מורא צו לאַכן אין אַנוועזנהייט פון ריכטער. קערט ער זיך אָפּ אָן אַ זייט און לאַכט.

דער קלוירק מיט די ברילן מיטן ראָזעווע פּנים׳ל לאַכט אין אַ פּאַפּיר אַריין. ער האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים און לאַכט.

דער הויפּט־קלוירק וויל אויך וויסן, וואָס מען לאַכט, בויגט ער זיך צו צום אונטער־קלוירק, שעפּטשעט אים יענער אַריין אין די אויערן, לאַכט יענער שוין אויך.

ער שטייט, דער פון וועמען מען לאַכט, אַ יונגער בחור׳ל מיט רויטע האָר, מיט זומער־שפּרינקלעך אויף דער נאָז, אַ פרעמדער צו די מענטשן פון ניו יאָרק. ער זעט, ווי מען לאַכט פון אים, קאָן ער גאָרנישט ניט טאָן, נאָר קוקן אויף זיי מיט גרויסע שולדיגע אויגן און אויסוואַרטן, ביז זיי וועלן אויפהערן לאַכן.

— ביזט אַ ניו־יאָרקער?

— ניין.

דער ריכטער שטיקט זיך ווידער פון געלעכטער. ער וויל זיך באַ־הערשן, ווייל ס׳פּאַסט דאָך ניט פאַר אַ ריכטער צו לאַכן גלייך יענעם אין פּנים אַריין. פאַרשטעלט ער זיין פּנים מיט די הענט און וואַרט, ביז דער געלעכטער וועט אים אָפּלאָזן. ווייל דער ריכטער האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים, לאַכט נאָך פרייליכער דער פּאָליסמאַן, דער הויפּט־קלוירק, דער אונטער־קלוירק און דער סטענאָגראַפער. דער בחור שטייט מיט צעשפּרייטע פיס, מיט אָן אָנגעבויגענעם פאַרברענטן האַלז און איז הילפלאָז.

— פון וואַנעט־זשע קומסטו? — האָט דער ריכטער שוין באַהערשט זיין געלעכטער.

דער בחור רופט אָן אַ שטעטעלע אין טעקסעס. פון דאָרטן קומט ער. געקומען אין גרויסן ניו יאָרק מיט אַזויפיל האָפענונגען און דערוואַרטונגען, און באַגעגנט האָט אים ניו יאָרק מיט אַ גרויסן געלעכטער. ער וויל וויסן, דער בחור, צי די מענטשן אין זאַל לאַכן אויך, דרייט ער אויס זיין קלייענ־דיג פּנים מיט דעם קאָפּ רויטע האָר: ניין, מען לאַכט דאָרטן ניט. זיי, די מענטשן אין געריכט־זאַל, וויסן נאָך ניט פון וואָס זיי לאַכן, ווייל זיי

האָבן דאָך דעם פּראָטאָקאָל נאָך ניט געלייענט. זיי קוקן בלויז צום ריכטער מיט אַ פיינלעכער נייגעריגקייט. זיי ווילן וויסן, וואָס איז אויף זיי די גרויסע גדולה.

— צוליב וואָס ביזטו געקומען קיין ניו יאָרק ?

— זוכן אַרבעט.

— וואָס איז דיין פאַך ?

ער איז געווען אַ פאַרמער אין זיין היים־שטעטל. איז אָבער ניט געווען וואָס צו טאָן ביי דער פאַרם, איז ער אוועק אין דער שטאָט, וואוהין צענד־ליגער טויזנטער יונגע בחורים פון דער פּראָווינץ לאָזן זיך אַוועק זוכן זייער גליק.

— ווי לאַנג ביזטו אין ניו יאָרק ?

— ערשט נעכטן געקומען.

קוקן אַלע אויף דעם בחור, וואָס ער איז ערשט נעכטן געקומען קיין ניו יאָרק אַזש פון טעקסעס, און איז גלייך אַריינגעפאַלן צו דער ניו־יאָרקער גערעכטיגקייט, און מען לאַכט.

— האָסט מיט זיך געלט ? — קער זיך די פראַגע אינגאַנצן ניט אָן צו דעם פּראָצעס, נאָר דער ריכטער וויל דאָס בלויז וויסן צוליב זיין אייגענער נייגעריגקייט וועגן.

— יאָ, איך האָב פינף דאָלער, — וויל ער זיך נעמען צו דער קעשענע און ציינן זיינע פינף דאָלער, אָבער דער ריכטער מאַכט מיט דער האַנט. דאָס הייסט, אַז ער גלויבט אים אַזוי אויך.

— וואוהין־זשע ביסטו פאָרפאָרן ?

— צו מיינעם אַ פריינט, — און ער שלעפּט אַרויס אַ פּאַפּירל און לייענט איבער דעם אַדרעס און דעם נאָמען פון זיין פריינט מיט גרויס פּינקטלעכקייט.

— איז דיין פריינט אויך פון טעקסעס ?

— יאָ, דער פריינט איז אויך פון טעקסעס. אַ גוטער חבר זיינער, וואָס איז געקומען מיט צוויי יאָר צוריק קיין ניו יאָרק. דער פריינט זיינער האָט אים טאַקע געשריבן, אַז ער זאָל אויך קומען קיין ניו יאָרק, ס'וועט אים זיין גוט.

— ביסטו געשלאָפן מיט דיין פריינט אין איין צימער ?

ניין, ער איז ניט געשלאָפן מיט זיין פריינט אין איין צימער. וואָלט ער געשלאָפן מיט זיין פריינט אין איין צימער, וואָלט ער אפשר צו דעם אומגליק ניט געווען געקומען. זיין פריינט איז געשלאָפן אין אַ צווייטן צימער מיטן ווייב זיינעם. זיין פריינט איז אַ פאַרהייראַטער.

— האָסטו גאָרניט געוואוסט, אז ס'איז דאָ א צימער פאַר אזעלכע זאכן?

דער עולם שטויסט זיך שוין אָן פון דעם ריכטער'ס לעצטער פראַגע, און מען שיסט אויס אין א גרויסן געלעכטער. מען לאַכט מיט אזא אַפּעטיט, אז דער בחור דערשרעקט זיך. ער האָט זיך איצט מורא אפילו אומצו־קוקן צום עולם, צו זען, ווי מען לאַכט פון אים.

— האָסטו ניט געקאָנט אויפוועקן דיין פריינט?

ניין, ער האָט ניט געקאָנט אויפוועקן זיין פריינט. ער האָט זיך גע־שעמט אויפצואוועקן זיין פריינט, ווייל זיין פריינט איז זיך דאָרטן געשלאָפן מיט זיין ווייבל, וועט זי אויך דערהערן, וואָס ער וויל.

דער בחור פון מעקסעס קוקט אויפן ריכטער, אַקוראַט ווי אויף א טשיף פון א פרעמדן שבט. וועך ווייסט, וואָס יענער קאָן נאָך טאָן מיט אים? מסתמא האָט זיין טאַטע, צי אַן אַנדער עלטערער קלוגער מענטש פון זיין שטעטל אין מעקסעס אים געוואָרנט וועגן דעם דאָזיגן ניו יאָרק, וואו אַלצדינג איז דאָרטן מיטן קאָפּ אַראָפּ.

דער ריכטער קאָן זיך שוין ווידער ניט איינהאַלטן פון געלעכטער. ער הויבט זיך אָן צו שטיקן אין זיך. ער וויל זיך באַהערשן און קאָן ניט. מוז ער זיך אויפהויבן און זאָגן: „אויף איין מינוט בלויז”, און גייט אַרוים אין זייטיגן צימער, כדי זיך דאָרטן גוט אויסלאַכן.

אַז דער ריכטער איז אַוועק, האָט שוין דער בחור אינגאַנצן פאַרלוירן יעדעס שטיקל אָנהאַלט. דער עולם לאַכט אויף א קול. מען קוקט אים גלייך אין פּנים אַריין. ער וואַרפט די אויגן אין אַלע זייטן, אַקוראַט ווי ער וואָלט געוואָלט אַנטלויפן. זיינע אויגן פילן זיך אָן מיט טרערן. איז מאָדנע צו זען דעם דאָזיגן יונגן בחור פון טעקסעס מיט נעבעכדיגע אויגן.

דער ריכטער גייט צוריק אַריין. ער האָט דאָרטן אָפּגעווישט יעדן ברעקל געלעכטער. מיט א שטרענג פּנים, ווי עס פּאַסט פאַר א ריכטער, האָט ער זיך צוריקגעזעצט אויף זיין שטול.

— וואו האָסטו אים אַרעסטירט?

— אויף דער־און־דער גאַס.

ס'איז א גאַס אין דער איסט־סאַיד, וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט מענטשן. צוליב די גרויסע היצן זיינען פיל מענטשן געשלאָפן אינדרויסן אויפן סאַידוואָק.

— ביי וועלכע אומשטענדן האָסטו אים אַרעסטירט?

ער האָט געהערט קולות, איז ער צוגעלאָפן און האָט געזען, ווי מענטשן, האַלב־אויסגעטאָנענע, שטייען און זידלען עמיצן אויף דעם ערשטן שטאָק. האָט ער געפרעגט, וואָס עס איז געשען. האָט מען אים

דערציילט, אַז אַזוי ווי זיי זיינען געשלאָפֿן, פּלוצלונג דערפֿילן זיי, אַז זיי ווערן נאַס, כאַפּן זיי זיך אויף, גיבן אַ קוק, דער בחור שטייט ביים פֿענצטער, און ער איז דער שולדיגער, וואָס צוליב אים זיינען זיי געוואָרן נאַס.

דאָ האָט שוין דער ריכטער ניט געקאָנט איינשטילן דעם עולם, אַזאַ געלעכטער איז געוואָרן. אַלע האָבן געלאַכט. דער הויפּט־קלוירק, דער אונטער־קלוירק, דער פּאָליסמאַן, דער סטענאָגראַפֿער, גאַנץ ניו יאָרק האָט געלאַכט פֿון אים.

דער ריכטער האָט אים באַפֿרייט מיט אַ וואָרנונג. דער בחור איז שנעל אַרויס און זיך אַרויסגעכאַפּט אויף דער גאַס. ער האָט זיך אַפֿילו ניט אָפּגעשטעלט אויף איין אויגן־בליק, ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן גיך און אין געאייל אַרויף איבער די דאָזיגע פֿרעמדע ניו־יאָרקער גאַסן. זיך ניט געוואָלט אומקוקן אַפֿילו אויף די לויפֿנדיגע טראָקס און אויטאָמאָבילן, געקרייציגט די גאַסן, זיך ניט אויסגעדרייט, אַפֿילו ווען די אויטאָמאָבילן און די טראָקס האָבן צו אים געבלאָזן מיט די האָרנס. ער איז געלאָפֿן, אַקוראַט ווי ער וואָלט נאָך אַלץ געהערט געלעכטער, אַקוראַט ווי אַלע האָרנס פֿון די אויטאָמאָבילן און טראָקס וואָלטן אַלץ געהאַלטן אין איין לאַכן פֿון אים...

# דער זינדיגער מאַן

דער זינדיגער מאַן קראַצט זיך אין אַן אויער. עס ברענט אים דער אויער פון חרפּה. ער איז אַ אידישער אַרבעטער פון די בראָנקס. אַן אָפּערייטאָר ביי פּרויען־קליידער. ער איז פליכטוואַטע, בייכלדיג און בלאַס.

זיין ווייב, מיט ווײנענדיגע אויגן, איז פול מיט בזיון און ווייטאָג. ער האָט מורא צו קוקן איר גלייך אין די אויגן. ער האָט זיך שוין אמת פאַרזינדיגט געגן איר.

וואָס האָט זי געקאָנט וויסן? זי האָט אָפּגעקאָכט מסתמא די אמת'ע גוטע וועטשערע, די קינדערלעך אָנגעהאָדעוועט, זיך געזעצט וואַרטן אויף איר ליבן מאַן, וואָס דאַרף קומען פון דער אַרבעט. וואַרט זי איין שעה, וואַרט זי צוויי שעה און זי ווערט זייער אומרואיג. ס'ווערט שוין רעכט נאַכט, און ער איז נאָך אַלץ ניטאָ. טראַכט מען שוין איבער אַזוינע שרעקלעכע געדאַנקען, וואָס אַ שונא וועט ניט איינפאַלן איבערצוטראַכטן. און דאָ פּלוצלונג קומט צולויפן אַ אינגל פון קענדי־סטאָר: אַ טעלעפאָן.

לויפט זי שוין און די קני בויגן זיך איר פון שרעק. נעמט זי דאָס טרייבל, איז דאָס טאַקע דאָס קול פון איר ברויט־געבער, פון איר ליבן מאַן.

— וואו ביזטו?

— אין פּאָלים סטעישאָן, אַרעסטירט.

— ווי איז מיר, פאַר וואָס? פאַר ווען?

— צוליב אַ בלבול.

לויפט זי שוין אָן אַן אָטעם אין פּאָלים סטעישאָן. זאָגט מען איר, אַז ער איז שוין אין נאַכט־געריכט. לויפט זי אין נאַכט־געריכט און אָט שטייט ער, איר נחת. איז אָך און ווי צו איר. מיט וועמען זי דאַרף אָפּפּינצטערן די וועלט.

די צווייטע פּרוי איז אַ דעטעקטיוו. זי איז הויך. אַ טורעמדיגע, אַ ברוסטיגע, אַ בליענדע. זי שמייכלט, ס'טוט איר הנאה, זי האָט אים גע־כאַפּט אויף דער ווענטקע, דעם זינדיגן אָפּערייטאָר. פון צענדליגער טויזנ־טער מענטשן האָט זי גראָדע אים אויסגעפּישט.

די קוקעלעך, וואָס דעם אָפּערעיטאָר'ס ווייב וואַרפט אויף דער הויכער שיינער דעטעקטיווישע, זיינען אַזוינע, אַז ווען די דעטעקטיווישע זאָל וועלן אויסטייטשן זייער אמת'ן באַדייט, וואָלט זי זיך געפילט ניט אַזוי געהויבן.

די קוקעלעך האָבן געזאָגט:

קוק נאָר אָן די מרשעת, קוק זי נאָר אָן! פון וואָס זי מאַכט אַ לעבן... קוק דאָס נאָר אָן, וואָס פאַר אַ ווארגעס! קוק אָן אַ פּאָר נקבה'שע אויגן! און פון אַלע מענער האָט זי געדאַרפט אָנטרעפן אויף מיין שלימאַזל.

דער ריכטער שווערט איין די דעטעקטיווישע. זי דערציילט און שעמט זיך ניט אפילו. אבער כדי דאס מאכן איידעלער, דערמאנט זי דאס ווארט אוממאראלישקייט. דאס הייסט, אז איר אויפגאבע איז אויסצואווארצלען די אוממאראלישקייט, וואס הערשט אין די סאבוועיס. אזוי ווי עס קומען אן פילע קלאגן פון מיידלעך, וואס ווערן באלעסטיגט אין די סאבוועיס, באזונדערס אין די אייל־שטונדן, איז איר אויפגאבע צו פאקן די באַ־לעסטיגער.

דער ריכטער קוקט אויפן באלעסטיגער מיט צארן. און דער באַ־לעסטיגער קוקט אויס אזוי נעבעכדיג, אז ס'קומט אויס, אז ער איז גאר דער באלעסטיגטער. ווייל ווען ניט אט די מאראל־אפהיטערין, וואלט ער שוין איצט געזעסן מיט זיין ווייב און קינדער, געגעסן וועטשערע און הנאה געהאט פון רו נאך אזא שווערן טאג ארבעט.

יא, האט זי, הייסט דאס, זיך ארויסגעלאזט פישן די זינדער. אין א לעקסינגטאן עקספרעס, איבערגעפאקט, האט זי באמערקט דעם אינדי־ווידואום און האט זיך צוגעשטופט נאענט לעבן אים. און אזוי ווי דאס הארץ האט איר געזאגט: ער איז געקראכן מיט די הענט דארטן וואו מען דארף ניט, און זי האט אים גלייך אויפן פלאץ ארעסטירט.

די ווייב קוקט אויף איר מאן בשעת מעשה. איר קוק איז — גיפטיגע שלענגלעך. איר קוק זאגט:

אויסוואורף איינער, אויסגעלאסענע זאך, לעקיש! הלוואי וואלט איך זיך געווען באגראבן, איידער איך האב חתונה געהאט פאר דיר. איך וועל אויסגעריסן מיט די קינדער, און ער אין די סאבוועיס מיט פרעמדע ווייבלעך גאר.

דער ריכטער פרעגט אים, וואס ער האט צו זאגן. ער האט שוין, ווייזט אויס, א סך צו זאגן, אבער ער שטאמלט. ער האט ניט קיין לשון. ער איז שוין א פארלארענער מענטש. אויב אפילו מען וועט אים באפרייען, וועט שוין זיין לעבן ניט זיין קיין לעבן מיט איר, מיט זיין ווייב. זי וועט אים שוין יאדען ביזן טויט אריין. ער קען שוין גוט זיין ווייבל.

ער איז ניט שולדיג, שטאמלט ער ארויס. אבער ניט דער ריכטער גלויבט אים און ניט זיין ווייב. ער איז געפארן אין סאבוועי און זיך געזעסן אזוי־א. ער איז מיד פון א טאג ארבעט און וויל שוין וואס גיכער קומען אהיים. און ס'איז ענג, און דאס דאזיגע פרעמד ווייבל שטופט זיך נאענט צו אים, און זי קוקט אים גלייך אין די אויגן און זי שמייכלט. פארשטייט ער ניט, וואס זי שמייכלט צו אים, אז ער האט זי קיינמאל פריער ניט געזען. זי נעמט אן זיין האנט און ער פארשטייט איינגאנצן ניט. און פלוצלונג זאגט זי אים, אז ער איז ארעסטירט.

אַזוי, הייסט דאָס, דערציילט דער אַפּערייטאָר פֿון די בראָנקס, און נאָכדעם, אַז ער האָט דערציילט, ווערט אים עטוואָס לייכטער. ער ווערט פֿול מיט האָפֿענונג, אַז דער ריכטער וועט אים אפשר גלויבן און זיין ווייב וועט אים אויך גלויבן.

איז דער ריכטער ווי דער ריכטער, אָבער דאָס ווייב שאָקלט איר קאָפּ מיט פֿאַרדאַכט. זי גלייבט אים ניט קיין איין וואָרט. אירע פֿאַרוויינטע אויגן זיינען געוואָרן שמאָל און שלעכט. ער האָט אַ פּאָר מאָל אַ קוק געטאָן אויף איר פֿון אַ זייט, און ער האָט שוין פֿאַרשטאַנען זיין אורטייל.

אָבער דאָס, וואָס זי וועט אים געבן אין דער היים, דאַרף קיינער ניט וויסן. פֿאַר דער וועלט דאַרף זי אים כאָטש ריינוואַשן, איר צאַצקע־דיגן מאַן. און זי שטרעקט אויס אירע הענט צום ריכטער פֿול מיט געבעט:

— פּליז, — מאַכט זי, — זאָל דער ריכטער פֿאַרשטיין, אַז ס'איז אַ טעות. זי ווייסט, אַז ס'איז אַ טעות. ער איז אַ לייטישער מאַן. ער גיט איר שטענדיק אָפּ די פּעידע (די שכירות), ער זיצט שטענדיק אין דער היים, נאָר מיט איר גייט ער אויס. און אַז ווען ער זאָל זיין אַזוינער, ווי די פֿרעמדע פֿרוי דערציילט, וואָלט זי דען מיט אים געוואוינט אונטער איין דאַך? זאָל דאָס דער ריכטער פֿאַרשטיין. זי איז זיכער, אַז ס'איז אַ טעות. אַז דאָס איז געווען ניט ער, ניט איר מאַן.

דאָס האָט זי געזאָגט פֿאַר דער וועלט, און דער מאַן איז דערפֿרייט געוואָרן פֿון אַזוינע רייד. אָבער ווען זי איז געבליבן שטיל און ווידער אַ קוק געטאָן צו אים, איז ער זייער טרויעריק געוואָרן פֿון איר קוק.

דעם ריכטער האָט ניט גערירט זיין ווייב'ס רייד. ער האָט אים פֿאַר־האַלטן אונטער 50 דאָלער בעיל.

נעמט מען אים אַוועק און איידער ער לאָזט זיך גיין, דרייט ער אויס אַ פֿאַרצווייפֿלט פּנים צו זיין פֿרוי. יענע, פֿול מיט ביטערניש, גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, ס'הייסט: לעקיש איינער! — און גייט זיך אַרויס מיט זייער אַ שווערן געמיט.

# מ־מ־מ־מ

א שטומע שווארצע מאמע גייט זיך אריין אין געריכט־זאל. שא־שטיל גייט זי אריין, מען האָט אפילו ניט געהערט אירע טריט, און מען האָט אפילו ניט געוואוסט צי זי איז דאָ. מ־מ־מ־מ, מאכט זי, און אלע קוקן זיך אום. נעמט דער געריכט־באאמטער און וויל זי ארויספירן. מ־מ־מ־מ, מאכט זי שוין העכער און טענה'ט מיט די הענט. אָבער מען פירט זי ארויס. ס'איז נאָך ניט געקומען איר ריי, און זי ווייסט ניט, ווען איר ריי וועט קומען. גייט זי שפעטער נאָכאמאָל אריין און מאכט ווידער מ־מ־מ־מ. פירט מען זי ווידער ארויס.

א קליינינקע פרוי איז זי, מיט א מאָדנע היטעלע אויפן קאָפּ. ס'איז צוזאמענגעשטעלט פון אלערליי קאָלירן, רויט, שווארץ, גרין, געל, און נאָך און נאָך קאָלירן. וואו האָט זי דערטאפּט אזא מאָדנע היטעלע? איר פּנים איז אויסגעטריקנט ווי א פעפערל. אויגן מיט אייביגן טרויער. דער טרויער האָט זיך דארטן אריינגעזעצט סאמע אין אָנפאנג פון איר לעבן, ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אז אנדערע קינדער פון איר גלייכן קענען די מענטש־לעכע שפּראך, און זי קען ניט.

מען האלט איר קינד פארשפּארט פאר גנבה, און דערפאר מאכט זי מ־מ־מ־מ. זי וויל זען איר קינד. ווען מען האָט אריינגעבראכט איר סינד, א אינגל פון א יאָר 10, האָט זי אים ארומגענומען און אים א קוש געטאָן אין ביידע אויגן. פארוואָס גראדע אין די אויגן? אפשר דערפאר, ווייל זיי זיינען זייער שיינע, די אויגן. גרויסע אויגן, וואָס ברענען ווי די פלעמ־לעך פון ליכט קעגן ווינט. זיי פלאַטערן, די פלעמלעך, אין זיינע אויגן און ווערן גרעסער און גרעסער, און דערנאָכדעם שמעלער און שמעלער, און דערנאָכדעם פלאקערן זיי אויף העל און טרויעריג.

מ־מ־מ־מ, מאכט זי אויך צו איר קינד מיט פיל ליבשאפט; לייגט צו דער זון א פינגער צו איר מויל און הייסט איר שווייגן. פאָלגט זי אים גלייך, אקוראט ווי זי וואָלט געווען דאָס קינד און ער — דער דערוואקסע־נער, וואָס פארשטייט מערער פון איר.

דער איטאליענישער קרעמער איז דאָ דער בייזער מחותן און ער וויל דאָס ניט זיין. ער זיפצט און קרעכצט און וויל ארויסצייגן מיט זיין זיפצן און קרעכצן, אז ס'איז אים שווער, אז ער איז אין אַן אומאנגענעמער לאגע. ער מאכט א לעבן פון די שווארצע און דאָ דארף ער אָנקלאָגן א שווארצן. קיין געזונט זיינע ביזנעס וועט שוין ניט צוקומען פון דעם.

דעם קרעמער'ס קאָפּ איז אָפּגעשווירן. א גרויסער קיילעכדיגער קאָפּ.

און צוליב דער אָפּגעשווירנקייט זעט אויס דער קאָפּ משונה גרויס, און דער שטערן זייער הויך. דער גאַנצער קאָפּ — איין שטיק שטערן. קומט שוין אויס, ווי די אויגן וואָלטן געווען אַריינגעזעצט ניט אין ריכטיגן פּלאַץ, נאָר אַ סך נידעריגער, ווי געוויינלעך.

איז געווען אַזוי:

ער שטייט אין זיין קרעמל, אַ פּרוכט־קרעמל אַזאַ. קיין קונים זיינען דעמאָלט ניט געווען. הערט ער, ווי מען שרייט פון דער גאַס ער זאָל אַרויסגיין. און געשריגן האָט דאָס אינגל, וואָס שטייט איצט פאַרן ריכטער דין און איינגעבויגן, מיט אַ שולדיגן אויסגעשטרעקטן האַלז.

איז ער אַרויסגעגאַנגען, דער קרעמער, אויף דער גאַס און געפרעגט:

— וואָס ווילסטו ?

האָט דער אינגל געזאָגט:

— עקסקיוז מי, דו ווייסט, וואו איך קען קויפן אַ בייסיקל ?

האָט ער זיך צעלאַכט און אים געענטפערט:

— ערשטנס, וואָס האָסטו מיך געדאַרפט אַרויסרופן אַזש אין גאַס ? האָסט ניט געקאָנט אַריינגיין אינעווייניג ? און צווייטנס, פונוואַנעט זאָל איך וויסן וועגן בייסיקלס ?

האָט דער אינגל געזאָגט, אַז דאָס, וואָס ער איז ניט אַריינגעגאַנגען אינעווייניג, איז צוליב דעם, ווייל ער וויל גאָרניט קויפן, און ער ווייסט, אַז בלויז מענטשן, וואָס קויפן עפּעס, גייען אַריין אינעווייניג. און דאָס, וואָס ער פרעגט אים וועגן בייסיקל, איז דערפאַר, ווייל מען זאָגט אין בלאָק, אַז ער, דער איטאַליענער, איז זייער אַ קלוגער מענטש און ווייסט אַלעס.

האָט ער זיך ווידער צעלאַכט און אים געזאָגט:

— און אַז איך וועל דיר שוין זאָגן, וואו מען קען קויפן אַ בייסיקל, האָסטו דען געלט צו קויפן אַ בייסיקל ?

אויף דערויף האָט דער אינגל געזאָגט, אַז קיין געלט צו קויפן איצט דאָס בייסיקל האָט ער טאַקע ניט, אָבער ער וועט מסתמא אַמאָל האָבן געלט, ווייל ער איצט וויסן, וואו וועט ער דאָס בייסיקל קאָנען קויפן.

פאַרשטייט זיך, אַז דער גאַנצער געשפּרעך איז בלויז געווען אַן אָפּ־נאַרעריי, ווייל בשעת ער איז געשטאַנען אין דרויסן און גערעדט צו אָט דעם בחור׳ל, איז עמיצער געווען אין זיין קרעמל אינעווייניג און האָט אַרויס־גענומען פון זיין קאַסע 4 דאָלער מיט קליין געלט.

די שטומע מאַמע שאָקלט קריטיש מיטן קאָפּ, ווען דער קרעמער דערציילט זיין מעשה. מ־מ־מ־מ, מאַכט זי צום ריכטער, ס׳הייסט:

— גלויב אים ניט. זעסט ניט, אַז ער איז אַ שלעכטער מענטש און וויל אומברענגען מיין קינד ?

דאָס אינגל וויינט. ער איז זיך מודה. מ־מ־מ־מ, מאכט זי צו אים מיט ליבשאפט. מ־מ־מ־מ, ווי זי וואָלט געזאָגט:

— וויין ניט, קינד, דו ביזט ניט שולדיג, ער איז שולדיג, דער קרעמער, אָבער ניט דו.

— פארוואָס האָסטו גע׳גנב׳עט?

ער האָט געוואָלט ארויסהעלפן זיין מאמען. זי איז אָרעם. ס׳איז ניטאָ וואָס צו עסן אין הויז. קיין טאטע איז ניטאָ.

— וואָס־זשע, מען גיט אייך דען ניט קיין רעליף?

ניין, מען גיט זיי ניט קיין רעליף. און ער וויינט, דער אינגל, מיט גרויסע ביטערע טרערן, דערפאר וואָס ער איז א גנב, און אפשר אויך דערפאר, וואָס זיין מאמע איז שטום.

מען פארהאלט דעם אינגל. מען פירט אים אוועק. לויפט נאָך די מאמע, לאָזט מען זי ניט. הייבט זי אָן צו וויינען, די שטומע מאמע, שטרעקט אויס צום ריכטער א פּאָר ריידעוודיגע הענט און מאכט:

— מ־מ־מ־מ, מ־מ־מ־מ...

# ער האָט די געוואָלט שטעכן מיט אַ מעסער

אַ צעשראָקענע יונגע פרוי אין די דרייסיגער. אַ בלאַסע, אַ צער־רודערטע, אַ נערוועזע. אירע פינגער רוען ניט איין. אָט האַלטן זיי אין איין פּאַרקנעפּלען און אויפקנעפּלען איר מאַנטל. אָט האַלטן זיי אין איין קלאַפּן אויפן טיש. אירע אויגן פינקלען מיט פאַרדאַכט. זי קוקט זיך פריער איין אין מענטשן איידער זי ענטפערט אויף וואָס מען פרעגט זי.

אַ הויכער איד מיט פיינע וואָרגעס קוקט אויף איר מיט אומגליק. יענע האָט אָבער מורא, וואָס ער קוקט אויף איר. איז זי נאָך מער צע־טומלט. זוכט עמיצן מיט די אויגן.

דער הויכער איד איז מיט אַ סך יאָרן עלטער פון דער יונגער פרוי. זי איז אפשר ארום 35 יאָר אַלט, ער — ארום 60. אָבער ער איז פון די דאָזיגע זעכציק־יאָריגע אידן, וואָס קאָנען נאָך, ווייזט אויס, גאַנץ פיין הנאה האָבן פון לעבן, וואָס האָבן ליב אָפּצועסן אַזוי מיט אַ ווערך, וואָס האָבן ליב אַלע זינדיגע זאַכן אויף דער וועלט.

— וואָס איז דיין קלאַגע? — ווענדעט זיך דער ריכטער צו דער פרוי.

— ער האָט מיך געוואָלט שטעכן מיט אַ מעסער, — ענטפערט זי אָן שום הקדמות.

קוקן אַלע אויף דעם הויכן אידן מיט די פעטע וואָרגעס, וואָס האָט זי געוואָלט שטעכן מיט אַ מעסער, און שרעקן זיך פאַר אים. ער קוקט טאַקע אויס ווי אַ גזלן. אָדער, בעסער געזאָגט, אַ גזלן וואָלט געדאַרפט אַזוי אויסקוקן, ווי ער. אַ הויכע גבורה'דיגע ברוסט, ברייטע פּלייצעס. שטייט זיך גאַנץ זיכער אויף דער ערד מיט זיין גאַנצער הויך. דער איינ־ציגער שטריך, וואָס מאַכט אים ניט אויסקוקן אויף אַ גזלן איז דאָס, וואָס זיין פּנים קוקט אויס אומגליקלעך, און זיין בליק איז נעבעכדיג.

— וואָס מיינסטו, ער האָט דיך געוואָלט שטעכן מיט אַ מעסער? דערציייל, — דערשרעקט זיך אויך דער ריכטער.

— ער האָט געכאַפּט דאָס לאַנגע מעסער פון טיש־קעסטל און געלאָפן גלייך אַנטקעגן מיר און געשריען: „איך גיי דיך שטעכן", „איך גיי דיך שטעכן".

זי ציינט, ווי אַזוי. איר קול איז צערודערט. אירע אויגן פינקלען, ווי ביי אַ משוגענער. מען דערשרעקט זיך עפּעס פאַר איר. מען ווייסט נאָך ניט וואָס, אָבער מען דערשרעקט זיך.

— דו ביזט זיין פרוי?

— יאָ, זיין פרוי, — לאָזט זי אַראָפּ פרום און פאַרשעמט אירע אויגן.

ווען זי לאָזט אַראָפּ פרום און פאַרשעמט אירע אויגן, ווערט זי שיין. פאַרלירט איר פּנים די צערודערטקייט. לייגט זיך אַ שאָטן פון נאָכגעביג־קייט אונטער אירע אויגן.

— וואָס־זשע האָסטו געטאָן, ווען ער האָט זיך געלאָזט אויף דיר מיט אַ מעסער?

— איך בין צוגעלאָפן צום פענצטער און האָב געשריען: „העלפט, העלפט!"

זי וויל צייגן ווי זי האָט געשריען „העלפט, העלפט", אָבער דער ריכטער לאָזט ניט. ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, זי זאָל שווייגן. דער ריכטער האָט עפּעס מורא פאַר דער דאָזיגער פרוי, וואָס קוקט מיט אַזוי פיל פאַרדאַכט אויף יעדן איינעם, און איר פּנים איז אומרואיג, צערודערט, קנייטשט זיך, ציטערט־אויף.

— בלויז אויף אַ שפּאַס, — וויל דער איד אַ לאַך טאָן.

— מיר וועלן שפּעטער הערן דיין שפּאַס, — איז דער ריכטער שטרענג. — אָפּיסער, וואָס האָט איר צו זאָגן?

— גאָרניט. בלויז דאָס, אַז איך בין גראָדע געשטאַנען לעבן הויז ווען די פרוי האָט געשריען, און איך בין גלייך אַריינגעלאָפן אין הויז און אים אַרעסטירט.

— וואָס האָסטו געזען ווען דו ביזט אַריינגעלאָפן?

—איך האָב געזען דעם אָנגעקלאָגטן האַלטן דאָס מעסער אין דער האַנט, אַקוראַט ווי ער וואָלט זי געוואָלט אַטאַקירן. האָב איך אַרויסגעריסן דאָס מעסער פון דער האַנט און אים אַרעסטירט. און אָט איז דאָס מעסער, — וויקלט ער אַרויס פון אַ פּאַפּיר אַ מעסער מיט אַזאַ לאַנג קלינגל, אַז ס'גייט אַזש איבער אַ ציטער איבער יעדן איינעמס רוקן.

— ווי לאַנג אַז איר זייט פאַרהייראַט? — ווענדעט זיך דער ריכטער צו דער פרוי.

— פיר חדשים, — לאָזט זי ווידער אַראָפּ אירע אויגן פרום און פאַר־שעמט, און איר פּנים ווערט רואיג און פיין.

— פיר חדשים, — וואונדערט זיך דער ריכטער, און פאַרשטייט עפּעס ניט, — איז דאָס דיין ערשטער מאַן?

— יאָ, — הויבט זי ניט אויף די פאַרשעמטע אויגן.

— איז דאָס דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט דיך געסטראַשעט מיטן מעסער?

— יאָ, ס'ערשטע מאָל, — ווערט איר פּנים ווידער צערודערט.

— פלעגט איר זיך קריגן?

— ניין, אָבער ער האָט מיך אַ סך מאָל געוואָלט שלאָגן, — הייבן אַז אירע אויגן צו שיסן מיט נערוועזע פייערלעך.

— בלויז אויף אַ שפּאַס, — שמייכלט דער הויכער איד מיט צע־קרימטע ליפּן.

— האָסטו געכאַפּט צו איר דאָס דאָזיגע מעסער?

— יאָ, אָבער איך האָב גאָרנישט ניט געמיינט.

— וואָס איז דיין פאַך? — דרייט דער ריכטער דאָס לאַנגע מעסער אין זיינע הענט, און פאַרדעכטיגט עפּעס.

— איך בין אַ בעקער, איך האַלט אַ בעקעריי.

— אַ, אַ, — פאַרשטייט שוין דער ריכטער דעם אָפּשטאַם פון מעסער.

— אָבער, וואָס הייסט, דו כאַפּסט אַ מעסער צו דיין ווייב?

— זי איז אַ משוגענע, הער ריכטער. איך זאָג אייך, אַז זי איז אַ משוגענע. ווען איר ווייסט אירע משוגעת'ן. איך האָב גאָרניט געוואוסט. זי האָט אויסגעקוקט גאַנץ נאָרמאַל, ווען איך האָב מיט איר חתונה געהאַט. זי איז נאָך געווען אַ מיידל — זאָגט ער מיט אַ טאָן נידעריגער, — מיין ווייב איז מיר געשטאָרבן, האָב איך געטראַכט...

— געשטאָרבן פון וואָס? — איז דער ריכטער שטרענג און פאַר־דעכטיגט אים שוין, ווייזט אויס, אויך אין טויט פון זיין ערשטער פרוי.

— געשטאָרבן פון ניומאָניע, — ווערט ער טרויעריג.

— ביסטו אַמאָל געווען אַרעסטירט? — נעמט אים דער ריכטער דורך און דורך.

— אָ, קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט, — דערשרעקט ער זיך אַזש פון באַליידיגונג. — איך בין אַן ערלעכער ביזנעסמאַן. אַלע אין מיין בלאָק קאָנען מיך. איך האָב אויף מיין לעבן קיינעם ניט געטשעפּעט. אָבער דאָ איז עפּעס אַנדערש. זי איז אַ משוגענע. זי פאַרמאָגט עפּעס אַזוינע מאָדנע שטיק, אַז איך דערשרעק זיך פאַר איר.

— וואָס פאַר אַ מאָדנע שטיק? — קוקט דער ריכטער אויף דער פרוי, וועלכע זעט טאַקע אויס צו זיין מאָדנע. באַזונדערס אירע אויגן, וואָס בלאָנדזשען מיט פאַרדאַכט און מיט צעטומלטקייט.

— זי קאָן פּלוצלונג, אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען, אָנהויבן צו וויינען, און אָפּוויינען עטלעכע טעג כסדר. וויפיל איך רעד ניט צו איר און בעט, נאָר זי וויינט.

— דו מיינסט, אַז זי וויינט אויף אַ קול? — וויל דער ריכטער אים כאַפּן אין דער פיזישער אוממעגלעכקייט פון וויינען עטלעכע טעג כסדר אויף אַ קול.

— ניין, נים אויף א קול. גלאט אזוי גיסן טרערן פון די אויגן.
— די גאנצע צייט? — גלויבט נים דער ריכטער.
— ס'מיינט נים די גאנצע צייט. נאָר אַלעמאָל מיט איבעררייס.
— וואָס איז די אורזאך פון איר וויינען?
— איך הויב נים אָן צו וויסן.
— דו שרייסט אויף איר? דו באהאנדלסט זי שלעכט?
— ניין. פארקערט, מיט גוטן.
— אָבער וואָס איז וועגן מעסער?
— איך מוז אייך פריער דערציילן וועגן אַן אנדער זאך, און דער־נאָך וועל איך דערציילן וועגן מעסער, — בעט זיך יענער.
— דערצייל.
— זי קאָן זיך אמאָל אויך אַוועקלייגן אין בעט אויף א פּאָר טעג און נים וועלן אויפשטיין.
— אפשר איז זי קראנק?
— ניין, ס'איז פון משוגעת. זי ליגט אזוי מיט פארמאכטע אויגן, און וואָס איך רעד צו איר, ענטפערט זי מיר אפילו נים. אזא פרוי איז זי.
— אָבער וועגן סטראשען זי מיטן מעסער — לאָזט אים דער ריכטער נים ארויסדרייען זיך.
— ס'איז בלויז געווען אויף א שפּאס, — שעמט ער זיך צו דערציילן.
— אזוי שפּאסט מען?
— איך פארשטייט, הער ריכטער, זי האָט געהאלטן אין איין געניצן.
— וואָס מיינסטו?
— אזוי, עטלעכע טעג כסדר, ווי זי האָט געגעניצט און געגעניצט, און זיך נים געקאָנט אָפּשטעלן. איך האָב אפילו גערופן א דאָקטאָר. ער האָט פארשריבן עפּעס א מעדיצין. האָט די מעדיצין אויך נים געקאָנט אָפּשטעלן איר געניצן. האָב איך א טראכט געטאָן, אפשר, אז איך וועל זי אָנשרעקן, וועט זי אויפהערן. דערפאר האָב איך א כאַפּ געטאָן דאָס מעסער און א געשריי געטאָן צו איר אומיסטן: „אָט קוילע איך דיך!"

אין געריכט־זאַל ווערט א געלעכטער. דער ריכטער קלאַפּט מיטן האמער, ס'זאָל זיין שטיל. אָבער אַליין לאכט ער אויך.

— האָסט געהאלטן אין איין געניצן? — ווענדט זיך דער ריכטער צו דער פרוי.

— יאָ, — איז זי זיך מודה א פארשעמטע.
— וויפיל האָט דאָס אָנגעהאלטן?
— צוויי טעג, — ענטפערט יענע מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן.

— האָט זי נאָכדעם אויפגעהערט צו געניצן ? — פרעגט דער ריכטער מיט אַ שמייכל.

— איר זעט דאָך, — איז דער בעקער כמעט שטאָלץ.

— וואָלסט זי געדאַרפט אונטערזוכן ביי אַ גוטן דאָקטאָר פאַר נערוועזע, — רופט זיך אָן דער ריכטער, נאָכדעם ווי ער איז געזעסן אַ היפשע ווײַלע אַ פאַרקלערטער.

— איך וועל דאָס טאָן, איך וועל דאָס טאָן,— איז יענער גלייך מסכים.

— און איר שרעקט זיך נים, ער האָט אייך ניט געוואָלט טאָן קיין שלעכטס, — באַרואיגט דער ריכטער די פרוי.

יענע איז שוין, ווייזט אויס, אויסגעשעפּט. די צערודערטקייט איז פאַרשוואונדן. זי זעט שוין אויס רואיג, אָבער אַן אויסגעמאַטערטע, אַ בלייכע.

דער בעקער נעמט זי אָן ביי דער האַנט און פירט זי אַרויס. לאָזט זיך יענע פירן ווי אַ קליין קינד, אַ גלייכגילטיגע, אַן אַפּאַטישע.

— דעם מעסער, האָסט פאַרגעסן דיין מעסער, — לויפט אים נאָך דער קלוירק און וויל אים אָפּגעבן די דאָזיגע כלי.

— אַן אַנדערש מאָל, — מאַכט דער בעקער מיט אַ געהיימען פּנים צום קלוירק, — וועל איך דאָס אָפּנעמען. זי — ווייזט ער אויף דער פרוי און דערזאָגט ניט...

# דער לאָיער און זיינע עלטערן . . .

געקומען קיין ניו יאָרק, גיי איך מיר אין געריכט. אזויפיל יאָרן פאַר־בראַכט דאָרטן. אזויפיל יאָרן געלערנט דאָרטן די וועגן פון דעם מענטשן.

און ס'איז איצט מלחמה אויף דער וועלט, און יעדער איינער אין אונזער לאַנד, דירעקט אָדער אומדירעקט, נעמט אַנטייל אין דער בלוטיגער דראַמע פון אונזער צייט.

זעען איצט אויס די לאָדענישן און די רייסערייען אין געריכט אזוי קליינלעך און נישטיג. און אזש עס גלויבט זיך גאָרניט.

איידער איך בין אריינגעגאַנגען אין געריכט האָבן די צייטונגען פון די געשטעלן געשריען מיט גרויסע אותיות: „אַמעריקע דרינגט אריין אין נאָרט־אַפריקע". „ראָמעל לויפט און קאָן זיך ניט אָפּשטעלן". „סטאַ־לינגראַד שטייט אייזן־פעסט".

איז עפּעס מאָדנע, ווען אינעווייניג אין געריכט — עלעהעי גאָרניט טוט זיך איצט אָפּ אויף דער וועלט. און די וויכטיגסטע פראַגע איז איצט, צי האָט ער יאָ געהאַט אַ רעכט אַרומצוטראָגן זיך מיט בילדער פון נאַקעטע פרויען, צי ער האָט ניט געהאַט קיין רעכט.

און עס זיצן דריי ריכטער פון אויבן אָן אין „געריכט פון די ספּעציעלע זיצונגען" („קאָורט אָוו ספּעשעל סעשאָנס"). דריי חכמים זיצן אויבן־אָן אין זייערע ריכטער־מאַנטלען.

איז דער מיטלסטער מיט אַן אומגעהויער־גרויסן שטערן און מיט ברענענדיגע ברוינע, קלוגע אויגן. ער איז דאָס דער הויפּט־ריכטער.

פון זיין רעכטער זייט — איינער מיט שוואַרצע וואָנצעלעך און מיט געקרויזלטע האָר, און ער דערמאָנט אין אַלבערט איינשטיין, ווען יענער איז געווען יונג.

פון דער לינקער זייט — אַ מענטש אַ לאַנגער, אַ דאַרער, מיט אַ גרויסן קנאָפּ אין גאָרגל, און זיין פּנים אזוי ערנסט, און זיין שטערן אזוי פילאָזאָפיש...

און דער מאַן, וועמען מען האָט געכאַפּט מיט די בילדער פון די נאַקעטע פרויען, ער זעט אויס גוואַלדיג ברוטאַל. אַ פאַרשוין אזא מיט שטעכיגע שוואַרצע וואָנצעס און מיט ברוינע אויגן, וואָס לאַכן אומהיימ־לעך. אזוינע אויגן דערשרעקן. ס'איז ווי אַ פאַרגלעזערטער געלעכטער.

און אויסגעפּוצט איז ער, ווי אַ געוואַלדיגער דזשענטלמאַן. זיין רויט־לעך־ברוינער אַנצוג, אַקוראַט ווי ער האָט אים ערשט אָפּגענומען פון

שנײדער. זויבער און נעט, מיט קאָרעקטע קנײטשן אומעטום, דאָרטן וואו מען באַדאַרף.

און פון דער אויבערשטער רעקל־קעשענע קוקט אַרויס דער שפּיץ פון אַ שניי־ווייס טיכעלע. און אויף זיין געל־און־שוואַרץ געשטרייפטן שניפּס — אַ קליין דימענט־שפּילקעלע. און פּאַרפיומירט איז ער אויך. ס׳טראָגט זיך פון אים אַ ריח פון אָדעקאָלאָן, אָדער פון אַן אַנדער מין שמעקנדיגער וואַסער.

זיינע שטעכיגע וואָנצעס אָבער, און דאָס פאַרגלעזטע געלעכטערל אין זיינע אויגן, און דער ברוטאַלער שטערן זיינער, דערשרעקן אייך. אַ הויכער שטערן און אַ האַרטער קוקט ער אויס. אַ ביינערדיגער אַזאַ.

דער דעטעקטיוו, וואָס האָט אים אַרעסטירט, איז אַ מאַן מיט גרויע האָר. גרינלעך־גרויע האָר. אַ שלאַנקער מיט גרויע אויגן. אַן איידל פּנים מיט פּילבאָרע ליפּן. זיין פּליכט אַלס דעטעקטיוו איז צו אַנטדעקן אומ־מאָראַלישקייט.

האָט ער אים אַנטדעקט. פון לאַנג שוין געוואָרפן אַן אויג אויף יענעם, אַז ער האַנדלט מיט אומאַנשטענדיגע בילדער. האָט ער אים אָפּגעשטעלט אויף דער און דער גאַס, אים באַזוכט אין די קעשענעס און אָט וואָס ער האָט געפונען.

דער דעטעקטיוו לייגט אויס פאַר די ריכטער אַ גאַנצן פּאַק מיט פאָטאָ־גראַפיעס. גייען די פאָטאָגראַפיעס פון איין ריכטער צום אַנדערן. אַלע דריי חכמים ריכטער מוזן באַקוקן די בילדער. קוקן זיי גאַנץ אויפמערקזאַם, מיט ערנסטע פּנים׳ער, מיט שטרענגע פּנים׳ער. מיט אַן איבערגעטריבענער שטרענגקייט. אַקוראַט, ווי זיי ווילן זאָגן מיט דעם צו די מענטשן, וואָס זיצן אין זאַל: נים צוליב זינדיגער נייגעריגקייט טוען מיר דאָס, נאָר ווייל ס׳איז אונזער פליכט. מיר מוזן זען די באַווייזן.

און דער לאָיער, וואָס פאַרטיידיגט דעם אָנגעקלאָגטן, ער קוקט אויס ווי אַ זיידענער יונגערמאַנטשיק, מיט זאַפטיגע רויטע ליפּן, וואָס באַ־טעמ׳ען יעדעס וואָרט. מיט ווייכע שוואַרצע אויגן, מיט אַ קלוגן, הויכן, מאַטעוואַן שטערן, מיט עפּעס אַזוינע סאַמעט־שוואַרצע האָר, מיט אַן איידל, שיין־געשניצט געזיכט.

לעבן מיר אויף דער באַנק איז געזעסן אַ מיטליאָריג פּאָר־פאָלק. אויסגעפּוצטע אין זייערע יום־טוב׳דיגע קליידער זיינען זיי געזעסן, און סיי דער מאַן און סיי די פרוי האָבן געקוקט אויף דעם דאָזיגן לאָיער מיט אַזוינע ליבע און געטרייע אויגן.

— מיין זון, — מאַכט צו מיר דער טאַטע מיט גרויס שטאָלץ.

— ער באַרימט זיך שוין! — רופט זיך אָן די פרוי בלומרשט מיט

הוזק. אָבער מען זעט, אַז ס'טוט איר גראַדע הנאה, וואָס ער האָט געזאָגט: „מיין זון."

אידישע טאַטע און מאַמע האָבן זיך אויסגעפּוצט יום־טוב'דיג און געקומען אין געריכט צו קוקן אויף זייער זון, ווי ער ווייזט אַרויס זיין לאַיערשע חכמה.

טאַטע און מאַמע האָבן מסתמא גענוג געצויגן די קלעי פון זיך און אים געשיקט אין קאַלעדזש. איצטער זיינען זיי שוין שטאָלץ, טאַטע און מאַמע. אַ לאַיער זייער געראַטענער זון.

שטייט דער געראַטענער זון און פאַרטיידיגט אַ פּימפּ, און פאַרטיידיגט אים מיט אַזאַ ליידנשאַפטלעכקייט, מיט אַזאַ געטריישאַפט.

— האָסטו געזען מיין קליענט פאַרקויפן צו אַנדערע מענטשן די דאַזיגע בילדער? — פרעגט דער לאַיער דעם דעטעקטיוו מיט פּאַרוואורף.

— ניין, — מוז יענער מודה זיין.

— האָט דיר מיין קליענט זיך מודה געווען, אַז ער פאַרקויפט די דאַזיגע בילדער צו אַנדערע מענטשן? — האַמערט דער לאַיער מיט אַזאַ מין זעלבסט־גערעכטן כעס.

— ניין, — איז יענער הילפלאָז. — ער האָט מיר נאָר געזאָגט, אַז ער ווייזט צו פריינט, ווען איך האָב אים געפרעגט, וואָס ער טוט מיט זיי.

— האָט ער דיר געזאָגט, אַז ער ווייזט זיי צו זיינע פריינט פאַר געלט?

— פרעגט יענער מיט אַ שטראָפנדיגן קול.

— ניין, — מוז דער דעטעקטיוו צוגעבן.

— דאָס אַלעס, — מאַכט דער לאַיער און איז אייזן־פעסט ביי זיך.

גייט דער דעטעקטיוו אַראָפּ פון עדות־שטול. נעמען זיי, די דריי חכמים־ריכטער, זיך באַראַטן: מיט אַזאַ וויכטיגן ערנסט טענה'ן זיי איינער צום אַנדערן אין דער שטיל.

דער מיטלסטער ריכטער, וואָס ער איז דער הויפּט־ריכטער, עפנט אויף אַ גראָבן געזעץ־בוך און לייענט אַרויס: לויט געזעץ נומער דער און דער, אויף דעם און דעם בלעטל, זאָגט זיך אַזוי און אַזוי. אַז לויט דעם עדות־זאָגן פון דעטעקטיוו איז נאָך ניט באַוויזן געוואָרן די שולדיגקייט פון אָנגעקלאָגטן, און דעריבער מאַכן מיר בטל די קלאַגע.

דערפרייט זיך דער דזשענטלמאַן מיט די שטעכיגע וואָנצעס. צע־שמייכלט זיך טריאומפירנדיג דער לאַיער.

— ס'איז זיין ערשטע „קעיס" אַלס לאַיער, — טיילט מיר מיט דער שטאָלצער טאַטע מיט שטראַלנדיגע אויגן.

— ס'האָט מיר אַזוי געקלאַפּט דאָס האַרץ, — רופט זיך אויך אָן די מאַמע און אין אירע אויגן טרערן פון פרייד.

זיי הויבן זיך אויף, טאַטע און מאַמע, פון דער באַנק און לאָזן זיך אַרויס אין פאָדער־צימער, וואו דער זון שטייט מיטן פימפּ און יענער דריקט אים זייער האַרציג די האַנט.

— נו, וואָס זאָגסטו, מאַמע? — לאָזט זיך דער זון צו איר כלומרשט אַ גלייכגילטיגער.

די מאַמע קושט דעם זון אין שטערן מיט פיל פרייידיגקייט.

— מען קושט זיך שוין! — מאַכט חוזק דער גליקלעכער טאַטע.

אַלע דריי — טאַטע, מאַמע און זון — לאָזן זיך אַרויס אינדרויסן. די מאַמע האַלט געאַרעמט איר זון, וואָס איז אַזאַ קלוגער און געראָטענער און האָט אַזוי קונציג פאַרטיידיגט אַ פימפּ...

# די שוואַרצע מאַמע מיט איר ווייסן זון

— מיין ערשט־געבוירענער, — מאַכט די שוואַרצע פרוי צום ריכטער מיט פיל ווייטאָג.

איר ערשט־געבוירענער איז גאָר אַ ווייסער. ניטאָ אין אים קיין איין שטריך, וואָס זאָל אָנווייזן אויף זיין בלוט־שייכות צו דער שוואַרצער מאַמען, צו די ברידערלעך און שוועסטערלעך, וואָס זיינען אַלע געקומען אין געריכט זען, ווי אַזוי מען וועט משפטן זייער ברודער.

אַ אינגל פון אַ יאָר פערצן, דין, הויך און פלינק. ער זעט אפילו ניט אויס ווי אַ מולאַטאָ. אַ ווייסע שיינע הויט, ליפּן פיין־אויסגעפורעמטע, קליינע אויערלעך, אַ שטאָלצע שמאָלע נאָז. בלויז אויף זיינע הענט ליגט דער סימן פון זיין בלוט־שייכות: טונקעלע הענט מיט העלע ראָזעווע נעגל.

דריי ברידערלעך און צוויי שוועסטערלעך, אין עלטער פון זעקס ביז צוועלף יאָר, שטייען אַרום דער פולער שוואַרצער מאַמען. לאַכנדיגע ווייסע ציין, גרויסע שוואַרצע דערשראָקענע אויגן, דיקע אַרויסשטעקנדיגע ליפּן. געקרייזלטע האָר, ווי ביי לעמעלעך. בראָנזענע העלזער. זיי קוקן אַלע אויף דעם אינגל, וואָס איז זייער ברודער, און וואָס איז אַזוי אַנדערש פון זיי.

אַ הון, וואָס איז געזעסן אויף אייער, און פון איין איי האָט זיך גאָר אויסגעשיילט אַ קאַטשקעלע. האָט שוין די מאַמע־הון אויך ליב דאָס קאַטשקעלע, וואָס פּיקט איר ס'פּנים מיט דעם שאַרפן שנאָבל, און דערגייט איר די יאָרן.

— וואו איז דער טאַטע פון דיין עלטסטן זון? — פרעגט דער ריכטער, אָנצייגנדיג אויף איר ערשט־געבוירענעם.

— ווער ווייסט? — גיט זי אַ מאַך מיט דער האַנט אין דער ווייטקייט.

— האָסטו מיט יענעם חתונה געהאַט?

— ער איז ביי מיר געבוירן געוואָרן אָן אַ חתונה, — ענטפערט זי נאַאיוו.

— ווי לאַנג האָסטו מיט יענעם געלעבט?

— איין נאַכט, — ענטפערט זי, און אירע אויגן ווערן ווייט־געעפנט און פאַר'חלומ'ט, אַקוראַט ווי זי וואָלט זיך דערמאָנט יענע נאַכט, ווען זי איז געווען מיט אים.

— איז דאָס געווען אין ניו יאָרק?

— ניין, אין האַרלעם, ניט אין ניו יאָרק. — האַרלעם ווערט ביי איר, ווייזט אויס, פאַררעכנט ניט פאַר ניו יאָרק.

דאָס אינגל קוקט אויף זיין שוואַרצער מאַמען, קוקט אויפן ווייסן ריכטער. ער געהערט נישט ניט צום ווייסן, ניט צו דער שוואַרצער. ער געהערט צו קיינעם ניט. זיינע אויגן זיינען בייז און פרעמד. אַ פאַריאָגטע חיה. מען וויל אים שלעכטס טאָן דאָ. סיי די פרוי, וואָס איז זיין מאַמע, סיי דער ריכטער, וואָס איז פונקט אַזוי ווייס ווי ער. ער קוקט צו דער טיר, ער קוקט צו די אָפענע פענצטער. פון הויף דערטראָגן זיך פריילעכע קולות פון קאָלעדזש־יוגנט, וואָס שפּילט באָל (לעבן געריכט־הויז געפינט זיך אַן אָפּטיילונג פון ניו יאָרקער אוניווערזיטעט).

— וואָס איז דיין קלאָגע געגן אים?

— ער האָט געוואָרגן מיין קלענסטע טאָכטער, — ציינט זי אָן אויפן אינגסטן מיידעלע, מיט פאַרפלאָכטענע צעפּלעך, מיט אַ דאַר בראָנזעווען העלזל. דאָס מיידעלע גיט זיך אַ כאַפּ צום העלזל, אַקוראַט ווי ס'טוט איר איצט נאָך אויך וויי.

— בלויז דאָס איז דיין קלאָגע?

— ער האָט מיך צעשטאָכן מיט אַ מעסער, — פאַרקאַטשעט זי אַן אַרבל און ציינט אויף אַ ברייטער וואונד, וואָס האַלט זיך אין פאַרהיילן.

אַלע קוקן אויף איר וואונד, דער ווייסער זון אירער אויך. ער קוקט מיט חידוש, אַקוראַט ווי ער וואָלט דאָס דערזען צום ערשטן מאָל.

— וואו איז דער טאַטע פון די איבעריגע קינדער?

— ניטאָ.

— געשטאָרבן?

— ווער ווייסט?

— ווי לאַנג, אַז ער איז ניטאָ?

— דריי יאָר.

— ווי אַזוי איז דאָס געשען?

— ניט געקומען אַהיים און שוין.

— האָסט אים געזוכט?

— ווי קאָן איך אים זוכן צווישן אַזוי פיל מענטשן?

— פון וואָס לעבסטו?

— פון רעליף.

— וואָס ווילסטו זאָל איך טאָן מיט אים? — ציינט ער אָן אויפן אינגל.

— איך ווייס ניט.

די סאָשעל וואָרקער, אַ הויכע פרוי מיט בלאָנדע האָר, מיט אַ מע־

גערשן פּנים, עפנט אויף אַ שרייב־בוך און לייענט אַרויס פון דאָרטן איר באַריכט:

„דאָס אינגל איז אונטערזוכט געוואָרן סיי גייסטיג און סיי פיזיש, און ער ווייזט ניט אַרויס קיין סימנים פון אַבנאָרמאַליטעט. לויט דעם דיאַגנאָז פון פּסיכאָלאָג, קומען פאַר אַלע רייבונגען צוליב דער ווייסקייט פון זיין הויט. דאָס אינגל איז ניט גליקלעך צווישן די זייניגע. ניט אין שול, ניט אין דער גאַס, ניט צווישן זיין פאַמיליע. ער איז שטאָלץ. ער דענקט, אַז דערפאַר, וואָס זיין הויט איז אַ ווייסע, איז ער בעסער פון אַלע איבעריגע. די שוואַרצע חברים זיינע, די ברידערלעך און די שוועסטערלעך ווילן דאָס ניט לײַדן. קומט דערפאַר צו אָפטע צוזאַמענשטויסן. ער האַלט זיך אויך גאוה'דיג געגן זיין שוואַרצער לערערין אין פּאַבליק סקול. ער האָט זי איינמאָל מיאוס באַליידיגט פאַר אַלע קינדער אין די אויגן, זי גערופן מיאוס'ע נעמען. ער שלאָגט זיין מאַמען, ער שלאָגט זיינע ברידער און שוועסטער. ס'וועט ניט זיין קיין שלום, כל זמן דאָס אינגל וועט זיך געפינען אין הויז. רעקאָמענדיר איך דעריבער אים צוצונעמען אין אַ קינדער־אַנשטאַלט."

דאָס אינגל פאַרשטייט, וואָס די סאָשעל וואָרקער לייענט. עס באַ־ווייזן זיך טרערן אין זיינע אויגן. די שוואַרצע מאַמע באַמערקט זיינע טרערן. מאַכט זי צו אים:

— וויין ניט, קינד.

ער קוקט זיך ניט אום אויף איר. ער וויל ניט אָננעמען איר ליבע. די ווייסע ווייזן אים אויך ניט אַרויס קיין ליבע, שטייט ער אַ פאַרלוירענער אין דער וועלט, אַן אָפּגעריסענער, אַ פרעמדער. ניט אַהער און ניט אַהין.

— מיר וועלן אים צונעמען פון דיר. דאָס וועט זיין דאָס בעסטע, — זאָגט דער ריכטער צו דער מאַמען.

— איך וויל אָבער ניט, זאָלסט אים צונעמען, ווייל ער איז דאָך מיין קינד.

— ס'וועט זיין בעסער פאַר די אַנדערע קינדער, — טרייסט זי דער ריכטער.

גיט זי אַ קוק אויף אירע שוואַרצע קינדערלעך, וואָס שטייען געגן איר מיט גרויסע גלאַנציגע דערשראָקענע אויגן, גיט אַ קוק אויף איר ווייסן זון, וואָס שטייט זיך אַ פרעמדער, אַן אָפּגעטיילטער פון אַלע מענטשן, און זי צעוויינט זיך מיט ביטערע טרערן. זי שטרעקט אויס דעם קאָפּ, הויבט אויף אירע אַקסלען, און אַזוי וויינט זי צום ריכטער און צו דער סאָשעל וואָרקער.

אַזוי איז באַשלאָסן, און אַזוי וועט שוין זיין. מען פירט אים אַוועק.

די משפּחה לאָזט זיך נאָך אים. מען גייט אַרויס פון זאַל אין קאָרידאָר, וואו עס געפינען זיך די עלעוואַטאָרס, וואָס פירן אַרויף צו די אויבערשטע סטאַנציע. די סאָשעל וואָרקער גיט אַ קוועטש דאָס קנעפּל. דער ווייסער אינגל דערפילט גרויסן אומגליק און עלנט, וואָס קומט אויף אים. ער גיט אַ קוק צו זיין שוואַרצער מאַמע מיט אַ צעשראָקן, בעטנדיג פּנים. די שוואַרצע מאַמע דערפרייט זיך, וואָס איר ווייסער זון קוקט צו איר ווי אַן אייגן קינד. זי גלעט מיט אירע שוואַרצע הענט זיין ווייס פּנים. ער לאָזט זיך איצט שוין גלעטן און לאָזט זיך שוין אַפילו אַרומנעמען פון זיין מאַמען. ער פאַרבאַהאַלט זיין קאָפּ אין איר ברוסט. ער וויינט מיט קאַנוואולסן.

דער עלעוואַטאָר קומט אָן, צעעפנט די טירן. די סאָשעל וואָרקער פירט אַריין דאָס אינגל אינעווייניג. די טירן פאַרמאַכן זיך, דער עלעוואַ־טאָר גיט זיך אַ הויב אויף. די מאַמע נעמט צונויף אירע קינדער און לאָזט זיך אַן אַנגעבויגענע, אַקוראַט ווי זי וואָלט געטראָגן אַ שווערע משא אויף אירע אַקסלען, אַרויס צו דער גאַס...

# אַמעריקע גנב . . .

וואָס קאָן מען פאַראיבל האָבן אויפן שניידער ? אַן אָרעמער שניידער, נעבעך, האָט זיך אַ שאַפּקע ערגעץ אויף העגרי סטריט און פּרעסט און רייניגט די בגדים פון די מענטשן אין זיין נאָכבאַרשאַפט.

זייער אַ הויכן שטערן פאַרמאָגט אָט דער שניידער. אַ שטערן פון אַ פילאָזאָף. אַ בלאַסער שטערן. בלאַס זיינען אויך זיינע הענט מיט שוואַרצע האָר אויף די פינגער. זיינע ברעמען זיינען אויך שוואַרצע און זייער געדיכטע. זיי קוקן אויס זייער בייז, אָט די דאָזיגע געדיכטע ברעמען.

דער קאָפּ איז ביי אים נאַקעט און אָט די נאַקעטקייט פילט זיך ווי עפּעס באַליידיגט.

דער פּאַסיק פון זיינע הויזן איז אומרואיג, ווערט אַלעמאָל לויז, און דער שניידער האַלט אין איין האָבן צו טאָן מיט דעם. און דווקא איז זיין בייכל אַ היפּשס. שטעקט אַרויס זייער בכבוד'יג.

— ווארט אויס, דו לויפער, — סטראַשעט ער אַ יונגן בחור, — וועסט האָבן ביי מיר צו זינגען און צו זאָגן.

דער יונגער בחור זאָגט גאָרניט. קוקט צום שניידער מיט אַ מין איראָנישן רייצן־זיך.

— דו זעסט, ס'שווייגט נאָך ! — מאַכט ער אַ באַליידיגטער צום פּאָליסמאַן.

— לאָז אים אָפּ, — ענטפערט דער פּאָליסמאַן.

דער יונגער בחור מיט ברענענדיגע ברוינע אויגן, מיט אַ הויכן האַלז, מיט אַ פילבאַר מויל, מיט אַ שטייענדיגער טשופּרינע האָר וויל גראָדע ניט קוקן צום שניידער. ער קוקט בעסער צום פענצטער און דאָרטן שיינט אַ שטיקל גאָלדיגקייט פון דער זון. אָבער דער שניידער לאָזט אים ניט קוקן צום פענצטער. פאַרטשעפּעט אים אַלעמאָל מיט אַ בייזן וואָרט.

דער ריכטער קומט אַריין. ער דערשיינט ווי אַן אַקטיאָר אויף דער בינע. פון הינטער אַ געהיימער טיר דערשיינט ער גלייך אויף דער פּלאַט־פאָרמע און אַלע אין געריכט־זאַל שטעלן זיך אויף. שטעלט זיך דאָס בחור'ל אויך אויף, און ווען ער שטעלט זיך אויף דערזעט מען ערשט, ווי הויך ער איז — אַ ריז אַ יונג, און דאָס פּנים זיינס איז כמעט נאָך קינדיש. נאָך אפילו ניטאָ קיין שפּראָצונג פון באָרד.

דער דאָזיגער יונגער בחור איז מסתמא נאָך קיין אַכצן יאָר ניט אַלט. אָנגעטאָן איז ער ווי אַן אָרעמער אינגל פון דער איסט־סאַיד. עפּעס בלויע

הויזן, אָפּגעריבן אין די קני. די הויזן זיינען קורץ און ס'זעען זיך אַרויס שטיקער נאַקעטקייט פון זיינע פיס. ער טראָגט, ווייזט אויס, ניט קיין זאָקן. די שיך זיינע זיינען אויך אָפּגעריבענע, צעטראַסקעטע.

קיין רעקל טראָגט ער ניט, בלויז אַ סוועטער, און ער איז שוין פון לאַנג אַרויסגעוואַקסן פון סוועטער. ער קאָן אים אַפילו ניט פאַרשפּיליען, דעם סוועטער. און זיינע אַרבל זיינען שמאָל און קורץ, און ס'זעען זיך אַרויס געזונטע יונגע ידים.

דער ריכטער וויל צושטעלן דעם שניידער אַן איבערזעצער. אָבער יענער וויל ניט. ווערט גאָר בייז, וואָס מען וויל צושטעלן אַן איבערזעצער.

— וואָס בין איך? אַ גרינהאָרן? — רופט ער זיך אָן אַ טראָצינגער אין אַ שלעכטן ענגליש, — איך בין שוין, דאַנקען גאָט, אַריבער 30 יאָר אין דעם לאַנד.

עקשנ'ט זיך ניט דער ריכטער און לאָזט אים רעדן, ווי אַזוי ער וויל.

— קומט ער צו מיר אין שאָפּקע, — הויבט דער שניידער אָן צו דערציילן און איז געוואַלדיג צעקאָכט, — און ברענגט מיר זיין אַנצוג, איך זאָל אים אויסרייניגן און אויספּרעסן. און איך זאָג אים, אַז איך וועל אים רעכענען נאָר פופציג סענט. מאַינד יו, נאָר פופציג סענט, — שטרעקט ער אויס אַ פינגער צום ריכטער, — אַן אָרעמער בחור. איך קאָן זיין מאַמען, לעבט אויף רעליף. וועל איך אים רעכענען נאָר פופציג סענט. און דער אַנצוג, וואָס ער ברענגט מיר, איז אַ בלויער מיט ווייסע שטרייפן.

—נו, גוט. מאַך איך אַ גוטן דזשאָב און הענג אים אויף צווישן אַלע אויסגעפּרעסטע אַנצוגן. קומט ער צו מיר אַריין שבת פאַרנאַכט און זאָגט מיר, איך זאָל אים אָפּגעבן דעם אַנצוג אָן געלט. ער האָט ניט קיין געלט, מאַכט ער צו מיר. דאָס הייסט, ער האָט יאָ פופציג סענט, אָבער אַזוי ווי ער דאַרף אַרויסנעמען זיין מיידל־פריינט אויף אַ טאַנץ, דאַרף ער האָבן די פופציג סענט. ווי געפעלט אייך אַזאַ מעשה? („האַו דו יו לאַיק סאָטש עי סטאָרי?” קומט דאָס אַרויס ביי אים אין ענגליש). און ער שעמט זיך נאָך ניט מיר דאָס צו זאָגן. איך אַרבעט און שוויץ, זאָל איך אים אַרויסגעבן דעם אַנצוג אָן געלט, וואָס איז? ער דאַרף טאַנצן מיט זיין מיידל דאָרטן.

— נו, האָב איך אים אַוודאי ניט געגעבן און אים אַרויסגעטריבן פון מיין שאָפּקע. און מיינט איר, אַז איך האָב ניט איבערגעטראַכט ביינאַכט וועגן דעם? יאָ, איך האָב איבערגעטראַכט. עפּעס, ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט. קום איך אַריין אינדערפרי אין מיין שאָפּקע, ווי איך טו אַ קוק — ניטאָ דער בלויער אַנצוג מיט די ווייסע שטרייפן. מיין איך, אַז

ס'פעלן מיר אַנדערע קליידער. צייל איך זיי איבער און בלויז זיין אַנצוג פעלט מיר. ווי אַזוי ער האָט זיך אריינגע'גנב'עט? גאַנץ פשוט: פון הויף דורך דער הינטער־טיר. ער האָט צעבראָכן דעם שלאָס, זיך צו־גענומען דעם אַנצוג און זיך אַוועקגעגאַנגען טאַנצן מיט זיין מיידל־פריינט.

— פונוואַנען ביסטו אַזוי זיכער, אַז דאָס האָט ער ארויסגענומען דעם אַנצוג? — פרעגט דער ריכטער מיט אַ שמייכל.

— ווער דען האָט אים גענומען? איך, אפשר? — מאַכט דער שניידער צערייצט. — איר פאַרשטייט דען ניט, אַז ס'איז זיין שטיקל ארבעט? מען דאַרף דען האָבן אַ סך שכל צו פאַרשטיין דאָס? („יו דאָנט העוו טו בי סמאַרט טו אַנדערסטענד איט", קומט דאָס ביי אים ארויס אין ענגליש.)

דער ריכטער ווערט עפּעס אָנגעצויגן אויף דעם דאָזיגן אידישן שניי־דער, וואָס לערנט אים שכל. ער לאָזט אים שוין מער ניט רעדן. ער פרעגט דעם אָנגעקלאָגטן, וואָס יענער האָט צו זאָגן.

— איך ווייס פון גאָרניט, — מאַכט יענער און פינטלט מיט די אויגן.

— איך האָב ביי אים געבעטן דעם אַנצוג און האָב אים צוגעזאָגט, אַז איך וועל אים באַצאָלן מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, האָט ער ניט געוואָלט, בין איך אַוועקגעגאַנגען. דאָס אַלעס...

— אָבער צום טאַנץ ביסטו געגאַנגען אין בלויען אַנצוג מיט די ווייסע שטרייפעלעך? — מישט זיך אריין דער שניידער.

— האָסט אים געזען גיין צום טאַנץ אין בלויען אַנצוג? — פרעגט דער ריכטער.

— איך דאַרף אים זען? — ענטפערט יענער מיט ביטערן חוזק. — ס'איז צוויי און צוויי—פיר.

— האָסטו עדות? — פרעגט דער ריכטער שטרענג.

— איך דאַרף נאָך האָבן עדות? — מאַכט דער שניידער מיט כעס.

— אַ בלינדער קאָן דאָך זען...

— מען דאַרף האָבן באַווייזן, — איז דער ריכטער אומ'ברחמנות'דיג.

— זיינען מיינע רייד נאָך ניט גענוג באַווייזן? — דערשמעקט שוין יענער, אַז ער האַלט אין פאַרלירן זיין לאָדעניש און דאָס קול פאַלט ביי אים אראָפּ.

— מען קאָן ניט פאַר'משפט'ן אַ מענטשן אָן עדות און אָן באַווייזן. די קלאָגע איז בטל, — מאַכט דער ריכטער אַנטשיידן.

דאָס בחור'ל, וואָס האָט זיך געהאַלטן די גאַנצע צייט אומשולדיג און טאַמעוואַטע, פילט זיך גראָדע איצט ניט געוואַלדיג געהויבן. עפּעס שעמט

ער זיך. מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און מיט שולדיגע טריט שלייכט ער זיך אַרויס פון געריכט־זאַל.

דער שניידער טוט אַ שווערן זיפץ, פון יענע עכט־אידישע זיפצן, וואָס באַטייט רעזיגנאַציע, הילפלאָזיגקייט... דערנאָכדעם לאָזט ער זיך צום אַרויסגאַנג מיט טרויעריגע טריט. אינמיטן זאָל בלייבט ער שטיין, דרייט זיך אוים מיטן פּנים צום ריכטער און דערנאָכדעם צום גאַנצן עולם און טוט זיך אַ מאַך הויך אויף אַ קול אין אידיש:

— אַמעריקע גנב !...

# די פֿאַרבאָרגענע אורזאַך

די מאַמע לאָזט דאָס מיידעלע אירם אַפֿילו ניט קוקן אויפֿן טאַטן; יענע אָבער וויל גראָדע יאָ קוקן אַהין. ער זיצט, דער טאַטע, אויף דער צווייטער באַנק אין אַנדערן עק צימער. אַ בלאַסער טאַטע, מיט אַ קאָפּ האָר, וואָס איז אים משונה'דיק אויסגעקראָכן. דאָ שטיקלעך און דאָרט פּיצלעך אויסגעקראָכענע האָר, אַקוראַט ווי עמיצער וואָלט זיי אויסגעפּליקט אויף צו־להכעיס.

דער טאַטע קוקט יאָ צום מיידעלע. מיט גרויס ליבע. ער זעטיגט זיך בלויז פֿון קוקן; פּונקט ווי אַ הונגעריקער, וואָס שטייט פֿאַרן פֿענצטער פֿון אַ רעסטאָראַן, וואו ס'זיינען אויסגעשטעלט די באַ'טעמ'טע מאכלים. אַ גרויסן טעם פֿילט ער, דער טאַטע, אין קוקן אויף זיין מיידעלע. אַ אַי־דישער טאַטע מיט גליענדיקע שוואַרצע אויגן. עס איז דער גלי פֿון ווייטאָג און פֿון פֿאַרצווייפֿלונג און פֿון קראַנקהייט.

די מאַמע איז אַ פֿולע, געזונטע פֿרוי מיט פּראַכטפֿולע, שיינע שוואַרצע האָר, מיט אַ וואונדערבאַרן זויבערן ראָזעווען פּנים. עס שמעקט פֿון איר מיט גרויסער בריה און מיט ציכטיקייט. זי זיצט אויף דער באַנק אַזוי גרינטלעך, אָנגעטאָן אין ריינע, אויסגעבערשטלטע קליידער. רואיק איז איר בליק, ווען זי קוקט צום מאַן. רואיק און אומ'ברחמנות'דיק. אַ „זי״, וואָס דאַרף שוין ניט האָבן דעם דאָזיקן קראַנקן מאַן. איר איינציקע זאָרג איז דאָס מיידעלע, וואָס איז געראָטן אין טאַטן מיט איר הויכן שטערן, מיט אירע בלאַסע ליפּן.

דאָס אַכט־יאָריקע מיידעלע וויל קוקן צום טאַטן, און זי, די מאַמע, לאָזט ניט. זי רעדט צו איר און פֿאַררעדט זי, און הויבט איר אָן צו דער־ציילן אַ מעשה. עס האָט געדאַרפֿט, ווייזט אויס, זיין אַ קאָמישע מעשה, ווייל די מאַמע האָט געלאַכט. אָבער דאָס מיידעלע האָט ניט געלאַכט. ס'העלזל האָט איר אַזש ווי געטאָן, אַזוי שטאַרק האָט זיך איר געוואָלט אויסדרייען ס'קעפּל אירם צו דעם טאַטן.

מען רופֿט זיי אַלע דריי צו צום ריכטער. שטעלט זיך די מאַמע אומיסטן צווישן טאַטן און קינד.

— וואָס איז די קלאָגע? — פֿרעגט דער ריכטער און רוקט אַרויף די גלעזער, כדי בעסער אָנצוקוקן די דאָזיקע פֿאַמיליע.

בעט די מאַמע, אַז מען זאָל דאָס קינד אַוועקשיקן, ווייל זי דאַרף עפּעס זאָגן אַזוינס, וואָס ס'טאָר ניט הערן.

— איך וויל ניט, ער זאָל זען מיין טאָכטער, — זאָגט די געזונטע,

לויטערע פרוי צום ריכטער, נאָכדעם וואָס מען האָט דאָס קינד אַרויס־געשיקט.

— איז דאָס בלויז דיין טאָכטער? — פרעגט דער ריכטער און שטרייכט אונטער דאָס וואָרט „דיין".

— יאָ, בלויז מיין טאָכטער, — שטרייכט זי אויך אונטער דאָס וואָרט „מיין".

— איז ער דיין מאַן?

— געווען מיין מאַן, אָבער ניט איצטער, — ענטפערט זי אָן רחמנות.

דער געוועזענער מאַן בויגט איין די פּלייצעס, אַקוראַט ווי זי וואָלט אים געגעבן קלעפּ, און ער נעמט אָן די דאָזיגע קלעפּ מיט גרויס אונטער־טעניגקייט.

— ווי לאַנג, אַז דו ביסט מיט אים צעשיידט? — וויל דער ריכטער וויסן.

— אַרום צוויי יאָר.

— וויפיל איז דאָס קינד אַלט? — פרעגט זי דער ריכטער מיט קלוגע אויגן.

— אַכט יאָר, — פערשטייט די פרוי, צוליב וואָס מען פרעגט זי, אָבער זי האָט קיין אַנדער ברירה ניט און מוז ענטפערן ריכטיג.

— איז דאָס קינד געבאָרן געוואָרן, ווען איר זייט געווען צוזאַמען?

— פרעגט דער ריכטער אַ דעליקאַטע פראַגע.

— יאָ, — מוז זי ענטפערן אויף דער פראַגע אויך, און ניט פאַר־לייקענען.

— איז דאָס קינד אויך זיינס!

— ניין, ניט זיינס, — שעמט זיך ניט די פרוי.

— ווי לאַנג לעבט איר צוזאַמען? — הויבט שוין אָן דער ריכטער אויף אַן אַרומיגן וועג.

— אַרום אַ ניין יאָר, — מוז זי צוגעבן דעם אמת.

— און דאָך איז דאָס קינד ניט זיינס?! — צעשמייכלט זיך זייער לייכט דער ריכטער.

— פון אַן אַנדער מאַן, — ענטפערט זי אומפאַרשעמט.

זעט אָבער דער ריכטער, אַז איר אומפאַרשעמטקייט איז אַ געמאַכטע, אַז זי זאָגט אַ ליגן. הייסט עם אַריינרופן דאָס מיידעלע, פּאַסט ווידער אַמאָל צו די ברילן און שטודירט דעם קינד'ס שטריכן, דערנאָך שטודירט ער דעם מאַנ'ס שטריכן: ווי צוויי טראָפּן געראָטן איינער אין אַנדערן.

— ס'איז גאָרניט, וואָס זי איז ענלעך! — פאַרכאַפּט די מאַמע, נאָכ־

דעם וואָס מען האָט דאָס קינד ווידער ארויסגעשיקט. — עס מאַכט זיך אַמאָל אַזאַ זאַך.

— קאָנסטו שווערן ביי גאָט, אַז דאָס מיידעלע איז ניט זיינס? — וויל זי דער ריכטער איבערשרעקן.

— יאָ, איך קאָן שווערן, — איז די פרוי גרייט אויף אַלעמען.

דער ריכטער נעמט ניט ביי איר קיין שבועה. ער ווייסט, אַז זי וועט פאַלש שווערן. לאָזט ער זי אָפּ און נעמט זיך צום פאָטער.

— וואָס ווּעסטו זאָגן דערויף? — ווענדעט ער זיך צום פאָטער מיט מיטלייד.

— וואָס קאָן איך זאָגן? איך ווייס, אַז דאָס קינד איז מיינס, ווייל מיר האָבן זיך ביידע ליב געהאַט, און זי איז געבוירן געוואָרן פון מיר. איצטער לאָזט זי מיך ניט אפילו קומען און אָנקוקן דאָס קינד.

— זיים איר צעשיידט דורך אַ גט?

— ניין. זי האָט פשוט גענומען און מיך ארויסגעטריבן פון הויז, — פאַרקלאָגט ער דאָס ווייב פאַרן ריכטער. — אַזוי, מיר געהייסן גיין. און איך האָב איינגעפּונדעוועט דאָס הויז, און אַלע זאַכן אין הויז זיינען מיינע. האָב איך געוואָלט זען דאָס קינד, האָט זי פאַרשלאָסן פאַר מיר דאָס הויז. האָב איך אָפּגעוואַרט ביים פּאָבליק־סקול און אַזוי ארום געזען מיין קינד. האָט זי דאָס אָפּגענומען פון דער פּאָבליק־סקול און ארויס פון געגנט. האָב איך נאָך וואָכן און וואָכן נאָכפרעגן זיך, זיך דערוואוסט זייער נייעם אַדרעס און ווידער גענומען זען מיין קינד, ווייל עס איז מיין בלוט און פלייש.

— וואָס, דענקסטו, איז די אורזאַך, וואָס זי וויל פון דיר פאַרלייקענען דאָס קינד? — וויל דער ריכטער וויסן.

ענטפערט ניט דער מאַן. ער ווייסט אפשר יאָ די אורזאַך, אָבער ער קאָן זיך אַליין ניט קווילענען פאַר אַלעמען אין די אויגן. שווייגט ער און קוקט צעשראָקן אויפן ריכטער.

— וואָס האָסטו געגן דיין מאַן? — וויל ער ביי דער פרוי זיך שוין דערוויסן דעם אמת.

— ער איז ניט מיין מאַן, — ענטפערט זי מיט גאַל.

— געגן דיין געוועזענעם מאַן? — פאַרריכט דער ריכטער.

— איך וויל, ער זאָל אונז צורו לאָזן, — ענטפערט זי אָן רחמנות.

— וואָס איז די אורזאַך?

— אָן אורזאַך, — וויל זי זיך ארויסדרייען פון אַן ענטפער.

— קום, קום, — מאַכט צו איר דער ריכטער פאָטערלעך, ווייל ער דערשמעקט שוין, אַז עס דאַרף גראַדע יאָ זיין אַ טיפע אורזאַך. — קום,

קום, זיי ניט אויפגערעגט און דערציייל מיר, איך זאָל דיך פאַרשטיין.

זי קאָן אָבער ניט דערציילן. זאָגן אָפן און אומפאַרשעמט פאַר דער וועלט, אז עס איז ניט זיין קינד, קאָן זי יאָ. אָבער די אורזאַך, פאַרוואָס זי מוז אָנקומען צו דעם ליגן (און דער ריכטער פילט, אז איר לייקענען זיין שייכות צום קינד איז א ליגן), וויל זי ניט זאָגן. הויבט זיך אויף דער ריכטער פון זיין שטול, הייסט די פרוי נאָכפאָלגן צו זיך אין פריוואַטן צימער. בלייבט אָבער דער מאַן אליין און איז זייער פאַרלוירן. ער קאָן ניט איינזיצן. ער שעמט זיך פאַר דעם, וואָס דאָס געוועזענע ווייב זיינס דערציילט דאָרט וועגן אים. ער וויל שוין אינגאַנצן אוועק פון געריכט־הויז, איבערלאָזן זיי אַלעמען אינמיטן פּראָצעס און פאַרשוואונדן ווערן. ער הויבט זיך טאַקע אויף פון פּלאַץ און לאָזט זיך צו דער טיר זייער ראַשיק. אין דער זעלבער מינוט רופט מען אים אָבער. דער ריכטער וויל אים זען. דאָס געוועזענע ווייב זיינס גייט אַרויס מיט פאַרוויינטע אויגן. זי האָט זיך שוין געזעגנט אָנגעוויינט דאָרטן פאַרן ריכטער.

— האָסט אים טאַקע דערציילט? — פרעגט ער ביי איר דערשראָקן.

זי וויל אים ניט ענטפערן. דרייט זיך אויס צו אים מיט די פּלייצעס און ווישט זיך די אויגן. דאָס מיידעלע לויפט אַריין אין צימער. עס איז איר אומעטיג געוואָרן צו שטיין איינע אַליין אין קאָרידאָר, איז זי אַריינגעלאָפן אינעווייניג, געזוכט מיט די אויגן דעם טאַטן, וואָס איז פּלוצלונג פאַרשוואונדן, אָבער זי האָט ניט געפרעגט ביי איר מוטער. פאַרשטאַנען שוין, אז פרעגן די מאַמע אויפן טאַטן איז גלייכער ניט.

ער איז אַרויסגעגאַנגען, דער טאַטע, פון ריכטער׳ס פריוואַטן צימער א צעפּאַרעטער, אַן אויסגעמאַטערטער, אַן אומגליקלעכער. אין זיינע אויגן האָפענונגסלאָזיגקייט. א פאַרפאַלענער מענטש. ער איז א געקווילעטער אויף אייביג. דער ריכטער איז אויך אַרויסגעגאַנגען נאָך אים. אויך א צעטראָגענער. עס איז געווען אומבאַקוועם די גאַנצע געשיכטע. ער האָט זיך צוריק געזעצט אויף זיין שטול און צוגערופן דאָס פּאָרל. פון זיין קוקן אַזוי מיט מיטלייד אויף דער פרוי, האָט מען שוין געקאָנט פאַרשטיין, אז ער באַרעכטיגט איר האַנדלונג. צו דעם מאַן האָט ער זיך אָבער אויך באַצויגן ניט מיט פיינטשאַפט. גיכער איז דאָס געווען א באַדויערונג. ווי מען באַדויערט אַן אָרעמאַן, וואָס מען קאָן אים מיט גאָרנישט ניט העלפן.

וואָס איז איר אורזאַך, האָט קיינער פון די זייטיגע מענטשן, וואָס זיינען געזעסן אין געריכט, ניט געוואוסט. נאָר פון דעם ריכטער׳ס לעצטע ווערטער און פון מאַנ׳ס און ווייב׳ס ענטפערס האָט מען עפּעס זיך געקאָנט אָנשטויסן.

— איז בלייבט דאָס, אַז איר זאָגט זיך אָפּ פון צו זען דאָס קינד? — ווענדעט זיך דער ריכטער צום מאַן.

— אָבער ווי קאָן איך... — וויל ער ווידער אָנהויבן באַנייעס.

— קום, קום, — שטעלט אים אָפּ דער ריכטער אינמיטן. — דו זאָגסט צו פאַרן געריכט, אַז דו זאָגסט זיך אָפּ צו זען דאָס קינד?

— אָבער, אַז איך וועל זיך אויסהיילן? — וויל זיך דער מאַן נאָך שטעלן.

— דעמאָלט וועט זיין אַן אַנדער פראַגע, — גלויבט, ווייזט אויס, ניט דער ריכטער, אַז ער וועט ווען עס איז אַמאָל זיך אויסהיילן.

זיי פאַרלאָזן דאָס געריכט־צימער, אָט דאָס אומגליקלעכע פּאָרל. די זייטיגע מענטשן אין געריכט־זאַל כאַפּט אָן אַ שוידער. דער שוידער איז נאָך שטאַרקער, וואָס מען ווייסט ניט פונקט און גענוי דעם גאַנצן ענין. אָבער די פאָרשטעלונגס־קראַפט אַרבעט שנעל, און מען וואַרפט דעם לעצטן קוק אויפן טאַטן, וואָס לאָזט זיך אַרויס אַ צעפּאַלענער אויף פיל פּיצלעך. אַ מענטש וואָס באַצאָלט זייער שווער פאַר עפּעס אַ זינד, וואָס ער אַליין איז אפשר אויך גיט שולדיג דערין.

# די קלוגע ריכטערין און דער שיכור

(אין אַ לאָס־אַנדזשעלעסער געריכט)

אַ געלע ריכטערין. אירע האָר אויפן קאָפּ זיינען מסתמא אַמאָל געווען פינקלדיגער גאָלד, איצטער זיינען זיי אָפּגעבליאַקעוועט.

אַ קליין־געוויקסיגע ריכטערין, אָבער אַ זשוואַווע, אַ קוועלנדיגע, אַ שטיפערישע.

אַ דריבנע פּנים'ל, מיט אַ לאַכנדיג נעזל, מיט דינע ליפּעלעך, מיט שמייכלענדיגע קנייטשעלעך אַרום מויל.

שוין יאָרן און יאָרן, אַז זי איז אַ ריכטערין, אָבער דער געפיל פון איבערנעמען זיך מיט דעם, וואָס זי איז אַ ריכטערין, איז נאָך אַלץ דאָ אין איר האַלטונג.

זי זיצט זיך, די קליינטשיקע, געלע, קלוגעטשע ריכטערין, איז איר שווארצן מאַנטעלע, און קוועלט אָן.

און ווען זי האָט צו טאָן מיט קלוגע, באַרימטע לאַיערס, האָט זי גרויס הנאה אַרויסצואווייזן פאַר זיי איר קענטעניש אין הלכות געזעץ.

און זי קאָן דעם געזעץ דורך און דורך און אָפטמאָל פאַרשעמט זי די מענער־לאַיערס מיט אירן אַ שאַרפזיניגן געגן־אַרגומענט.

ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ מאַן, וואָס שטיצט ניט מיט קיין געלט זיינע צוויי קינדער, מחמת ער שיכור'ט צופיל.

דער דיסטריקט אַטורני, אַ מיטל־יאָריגער, הויכער, ברייט־פּלייציגער מאַן, מיט אַ פיינער מענערשער געדיכטער שטימע, האָט געפאָדערט ביי דער ריכטערין, אַז זי זאָל פאַרבאָטן דעם אָנגעקלאָגטן צו באַזוכן וועלכן עס איז פּלאַץ, וואו מען פאַרקויפט אַלקאָהאָלישע געטראַנקען.

רופט זי זיך גלייך אָן מיט איר דין, מעלאָדיש, קלוג־ווייבעריש שטימעלע:

— וואָס מיינסטו? פאַראורטיילן דעם אָנגעקלאָגטן ער זאָל שטאַרבן פון הונגער?

פאַרשטייט ניט דער דיסטריקט־אַטורני וואָס די ריכטערין מיינט, פינטלט מיט די אויגן און מאַכט אַפּאַלאָגעטיש:

— איך מיין ניט, אַז ער זאָל הונגערן. איך מיין, ער זאָל מער ניט טרינקען.

— יאָ, ענטפערט זי מיט דער ליכטיגקייט פון קלוגשאַפט אין אירע אויגן. — אויב איך וועל אים פאַרבאָטן צו באַזוכן אַזוינע פּלעצער, וואו מען פאַרקויפט שאַרפע געטראַנקען, מיינט דאָס, אַז ער וועט ניט טאָרן אַריינגיין אין אַ רעסטאָראַן. מיינט דאָס, אַז ער וועט ניט טאָרן אַריינגיין אין אַ גראָסערי, ווייל כמעט אין אַלע רעסטאָראַנען און אין אַלע גראָסעריס אין לאָס־אַנדזשעלעס פאַרקויפט מען אַלקאָהאָלישע געטראַנקען, אַמ־וויניגסטנס ביר. און וואָס וועט זיין, אַז ער וויל זיך קויפן עפּעס שפּייז, וואוהין־זשע זאָל ער גיין?

פילט זיך שוין דער דיסטריקט־אַטוירני ווי אַן אָפּגעשמיסענער נאַר און יענע, די קליינגעוואַקסיגע ריכטערין, זי שמייכלט אי מיט טריאומף, אי מיט פאַרגעבונג.

זי טריאומפירט, וואָס זי, די פרוי, האָט אַזוי לעכערלעך געמאַכט דעם מין מאַן, וואָס דענקט, אַז ער איז קליגער פון דער פרוי.

דער אָנגעקלאָגטער, ער איז אַ שיינער מאַן. הויך, שטאַלטנע, מיט אַ פיין געטאָקט פּנים, מיט אַ הויכן שטערן, מיט געדיכטע געקרייזלטע ברוינע האָר.

זי, די קלייניטשקע ריכטערין, קוקט אויף אים מיט פרויענשער ניי־געריגקייט. מען זעט, אַז ער געפעלט איר. זי ווערט באַלעבט. אירע בלויע אויגן צעפינקלען זיך. איר פּנים ווערט אינגער. זי רעדט צו אים, און איר גאַנץ פּנים הויבט אָן צו שפּילן מיט דעם חן פון אַ פרוי.

— איך וואָלט דיך אָפּגע'פּטר'ט, — מאַכט זי, — אין איין מינוט. דו קוקסט אויס צו זיין אַ פיינער מענטש, דערפאַר גיב איך זיך אָפּ מיט דיר לענגער ווי געוויינלעך.

דער באַשולדיגטער קוקט איר גלייך אין די אויגן. אַזוי ווי אין אירע הענט ליגט איצט זיין גורל, מאַכט ער זיך, ווי ער איז געוואַלטיג פאַרצויגן פון דער ריכטערין.

און אפשר מאַכט ער זיך ניט, נאָר ס'קומט שוין אויס נאַטירלעך, דער נאַטירלעכער שפּיל, ווען די דאָזיגע צוויי מינים באַגעגענען זיך.

דער אָנגעקלאָגטער, ער איז געווען אַ באַרימטער פידל־שפּילער, גע־האַט אַ שטעלע אין איינער פון די מואווי־סטודיאָס, און האָט פאַרדינט גרויסע געלטער. אָבער פון זינט ער האָט זיך צעשיידט מיט זיין פרוי, האָט ער אָנגעהויבן טרינקען, און צוליב זיין טרינקען האָט ער פאַרלוירן זיין שטעלע. די וועכנטלעכע שטיצע, וואָס ער פלעגט שיקן זיינע קינדער, האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן. קלאָגט אים איצט אָן די פרוי זיינע. זיין פרוי איז ניטאָ אין געריכט, נאָר איר לאָיער פאַרטרעט זי.

די ריכטערין שמייכלט צום אָנגעקלאָגטן, שמייכלט מיט אַזאַ מין

חוזק. ס'איז פון דעם סאָרט חוזק, ווען אַ פרוי לאַכט אָפּ פון מאַן ניט דערפאַר, ווייל ער געפעלט איר ניט, נאָר פאַרקערט, ווייל ער געפעלט איר יאָ.

די ריכטערין מוסר'ט אים, מוסר'ט אים און אין דער זעלביגער צייט גיט זי אים אַ גלעט דאָ און דאָרטן.

— אַזאַ מאַן ווי דו, נאָך אַן אַרטיסט, אַ פיינער אַרטיסט, און קוק זיך אָן מיט דיינע אייגענע אויגן. דו ביזט נאָך יונג, אָבער אין דיין פּנים דערקאָנט מען שוין סימנים פון דעם צוקונפטיגן באָם. און איך קאָן שוין זען וואָס דער סוף וועט זיין פון דיר, אויב דו וועסט זיך ניט נעמען אין די הענט אַריין. איך זע דיך ליגן ערגעץ אין אַ רינשטאָק טויט־שיכור און פליגן אויף דיין פּנים, אַ באַוואָקסן פּנים. דיינע קליידער שמוציג, פאַרברודיגט. דו קוקסט איצט אויס שיין, און דו קאָנסט נאָך עפּעס דערגרייכן. קודם כל, דיינע צוויי קינדער טאָרן ניט ליידן קיין נויט. איצטער קאָן מיר קיינער ניט זאָגן, אַז מען קאָן ניט קריגן קיין אַרבעט. ביזט אַ געזונטער מאַן, קאָנסט קריגן אַרבעט ערגעץ אין דער מלחמה־אינדוסטריע. קאָנסט פאַרדינען ניט שלעכט איצט.

— אָבער מיינע הענט, — מאַכט יענער פאַרצווייפלט און שטרעקט אויס אַ פּאָר איידעלע הענט מיט לאַנגע, פּילבאַרע פינגער.

— וואָס דיינע הענט?

— מיינע הענט וועלן פאַרדאָרבן ווערן, אויב איך וועל טאָן מיט זיי שווערע אַרבעט. זיי וועלן דערנאָכדעם ניט טויגן פאַרן פידל.

— וועל איך דיר דערציילן אַ מעשה, — מאַכט די ריכטערין, און אירע אויגן צינדן זיך אָן מיט אַזאַ שטיפערישקייט.

און די מעשה, וואָס זי האָט דערציילט, איז אויך געווען אַ מין אויסשטעלן זיך, ניט נאָר פאַרן יונגנמאַן, נאָר פאַר דעם גאַנצן עולם אין געריכט־זאַל; איז אי די מעשה האָט געדינט איר צוועק אַלס ריכטערין, אי מיר האָבן זיך אַ ביסל דערוואוסט וועגן איר יחוס.

— מיין מאַמע, ווען זי איז געווען אַ קליין מיידעלע, האָט זיך דער־צויגן ביי איר מומען (זי רופט אָן דעם נאָמען פון איר מומען און ער קלינגט זייער אַריסטאָקראַטיש). איר מומע, ניט קוקנדיג דערויף, וואָס זי איז געווען זייער אַ רייכע פרוי, איז אָבער איר פירונג געווען זייער אַ פּשוט'ע. בלויז איין באַדינערין איז געווען אין הויז, און דאָס איז געווען די שוואַרצע מעמי. דערווייל איז מיין מאַמע איינגעלאַדן געוואָרן צו איר אָנקל קוירנעל דער און דער (זי רופט אָן דעם אָנקל'ס נאָמען אויך מיט גרויס שטאָלץ). דער אָנקל איז אויך געווען אַ רייכער, און ער האָט זיך שוין געפירט זייער פאַרשווענדעריש. אפשר צען באַדינער געווען אין הויז.

מיין מאַמע איז דאָרטן געוואָרן צעפּעסטשעט. קומענדיג צוריק צו איר מומען איז שוין די מאַמע מיינע ניט געווען צופרידן, וואָס זי דאַרף זיך אַליין אויסטאָן און אַליין זיך אָנטאָן און טאָן אַנדערע זאַכן אָן דער הילף פון באַדינער.

— מיין מאַמע האָט זיך איינמאָל באַקלאָגט פאַר דער מומען, וואָס זי מוז טאָן אַליין די אַלע זאַכן אָן דער הילף פון באַדינער. האָט די מומע זיך אָנגערופן צו איר מיט כעס: „דו נאַר דו!” מיין מאַמע האָט זיך זייער צעוויינט, ווייל ס'ערשטע מאָל אין איר לעבן האָט די מומע זי אָנגערופן „נאַר”. זי האָט געוויינט און געוויינט און געגאַנגען צו דער שוואַרצער מעמי'ן אירער זיך פאַרקלאָגן אויף איר מומען.

— בין איך טאַקע אַ נאַר? — האָט זי געפרעגט מיט טרערן דער מעמי'ן, — וואָס די מומע האָט מיך גערופן נאַר.

—ניין, ביזט ניט קיין נאַר, — האָט די שוואַרצע מעמי זיך אָנגערופן שטרענג, — אָבער דו האַנדלסט ווי אַ נאַר...

אַט אַזוי האָט די ריכטערין דערציילט די געשיכטע און באַדייטונגספול געקוקט צום יונגנמאַן צו זען, אויב ער האָט געכאַפּט דעם מוסר־השכל.

דער יונגערמאַן האָט זיך פאַרשעמט, צוגעזאָגט, אַז ער וועט ניט האַנדלען ווי אַ נאַר. ער וועט שוין זיין לייטיש און פרום.

דער יונגערמאַן איז אַוועקגעגאַנגען. מען האָט אַריינגעבראַכט אַן אַנדער אָנגעקלאָגטן אין געריכט. די ריכטערין איז שוין אָבער געווען ווי אויסגעלאָשן. דער פריערדיגער פייער איז אַוועק. איר יוגנטלעכקייט, וואָס האָט געשפּילט פריער אין אירע אויגן, איז אַנטרונען געוואָרן. איצטער האָט זי אויסגעקוקט ווי אַ מידע, בלאַסע פרוי אין אירע שפּעטע מיטליאָרן. מיד, בלאַס און עפּעס אומעטיג...

# „טשאַרלי טשאַפּלין” אין געריכט

(אין אַ נאַכט־געריכט)

ביי דעם ריכטער פון נאַכט־געריכט שטייט דאָס מויל אין דער קרום, קומט אויס אַקוראַט ווי ער וואָלט געווען אין כעס. וואָס ער זאָל ניט זאָגן, קלינגען זיינע רייד בייז. און אין אמת'ן וויל ער גאָרניט זיין בייז. פאַר־קערט, ער האָט זיך גאָר ליב צו וויצלען.

פון דעם זייטיגן צימער, דאָרטן וואו די ארעסטירטע וואַרטן ביז עס וועט קומען זייער ריי און מען וועט זיי רופן זיך שטעלן פאַרן ריכטער, הערט זיך דאָס קלאַפּן פון פיס אין דיל, פּונקט ווי עמיצער וואָלט געטאַנצט. דאָרטן איז געווען אמת פריילעך. סיי די ארעסטירטע און סיי די פּאָליסלייט האָבן אַלע געהירזשעט פון געלעכטער: אַ שיכור'ער בעטלער האָט גע־טאַנצט, און געטאַנצט אויסגעצייכנט מיט זיינע קרומע פיס. אין מויל האָט ער געהאַלטן אַ ליולקע, אויפן קאָפּ אַ האַרטן קאַפּעליוש (אַ דוירבי), די שוואַרצע איינגעלעך קאַסאָקע, דאָס פּנים פאַרוואַקסן, פאַררויכערט און פאַרסאַזשעט, פּונקט ווי זיין ליולקע אין מויל. און ער טאַנצט.

ס'איז אים גוט ווי די וועלט. מען האָט אים ארעסטירט פאַר בעטלעריי און באַלד וועט מען אים רופן פאַרן ריכטער. טאַנצט ער דערווייל מיט די הענט אין דער ברייט ווי אַ הפקר־מענטש. ער ווייזט פאַרשיידענע טריקס מיט זיינע קרומע פיס. ער לאָזט זיך גיין זייער ליכט, אַקוראַט ווי ער וואָלט געשוואוּמען. ער בויגט זיך אונטער און מאַכט דעם רוסישן „סטעפּ”, און דער פּאָליסמאַן, וואָס האָט אים ארעסטירט, איז אַזוי צו־פרידן פון דער אומזיסטיגער „שאָו”, אַז ער גיט אים אַלעמאָל אַ טראַך גוט־ברודעריש איבערן אַקסל און יענער פאַלט. פאַלט ער — הויבט ער זיך באַלד אויף, נעמט אַראָפּ זיין קאַפּעליוש און זאָגט „עקסקיוז מי”, און נעמט זיך ווידער טאַנצן.

צום ריכטער זיינען געקומען געסט. הויך־געשעצטע געסט, ווייל ער האָט זיך אויפגעהויבן פון בענקל, זיך געגריסט מיט יעדערן ביי די הענט און זיי פאַרבעטן זיך זעצן לעבן אים.

ווער די געסט זיינען געווען ווייס איך ניט. רייך געקליידט, מיט פאַר־פּאָליעטע פּנים'ער, אפשר פון שנאַפּס, מיט שטעקנס אין די הענט. געסט פון בראָדוויי. זיי קומען זייער אָפט אין נאַכט־געריכט זיך אַמוזירן.

דער קלוירק רופט אויס אַ נאָמען און דער ספּעקטאַקל דאָרטן רייסט זיך איבער. דער פּאָליסמאַן גיט אַ צי־אַרויף דאָס רעקל, ווישט אָפּ מיט

דער האַנט דאָס געלעכטער פון פּנים, נעמט אָן דעם שיכור׳ן בעטלער ביי דער האַנט און שלעפּט אים.

— איך וויל ניט גיין, און שלעפּ מיך ניט ווי אַ הונט, איך בין דיר ניט אַבי־ווער, איך בין פון סענט לואיס, — איז דער בעטלער אַנטריסטעט.

— אָלרייט, ביזטו פון סענט לואיס, — ווערט שוין דער פּאָליסמאַן מילדער, — אָבער קום צום ריכטער.

— אַז דו וועסט צונעמען דיין האַנט, וועל איך גיין.

דער פּאָליסמאַן האָט צוגענומען זיין האַנט און דער בעטלער האָט זיך אויסגעגלייכט די פּלייצעס, ווי טשאַרלי טשאַפּלין, און האָט אַריינגע־שפּרייזט אין געריכט מיט זיינע קרומע פיס און מיט דער ליולקע אין מויל זייער ווירדיג און שטאַטנע.

ווען דער בעטלער האָט זיך געשטעלט פאַרן ריכטער, איז דער לעצטער געווען פאַרטיפט אין עפּעס אַ פריינטלעכן געשפּרעך מיט די שיין־געקליידטע געסט און ער האָט זיך ניט אומגעקוקט אויפן שיכור. האָט יענעם פאַרדראָסן, וואָס דער ריכטער איגנאָרירט אים אַזוי מיאוס, און ער רופט זיך אָן הויך אויף אַ קול צום פּאָליסמאַן, ציילנדיג אויפן ריכטער:

— איז דאָס דער מאַן, מיט וועמען איך דאַרף רעדן ? זאָל ער רעדן, ווייל איך האָב קיין צייט ניט.

אַלע אין געריכט האָבן זיך צעלאַכט. דער ריכטער האָט אויסגעדרייט זיין קאָפּ צו אים און האָט זיך אויך צעלאַכט. אָבער צוליב דעם, וואָס זיין מויל איז געשטאַנען אין דער קרום, איז דאָס אויסגעקומען, ווי ער וואָלט זיך צעבייזערט.

קוקנדיג אויף דעם בעטלער, ווי ער שטייט פאַרן ריכטער און ווי ער האַנדלט, איז מיר געוואָרן פאַרשטענדלעך, וואו טשאַרלי טשאַפּלין האָט זיך געלערנט שפּילן זיינע טיפּן. ס׳זיינען דאָ אין אַמעריקע צווישן די טרעמפּס, צווישן די בעטלער, אַזוינע „קינצלער״, וואָס ווען זיי זיינען אונטערן גלעזל, שפּילן זיי אויס זייער גאַנץ צעבראָכן, הפקר׳דיג לעבן. זיי מאַכן חוזק פון זייער אייגענעם הילוך, פּאָזיציע אין לעבן, פון זייער גאַנצן שטאַנד. און וואָס מערער דער עולם לאַכט פון זיי, אַלץ מערער אַמביציע האָבן זיי צו פּאַיאַצעווען און זיך אַרויסשטעלן.

פאַרן ריכטער איז שוין ניט געשטאַנען קיין שיכור׳ער בעטלער, נאָר אַ טשאַרלי טשאַפּלין, וואָס איז ערשט אַראָפּ פון לייוונט.

דער קלוירק האָט אים געהייסן אויפהויבן די האַנט און שווערן, אַז וואָס ער וועט זאָגן, וועט זיין דער אמת און בלויז דער אמת — האָט מען באַדאַרפט זען, וואָס פאַר אַ פיינע שפּיל דער שיכור האָט געמאַכט פון זיין אויפהויבן די האַנט. מיט אַזאַ קאָמישער פייערלעכקייט האָט ער

אויפגעהויבן די האנט זייער הויך, און געשוואוירן, פונקט ווי מען וואלט אים איינגעשוואוירן פאר פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטן. און כדי צו מאכן דאס נאך שטארקער, האט ער מיט דער צווייטער האנט זיך זייער פרום איבערגע׳צלמ׳ט.

ס׳איז געווארן אזא געלעכטער סיי אין זאל און סיי פון די קלוירקס, אז דער ריכטער האט געמוזט קלאפן מיטן האמער איבערן טיש, אז ס׳זאל זיין שטיל.

דער קלוירק לייענט פאר דעם באשולדיגונגס־אקט:

— דו ווערסט באשולדיגט אין שיכור׳ן אויף דער גאס, און אין בעטלען. דערקלערסטו זיך שולדיג?

— נאו, סער! — גיט ער א מאך מיט דער האנט, ווי אן אנטריסטעטער לארד, וואס ווארפט אפ אן אויסגעטראכטע רכילות געגן אים.

לאכט מען ווידער, און דער פאליסמאן, וואס האט אים ארעסטירט, לאכט אויך און ער דערציילט וואס עס האט פאסירט:

— אויף פינפטער עוועניו איז ער זיך ארומגעגאנגען, דער דאזיגער מאן און אפגעשטעלט יעדן איינציגן. ער האט ניט געבעטן ווי א געוויינטלעכער בעטלער, וואס גייט צו מיט מורא און גיט א בורטשע א פאר ווערטער. ניין. דער דאזיגער מאן האט א באזונדערע סיסטעם. ער פארנויגט זיך זייער העפלעך פארן פארבייגייער, נעמט אראפ זיין הארטן קאפעליוש און זאגט: „עקסקיוז מי, מעי אי עסק יו עי ליטל פעיוואר". און אז מען פרעגט אים וואס איז דער „פעיוואר", וואס ער וויל, רופט ער זיך אן זייער איידל: „איר פארשטייט, איך האב פארלארן מיין טשעקבוך. וואלט איר מיר ניט געקאנט אנטלייען א קוואדער?"

— נו, און דו זאגסט, אז דו ביסט ניט שולדיג, — מוסר׳ט אים דער ריכטער און ווינקט מיט לאכנדיגע אויגן צו זיינע געסט.

— ניין, איך בין ניט שולדיג און איך קאן דאס באווייזן, — זאגט דער בעטלער מיט זיכערקייט און לאזט זיך גיין צום עדות־שטול נישט געבעטערנהייט.

געוויינטלעך רופט דער ריכטער ניט די בעטלער אויפן עדות־שטול, אבער אין דעם פאל האט ער אים געלאזט, כדי זיינע געסט זאלן האבן א ביסעלע „פאן".

— איך קום, — הויבט אן דער טשארלי טשאפלין בעטלער, — פון סענט לואיס.

— און דערפאר האסטו די „סענט לואיס בליוס", — ווויצלט זיך דער ריכטער.

— נאו סער, דאס זיינען שוין די „ניו יארקער בליוס", — ענטפערט

יענער ראפטאם צו דער גרויסער צופרידנקייט פון עולם.

— איז בין איך געקומען אהער זוכן ארבעט, — זעצט ער פאר ווייטער.

— וואס איז דיין פאך? — פרעגט אים דער ריכטער.

— ניט דערזעלביגער פאך, וואס דיינער, — ענטפערט יענער גאנץ נאאיוו און גיט אפילו ניט קיין פינטל מיט די אויגן.

דאס האט אנגעמאכט א „ראיאט" צווישן עולם און דער ריכטער איז שוין געווען געטראפן פון זיין שטעכיגן ענטפער. האט ער בייז געקלאפט מיטן האמער איבערן טיש. אז ס'איז געווארן שטיל, האט ער זיך שוין אנגערופן שטרענג צו אים:

— דו האסט דאך געוואלט באווייזן, אז דו ביזט ניט שולדיג אין בעטלען, טא רעד צו דער זאך און באווייז.

— שור בין איך ניט שולדיג אין בעטלען, — ענטפערט יענער מיט ווירדע. — זאג, האסטו מיך געזען בעטלען? — ווענדט ער זיך צום פאליסמאן. — איך האב בלויז געוואלט אנטלייען א קוואדער פון א פריינט, „דזשאסט עי פוירסאנאל לאאן", — גיט ער זיך א זאג נאאיוו און נעמט זיך אראפשנאלן כלומרשט א שטויבעלע פון זיינע הויזן.

דער ריכטער האט שוין געזען, אז ס'איז צופיל, האט ער אפגעשטעלט די „שאו" און געזאגט:

— שוין גענוג. מען טאר ניט בעטלען אויף די גאסן און איך באשטראף דיך מיט א מאנאט „װארק־האוז".

דערויף האט דער בעטלער זיך אויפגעשטעלט אין דער גאנצער לענג, אויסגעשטרעקט א האנט ווי א גרויסער קארפארעישאן־לאיער און אויסגעשריען הויך אויף א קול, אז ער פראטעסטירט געגן אזא ניט־ערלעכער אנטשיידונג, אז ער וועט אפעלירן צום סופרים־קאורט, און אויב עס וועט נויטיג זיין, האט ער אויך געטסראשעט, וועט ער אפילו זיך קלאגן פאר זיין „אלד פעל" פרענקי רוזוועלט, וואס איז גראדע איצט דער פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטן.

דער ריכטער האט שוין געזען, אז ס'איז צופיל, האט ער געגעבן א וואונק מען זאל דעם ליץ צונעמען. האט אים דער פאליסמאן א שלעפ געטאן, אבער יענער האט זיך ניט געלאזט שלעפן. ער האט געזאגט, אז ער קאן אליין גיין. ער האט אפגעטרייסלט זיין הארטן קאפעליוש, אנגעטאן עס פארזיכטיג, ס'זאל אים פאסן, אויסגעגלייכט די פלייצעלעך און א מאך געטאן מיט דער האנט צום ריכטער זייער גוט־ברודעריש:

— „סא לאנג, דזשאדזש! נא הארד פילינגס..."

# אַזוי איז דאָס . . .

שטיל. א פרוי וויינט. א מיטל־יאָריגער מאַן שטייט מיט אַן אָנ־געבויגענעם קאָפּ. א הוילער רויטער קאָפּ אָן איין הערעלע. ער שטייט שוין פון לאַנג, לאַנג אַזוי מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ. ער שעמט זיך אויפהויבן די אויגן פאַר מענטשן.

פון א הויז אין די בראָנקס איז געבראַכט געוואָרן אהער אין געריכט א מעשה פון לעבן. די מעשה פון לוסט און זנות. ס'טוט אים איצט געוואַלדיג באַנג, דעם מיטל־יאָריגן איירישמאַן, וואָס שטייט מיט אַן אַראָפּ־געבויגענעם נאַקעטן קאָפּ און קוקט צום דיל.

זיי שטייען צוויי פאַרן ריכטער. מאַן און פרוי. די דריטע פּערזאָן, א מיידעלע פון א יאָר פופצן, איז געבליבן אין דער היים.

די איירישע פרוי, וואָס וויינט, האָט ליכטיגע העלע האָר. איר פּנים אָפּגעצויגן, ראַפינירט געוואָרן פון ווייטאָג. דער איירישער מאַן מיטן אַראָפּגעבויגענעם האַלז האָט א געזונטן קאַרק, ברייטע שטאַרקע פּלייצעס, פאַר'עקשנ'טע פּלייצעס, ווי ביי א ביק.

דער ריכטער לאָזט איר דערציילן פון אָנהויב אָן. אפילו וועגן אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן ניט קיין דירעקטע שייכות צום פּראָצעס.

— ער איז ביי מיר דער צווייטער מאַן, — זיצט זי אויפן עדות־שטול און וויגט זיך אהין און אהער, ווי דער אומרו פון א זייגער. — צוריק מיט פיר יאָר חתונה געהאַט מיט אים. ער איז געווען זייער גוט צו מיין קינד פון ערשטן מאַן. איך בין אים געווען זייער דאַנקבאַר, וואָס ער באַציט זיך אַזוי ליב צו א שטיף־טאָכטער.

— ביי וואָס אַרבעט ער? — ברעכט איר דער ריכטער איבער איי־מיטן דערינען.

— א קלוירק אין א פּאָסט־אָפיס.

— יעס, יעס. גייט אָן ווייטער.

— יאָ, א גוטער מאַן און א גוטער שטיף־טאַטע. אָבער צוריק מיט צוויי וואָכן, איינמאָל אין א נאַכט, האָבן מיר זיך געקריגט.

— וואָס איז געווען די אורזאַך פון אייער קריג?

— כ'געדענק שוין ניט, קלייניגקייטן, — פאַרטראַכט זיך די פרוי. עס ווייזט אויס, אַז זי וויל זיך טאַקע דערמאָנען, פאַרוואָס זיי האָבן זיך געקריגט.

— פּלעגט איר זיך אָפט קריגן?

— ניין, כמעט קיינמאָל ניט.

— יעס, יעס. דערציילט.

קוקט די פרוי צום מאן, וואס שטייט מיט אן אנגעבויגענעם קאפ. פלאקערט אויף מיט מערער האפט איר ווייטאג און צארן. רעדט זי שוין ווייטער:

ליגן מיר זיך אין בעט. ס'איז געווען אין אוונט. ליגט ער זיך א ברוגז'ער. איך ווער אנטשלאפן. אינמיטן שלאף דערפיל איך אבער, אז דאס פלאץ לעבן מיר איז ליידיג. ווער איך דערשראקן. אפשר איז ער אוועק פון מיר. איך דערהער אבער רייד פון מיין טאכטער'ס בעט.

— ווי אלט איז דיין טאכטער?

— פופצן יאר, אין צווייטן גרעיד האי־סקול. א קלוגע טאכטער, א געראטענע טאכטער. כאפ איך זיך אראפ און קום צו מיין קינד'ס בעט. ליגט דארטן מיין מאן, רעדט צו איר, און יענע לאכט. האב איך ניט געשריען, ניט געמאכט קיין סקאנדאלן. ניט געוואלט, אז מיין קינד זאל זיך עפעס אנשטויסן.

ס'זיינען אוועק נאך א פאר וואכן. איך האב געשוויגן. זיך צוגעקוקט צו זיין האנדלונג, און ס'איז קיין שום קרומע זאך ניט געשען. דאס קינד מיינס האט זיך געפירט נאטירלעך, ווי שטענדיג. איך בין שוין ניט גע־שלאפן די נעכט. געווען פארדעכטיג. אבער שפעטער האב איך שוין אינגאנצן פארגעסן, און אונזער לעבן איז געגאנגען ווי שטענדיג.

ווידער אמאל שפעט אין דער נאכט, הער איך ווי מיין קינד שרייט: „מאמע, העלף, העלף!" דאס מאל האט ער איר שוין שלעכטס געטאן. מיט געוואלד זיך באגאנגען מיט איר.

דעם ריכטער'ס פנים איז בלאס. זיין נאז אויסגעצויגן, זיינע ברילן האבן זיך פארכמארעט מיט א פייכט וואלקנדל. אין געריכט־זאל איז שטיל. די פרוי וויינט. דער באשולדיגטער שטייט מיט אן אראפגעבויגענעם נאקעטן קאפ.

— איך פארהאלט אייך אויף צוויי טויזנט דאלער בעיל.

ס'ערשטע מאל פאר דער גאנצער צייט הויבט־אויף דער באשולדיגטער זיינע אויגן. גרויסע, בלויע אויגן פול מיט חרטה. זיין געזונט, ברייט פנים קוקט ניט אויס פארדארבן און געמיין. א מענטשלעך פנים, מיט חרטה און פארצווייפלונג. ער פילט, ווי ער איז א פארשפיגענער, א פאר־שטויסענער פון דער גאנצער וועלט. האט ער שוין ניט קיין האפענונג, האט אפילו מורא צו קוקן צו זיין פרוי מיט א בעטנדיגן בליק. ער לאזט זיך גיין נאכן פאליסמאן צו דער זייטיגער טיר, וואס פירט צום געפענגעניש.

ארעסטירט איר מאן, און וואס זאל זי טאן? זי בלייבט שטיין א פארלוירענע. קוקט נאך, ווי א נאענטער מענטש ווערט פארשוואונדן,

און זי כאַפּט זיך, אַז זי האָט זיך אַליין גאָר אומגליקלעך געמאַכט. אַ הוילע און אַ נאַקעטע איז זי. אָן אַ מאַן, אָן אַ פּריינט. זי לאָזט זיך אַרויס פון געריכט־זאַל מיט גרויס צעבראָכנקייט.

ס'איז פאַרנאַכט. אַנדערע פּראָצעסן קומען אָן. ס'ווערט שפּעט אין אָוונט. דער קלוירק רופט אויס:

— ווער פון די אָנוועזנדע וויל מאַכן אַן אַפּליקאַציע פאַר בעיל?

מיט אַלע אַנדערע, וואָס קומען אַפּעלירן פאַר בעיל, שלעפּט זיך אויך נאָך די איירישע פרוי. מיט אַ צווייטן מאַן קומט זי אָן. אַ מאַן אַזאַ, וואָס לייט אויס בעיל פאַר שווערע פּראָצענטן.

— דו ווילסט אַרויסנעמען דיין מאַן אויף בעיל? — וואונדערט זיך דער ריכטער.

— יאָ, ווי קאָן איך אים לאָזן אין טורמע? — ענטפערט זי אַ שולדיגע.

דער מאַן גייט אַרויס אַ פאַר'חידוש'טער. אינמיטן שלאָף האָט מען אים אָפּגעריסן.

— קום אַהיים, מען האָט אויסגעלייגט פאַר דיר בעיל, — זאָגט אים דאָס ווייב און לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. לאָזט ער אויך אַראָפּ דעם קאָפּ.

זיי גייען ביידע אַרויס. דער ריכטער קוקט זיי נאָך. אַפילו ווען זיי זיינען שוין פאַרשוואונדן געוואָרן, האָט ער זיי אויך נאָכגעקוקט...

# צוויי בעטלער

עס איז געוואָרן קאַלט אינדרויסן. אַ פריער ווינטער קומט אין ניו יאָרק. דער נאַכט־געריכט איז איבערגעפּאַקט. ס'איז דאָרטן וואַרעם און שטיקנדיק.

פאַרן געריכט שטייען צוויי אַלטיטשקע בעטלער. איינער איז פעט און קיילעכדיק מיט אַ באַלעבאַטיש בערדל און קוקט אויס ווי אַ בכבוד'יגער זיידע, וועמען די אייניקלעך האַלטן טייער. דער צווייטער איז אַ קליינער, ווי אַ צען־יאָריגער אינגל, און אַזוי אויסגעדאַרט, אַז מ'וואָלט אים געקענט אויפהויבן מיט איין האַנט אָן באַזונדערער אָנשטרענגונג. ער שטייט אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטעקן.

איידער מען ברענגט זיי פאַרן ריכטער, שטייען זיי ביידע און שמועסן. ברידער פון איין פאַך, רעדן זיי אַרום די שלעכטע צייטן. דער פעטער אַלטיטשקער מיט דער באָרד זאָגט, אַז עס איז פאַרפאַלן, דער ווינטער האָט זיך פאַרקליבן און ס'איז שוין ניטאָ קיין כח גיין אויף די גאַסן. דער אויסגעדאַרטער אַלטיטשקער מיטן קליינעם שטעקעלע ענטפערט, אַז אים אַרט דאָס ניט. איז אין כעס דער פעטער אַלטיטשקער, אָבער ער איז שוין צו פויל זיך צו בייזערן אויף זיין קאָלעגע. פאַררוקט ער די הענט אין די אַרבל און בלאָזט זיך אַ ביסל. אָבער נאָכדעם רופט ער זיך פּלוצלונג אָן, אַז ער, פון זיין זייט, וואָלט שוין געקאָנט עסן. מאַכט דער פּיצעלע אַלטיטשקער פּונקט ווי אויף צו־להכעיס, אַז אים אַרט דאָס אויך ניט. ווערט שוין דער ערשטער אין כעס און וויל שוין גאָר ניט אויסרעדן קיין וואָרט צום קאָלעגע. אָבער איידער מען וועט אים ברענגען צום ריכטער, וועט ער זיך דערוויילע גאָר פּרואוון אויסשלאָפן. פאַרמאַכט ער די אויגן און דרעמלט זיך אַזוי שטייענדיגערהייט. פון צייט צו צייט גיט ער זיך אַ שאָקל, אָבער ער כאַפּט זיך אויף באַלד, גלייכט זיך אויס און שלאָפט ווייטער. דער קליינינקער אַלטיטשקער שטייט אָנגעבויגן איבער זיין שטעקן, האַלט זיך אין אים מיט ביידע הענטלעך און ברומט אונטער אַ ניגונ'דל. איך האָב געוואָלט פּאַקן דעם כאַראַקטער פון דעם ניגונ'דל, אָבער איך האָב ניט געקענט. אפשר געהערט אַזאַ ניגונ'דל בלויז צום גרייז־גרויען עלטער, ווען קיין שום ליידנשאַפטן זיינען שוין ניטאָ, אַ חוץ צום ביסל לעבן.

מען האָט דעם פעטן אַלטיטשקן געבראַכט פאַרן ריכטער. האָט ער זיך געשטעלט פאַר אים מיט זייער אַ געקריוודעטער מינע.

— דערקלערסטו זיך שולדיק?

— יאָ, שולדיג, — מאַכט ער אַ ברוגז'ער.
— וואָס־זשע ביסטו ברוגז אויף מיר? — צעלאַכט זיך דער ריכטער.
— ס'איז קאַלט אינדרויסן, — האָט יענער צו אים אַ טענה.
— יאָ, ס'איז קאַלט אינדרויסן, — שטימט איין דער ריכטער. — וואָס־זשע זאָל איך מיט דיר טאָן?
— שיק מיך אַוועק אין אַ שטאַט־הויז.
— אָלרייט, מיר וועלן דיך שיקן אין שטאַט־הויז. אויף וויפיל ווילסטו זאָל מען דיך שיקן?
— וואָס פאַר אַ מאָנאַט איז היינטיגער?
— וואָס פאַר אַ מאָנאַט? — פרעגט איבער דער ריכטער און גיט אַ קוק געשעפטסמעסיג אויפן קאַלענדאַר. — נאָוועמבער.
— נאָוועמבער, — ציילט דער פעטער בעטלער אויף די פינגער, — דעצעמבער, יאַנואַר, פעברואַר, מערץ, אַפּריל... — ביי אַפּריל פאַרהאַלט ער זיך און קווענקלט זיך אַ ביסל. — זאָל זיין אַפּריל אויך, ביז מאַי.
— אָלרייט, ביז מאַי, — מאַכט צו אים דער ריכטער, — וועסטו זיך אויסרוען אין די ווינטער־מאָנאַטן דאָרטן און וועסט קומען אַ ביסל צו זיך.
איצט דאַרף דער פּיצעלע אַלטיטשקער מיטן שטעקן דערשיינען פאַרן ריכטער. אָבער עס קומט אים זייער שווער אָן צו מאַכן אַ פּאָר טריט. מוז אים דער הויכער ברייטער פּאָליסמאַן, וואָס האָט אים ארעסטירט, אונטערשטופּן. שטופּט ער אים אַזוי אונטער ביז ער שטעלט זיך אויפן ריכטיגן פּלאַץ.
— ווילסט אויך אין שטאַט־הויז איבער די קאַלטע מאָנאַטן? — פרעגט אים דער ריכטער.
— ניין, איך וויל נים.
— ווילסט נים? — וואונדערט זיך דער ריכטער.
— איך וויל נים.
— ס'וועט זיין אַ קאַלטער ווינטער, — וואָרנט אים דער ריכטער.
— ס'אַרט מיך נים, — פּישטשעט ער אַרוים.
— האָסט פריינט?
— ניין.
— וואו־זשע שלאָפסטו?
— אין אַ פורנישד רום.
— וויפיל צאָלסטו?
— איין דאָלער מיט 25 סענט אַ חודש.
— וואו עסטו?
— ס'אַרט מיך נים.

— האָסט געלט צו צאָלן ?

— פאַראַן, — גיט ער אַן אומבאַשטימטן ענטפער.

דער ריכטער באַפרייט אים, ווייל ס'גייט אים ניט אין לעבן איבער־פאַקן דאָס שטאָט־הויז. דער אַלטיטשקער מיטן שטעקן לאָזט זיך אַרויסגיין. אָבער דער פּראָצעס פון זיין אַרויסגיין איז זייער אַ לאַנגזאַמער. אַ פּאָר שפּאַן, אַ שאָקל, אַן אָפּשטעל און אַ קלאַמער זיך אין שטעקן.

איך בין אים נאָכגעגאַנגען. דער קאַלטער ווינט אין דרויסן איז אים באַפאַלן ווי אַ רוצח. דאָרטן האָט ער שוין קיין איין שפּאַן ניט געקענט מאַכן. ער האָט געמוזט תיכף צו צו אַ וואַנט און זיך אָנשפּאַרן. אָבער ער שטייט דאָרטן מיט גרויס געדולד און וואַרט איבער דעם ווינט, וואָס איז פאַר אים אַזוי שטאַרק, ווי אַ שטורעם. זיין קליין פּיצל פּנים איז ניט פאַרצווייפלט. ער וועט איבערוואַרטן דעם ווינט. ער האָט צייט. דער ווינט איז אַ ביסל שטילער געוואָרן. לאָזט זיך דער אַלטיטשקער ווידער אין וויטן וועג אַריין. ער גייט און גייט און ער איז נאָך אַלץ אויף דעם זעלביגן בלאָק. איך גיי צוריק אַריין אין געריכט־הויז.

שפּעטער מיט אַ פּאָר שטונדן, גייענדיג צום סאָבוועי, האָב איך אים ווידער דערזען. דאָס איז געווען שוין דריי בלאָק פון געריכט. פאַר דער צייט האָט ער בלויז דורכגעמאַכט צוויי בלאָק און איצט אַרבעט ער פּאַמעלעך אויפן דריטן. איינגעקלאַמערט אין זיין שטעקן, אַן איינ־געבויגענער, קעמפט ער ווי אַ העלד. אַ פּאָר טריט און געוואונען, נאָך אַ פּאָר טריט און ווידער אַ געווינס. ער איילט זיך ניט. ער האָט צייט...

# ליפּעלעך וואָס וויינען

א קינד זאָל האָבן אזא לײדנדיק פּנים ? !

א מיידעלע, 10 יאָר אַלט, די עלטסטע פון אלע 4. קלוגע טרויעריגע אויגן, וויינענדיגע ליפּן, און זי האַלט אין איין האַנט איר קלענסט ברודערל.

דאָס ברודערל קוקט אויס ווי אַן אָפּגעשיילט איי, אַן אָפּגעגאָלט שפּיציק קעפּעלע, זייער א מאָגער קעפּל, א דאַר בלייך פּנים, א לענגלעכס. אַנגעטאָן אין א רעקעלע און אין הויזן פון ביליגן לייוונט, באָרוויסע פיס־לעך. דאָס פּנים בלאַס, איינגעלעך — צוויי שוואַרצע שפּילקע־קעפּלעך. א נאָכקרימעניש פון א קינד. עפּעס ווי אַן אַרטיסט האָט פון א שטיקל גרויער ליים אויפגעשטעלט אזא מענטשעלע.

די איבעריגע צוויי ברידערלעך, אויך באָרוועסע, מיט אָפּגעגאָלטע מאָגערע שפּיציגע קעפּלעך, לענגלעכע פּנימ׳ער, קליינינקע שפּילקע־אייג־לעך, אויך אַנגעטאָן אין רעקלעך און אין הויזן פון ביליגן ווייסן לייוונט. אַלע — אויסגעדאַרטע מענטשעלעך, ווי געמאַכט פון גרויען ליים.

די גאַנצע משפּחה א באָרוועסע, נאָר דאָס מיידעלע איז אין שיכלעך און אין זעקלעך, און אין א ווייס פּאַרטוכל איבערן שוואַרצן קליידל. זי קוקט אויס ווי א קליינע לערערקע.

אַז דאָס אינגסטע ברודערל האָט געוויינט, איז זיין קול געווען גראָב, פּונקט ווי א קאַרליקל וואָלט געוויינט, און געוויינט האָט ער, ווייל ער האָט געוואָלט עסן. ער האָט געוויינט און געקנייפּט דאָס שוועסטערל אין דער האַנט, אַקוראַט ווי זי וואָלט געווען די שולדיגע אין זיין הונגער.

מען האָט זיי געבראַכט מילך אין 4 פּאַפּירענע טעפּעלעך און א שאַכטל מיט ביסקוויטן. האָט דער קלענסטער ברודערל געטונקען די ביסקוויטלעך אין דער מילך, געשלונגען און דערביי אַרויסגעלאָזט אַזוינע קלאַנגען, פּונקט ווי א הינטל, וואָס גריזשעט א בײנדל. מיט אַלע זיינע חושים האָט ער געשלונגען, אַפילו מיטן אָפּגעגאָלטן שפּיציגן קעפּל. דאָס שפּיציגע קעפּעלע איז געווען אַנגעצויגן, און די אָדערלעך אין די ווינקלען פון שטערן זיינען געלאָפן אַרויף און אַראָפּ.

דאָס מיידעלע מיט די קלוגע־טרויעריגע אויגן האָט ניט אָנגערירט איר טעפּעלע מילך. אירע ליפּעלעך האָבן געוויינט קוקנדיג אויף אירע ברידערלעך. א קליין מאַמעלע, און ס׳דאַכט זיך אויס, אַז זי איז שוין אַלט הונדערטער יאָרן. אַזוי אַלט, פּונקט ווי דאָס אומגערעכטע לעבן. זי האָט דערנאָך אוועקגעגעבן דעם קלענסטן ברודערל אויך איר טעפּעלע

מילך. יענער האָט צום אַלעם ערשטן אַ קוק געטאָן מיט גרויס וואונדער אויפֿן שוועסטערל, ווי איינער זאָגט: „דו ווילסט דאָס גאָרניט?", און ער האָט זיך גלייך גענומען שטופּן די ביסקוויטלעך אין דער געשמאַקער פֿליסיגקייט.

קינדערלעך אָפּגעלאָזט איבערן ים. אַז זיי האָבן געשטילט דעם הונגער, זיינען זיי געבליבן זיצן אומעטיגע און טרויעריגע און איינ־געשלאָפֿן צו־ביסלעך אַזוי זיצנדיג. זייערע שפּיציגע אָפּגעגאָלטע קעפּלעך האָבן זיך געהוידעט, ווי הילצערנע מענטשעלעך אויף שטריקלעך. דאָס קליינע מאַמעלע מיטן ליידנדיגן פּנים איז געבליבן וואַך איבער זיי.

דער ריכטער האָט איר געהייסן זיך זעצן אויפֿן עדות־שטול, איז דאָס קלענסטע ברודערל אויך געקראָכן אַהין. זיך אַנידערגעזעצט לעבן שוועסטערל, געמאַכט זיך באַקוועם און געקוקט אויפֿן ריכטער, ווי אַ גולמ׳ל. צוליב דער ווייסקייט פֿון זיין קאָפּ און צוליב דער בלוטלאָזיגקייט פֿון זיין דאַר פּנימ׳ל, האָט ער גאָרניט אויסגעקוקט ווי אַ לעבעדיג קינד.

— ווי אַזוי הייסטו?

נענסי הייסט זי. אַזאַ שיינער נאָמען, וואָס פּאַסט זיך ניט צו אירע וויינענדיגע ליפּן. אַ מיידעלע, וואָס הייסט נענסי, דאַרף האָבן לאַכנדיגע אויגן און פֿליענדיגע האָר און אַרומלויפֿן אויף די זוניגע גאַסן און זיך שפּילן מיט אירע חבר׳טעס.

— וואו זייט איר געשלאָפֿן לעצטע נאַכט?

זיי זיינען געשלאָפֿן אין גרענד סענטראַל סטעישאָן אין דעם וואַש־צימער פֿאַר פֿרויען.

ווי האָבן זיי געקענט שלאָפֿן דאָרטן? אַז די פּאָדלאָגע איז דאָרטן פֿון שטיינער, און אַז פֿרויען גייען אַלעמאָל אריין און אַרויס! די ברידער־לעך האָבן געוויינט, און מען האָט אַלץ געקוקט צו דער טיר, אָט וועט די מאַמע אָנקומען. ווייל די מאַמע האָט געזאָגט נענסי׳ן, אַז זי גייט בלויז אַרויס אויף אַ ווײַלע, זי דאַרף זיך אָנפֿרעגן וועגן אַ באַן קיין שיקאַגאָ. האָבן זיי געקוקט צו דער טיר און די טיר האָט זיך אַלעמאָל געעפֿנט און פֿאַרמאַכט, פֿאַרשיידענע פֿרויען אריין און אַרויס, אָבער ניט זייער מאַמע.

— האָט איר אַ טאַטן?

זיי האָבן שוין ניט קיין טאַטן פֿאַר די לעצטע צוויי יאָר. דער טאַטע איז אוועקגעפֿאָרן קיין שיקאַגאָ צו זיינעם אַ ברודער זוכן אַרבעט. איז ניט אָנגעקומען פֿון אים קיין בריוו אַ לאַנגע צייט. און אַז ס׳איז אָנ־געקומען אַ בריוו, איז דאָרטן געווען געשריבן, אַז זיי האָבן שוין ניט קיין טאַטן. ער איז געשטאָרבן פֿון לונגען־אַנטצינדונג.

די קלוגע מיידעלע נענסי דערציילט מיט אַלע איינצעלהייטן. דאָס אינגסטע ברודערל קוקט אויף אירע ליפּן און איז פאַרכאַפּט, פּונקט ווי אַ קינד וואָס גאַפט פון אַ שיינער מעשה, וואָס מען דערציילט אים.

די אַנדערע צוויי ברידערלעך זיצן אויף אַ לאַנגער באַנק אין צווייטן עק צימער און קוקן פונדערווייטנס אויף זייער שוועסטער, וואָס זיצט אויף אַ שוואַרצן שטול מיט אַ הויך ווענטל און דערציילט עפּעס צו אַ פרעמדן מענטשן מיט אַ גרויען קאָפּ האָר, אין אַ שוואַרצן מאַנטל, וואָס זיצט גלייך און אויסגעצויגן און וואַשנע.

צוליב וואָס האָט אייך די מאַמע געבראַכט אויף גרענד סענטראַל סטעישאַן?

די מאַמע האָט זיי געבראַכט אויף גרענד סענטראַל סטעישאַן צו נעמען כלומרשט אַ באַן קיין שיקאַגאָ, וואָס זאָל זיי ברענגען צו זייער אָנקל.

— האָט זי עפּעס אייך געזאָגט, איידער זי האָט פאַרלאָזט דעם וואַש־צימער?

זי האָט געזאָגט, אַז זי גייט זיך אָנפרעגן וועגן אַ באַן קיין שיקאַגאָ, און זי האָט געגעבן נענסי'ן האַלטן דאָס בילד.

— וואָס פאַר אַ בילד?

נענסי נעמט אַרויס פון אונטער איר ווייסן פאַרטוך אַ פאָטאָגראַפיש קאַרטל און ציינט דאָס דעם ריכטער. דער ריכטער באַטראַכט דאָס און וויל וויסן, ווער ס'איז דער מאַן אויף דער בילד.

אָ, דער מאַן איז איר טאַטע, און די פרוי איז איר מאַמע, און דאָס פּיצעלע קינד איז אָט דאָס ברודערל, וואָס זיצט מיט איר אויפן עדות־שטול, און די איבעריגע דריי זיינען די צוויי ברידערלעך מיט נענסי'ן.

אַז דער ריכטער גיט איר צוריק דאָס בילד, כאַפּט דאָס אויס דאָס קליינע ברודערל. ער קוקט, קוקט און דערנאָכדעם צופּט ער דאָס שוועס־טערל, זי זאָל אים זאָגן, ווער ס'איז דאָס פּיצעלע קינד אויף דער מאַמעס שויס.

— דאָס ביזטו, — מאַכט צו אים דאָס שוועסטערל, און גיט צום ערשטן מאָל אַ שמייכל.

אַ וואונדערבאַר־שיינער שמייכל פון אַ קלוג, אינטעליגענט מיידעלע. דאָס קליינע ברודערל וואונדערט זיך איבער דעם פּיצעלע קינד דאָרטן אויף דעם בילד, ער קאָן דאָס גאָרניט באַנעמען, אַז דאָס איז ער.

— און דיין מאַמע איז צוריק שוין ניט געקומען?

יאָ, שוין צוריק ניט געקומען, וויינען אירע ליפּעלעך, און אין די אויגן קומען אָן טרויעריגע פּיערלעך, און אירע אַקסעלעך ווערן שווער, און זי זעט אויס, ווי אַ קליין מאַמעלע, וואָס איז שוין אַזוי אַלט.

רופט צו דער ריכטער די פרוי, די „סאָשעל וואָירקער‟, און פאַרגיט איר די אויפגאַבע, אַז זי זאָל דורך געוויסע אָרגאַניזאַציעס אויפזוכן די קינדער׳ס מאַמע. די קינדער שיקט ער דערווייל אין קינדער־הויז.

גייען זיי אַלע צו דער טיר, וואָס פירט צום קינדער־הויז. אַ משפחה פון פינף וואָרלאָזע. די עלטסטע מיידעלע גייט נאָך פון הינטן.

זיי פאַרשווינדן פון די אויגן פון דעם ריכטער און פון אַלע מענטשן אין געריכט־זאַל.

איך טראַכט וועגן זייער מאַמען. מיר דאַכט זיך, אַז איך זע זי, ווי זי גייט איבער די גאַסן מיט אַזוינע ווייַנענדיגע ליפּן, ווי איר נענסי. מיר דאַכט זיך, אַז איך זע זי, ווי זי גייט איבער די גאַסן, און קוקט זיך אַלעמאָל אום, צי ס׳לויפן איר ניט נאָך אירע קינדערלעך. אָבער זי יאָגט זיך אַוועק פון זיי, לויפט און אײַלט גאַס־איין און גאַס־אויס צו דער אומבאַוואוסטקייט און אומבאַשטימטקייט...

# איבערגעבעטן דעם טאַטן

ס'קומען אַריין אין זאַל פון קינדער־געריכט אַ גאַנצע משפחה: אַ טאַטע, אַ מאַמע און דריי מיידעלעך אין עלטער פון פיר ביז אַכט יאָר.

דער טאַטע איז זייער אַ פאַרשעמטער, ער שעמט זיך צו קוקן דער מאַמען אין די אויגן אַריין. ער שעמט זיך אויך צו קוקן אויף זיינע קינדער. ער איז אַ סקאָטישער מיט זייער אַ ריין־אָפּגעגאָלטן ראָזעווען פּנים, מיט אַ הויכן, ווייסן ביינערדיקן קאָלנער. זיינע קליידער זיינען אַלטע, אָבער אויסגעבערשטלטע ביז גאָר און ציכטיגע.

די מאַמע איז נאָך גאָר אַ יונגע, אָבער אויסגעהאָרעוועט און פאַר־עלטערט פון נויט און זאָרג. אַ קליינינקע צאַרטע בלאָנדע מאַמע מיט אַ דאַר פּנימ'ל, איינגעפאַלענע באַקן און בלויע אויגן. זי איז אויך אַ פאַר־שעמטע. שעמט זיך צו קוקן דעם מאַן אין די אויגן, און שטייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן פּנים פאַרן אַלטן ריכטער מיטן געקאָרטשעטן פּנימ'ל.

דער ריכטער, מיט אַ טשוביקל האָר אויפן נאַקעטן קאָפּ, אַן איינגע־הויקערטער, זיצט ווי צוגעקלעפּט צו זיין גרויסן ווייכן שטול. ער זיצט ווי אַ הינדעלע מיט אַ טשוביקל אויף דער נאַסידעלקע און קוואָקעט. ער קוואָקעט אַרויס די גערעכטיגקייט אין טונקעלן גרויסן געריכט־צימער, וואָס איז געראַם און שטיל, פול מיט מורא און מיט פּורכט.

די דריי מיידעלעך, מיט זייערע בלויע אויגן, כוואַליענדיגע, זיידענע ליכטיגע האָר, און זייערע געבלימלטע ציצענע קליידעלעך, זיי זיינען אויך פאַרשעמטע. שעמען זיך צו קוקן אויפן טאַטן. זיצן זיך אַלע דריי צו־געטוליעטע איינע צו דער אַנדערער אויף דער ברייטער באַנק.

די ברייט־פּלייציגע געריכט־באַדינער מיט די פאַרהאָרטעוועטע פּנימ'ר דאַרפן אויך דורכפירן פּעדאַגאָגישע פונקציעס, ווי שפּילן זיך און פאַרברענגען מיט די קינדער, בשעת זייערע עלטערן שטייען פאַרן ריכטער. גלויבט זיך נישט פאַרן אויג, ווען אַ הויכער מגושם'דיגער געריכט־באַדינער גייט־צו צו די דריי מיידעלעך מיט אַ שמייכל פון אַ קינדערגאָרטן־לערערין — און ווייזט זיי פאַרשיידענע שפּילצייג.

די קינדער האָבן ניט קיין צוטרוי צו אים. זיי האָבן מורא פאַר זיין רויטן פּנים. בלייבן זיי זיצן פרעמדע צו אים און איינגעהאַלטענע. די קלענסטע אָבער כאַפּט יאָ אַ קוק אויפן קינדער־ביכל מיט די שיינע בילדלעך, וואָס יענער דערלאַנגט איר. ווערט זי פאַרכאַפּט און בויגט

זיך איבער, ווייל די עלטסטע שוועסטער איר צוריקהאלטן. אבער אין דעם אויגנבליק כאפט די עלטסטע שוועסטער אויך א קוק אויף די בילדלעך און ווערט אויך פארצויגן מיט גרויס אינטערעס און בויגט זיך אויך איבער. אזוי ארום נארט ער זיי אלע דריי אריין אין קעסטל. מישט פאר זיי דאס ביכל, רעדט און שמייכלט צו זיי און אינגיכן ווערן זיי מיט אים שטארק חבר, און מען פארברענגט שוין געמיטלעך בשעת זייערע עלטערן לאדן זיך פאר דעם אלטימשקן קוואקענדיגן ריכטער מיטן טשוביקל אויפן קאפ.

וואס דער ריכטער זאל צו אים ניט זאגן, שאקלט יענער מיטן קאפ. א ברירה האט ער? מ'קאן דען דערווידערן א ריכטער?

די פארעלטערטע קליינינקע מאמע ווישט א טרער בגניבה ווען די פרוי פון „סאשעל סוירוויס" לייענט דעם באריכט וועגן זייער ענין.

די פרוי פון „סאשעל סוירוויס" איז הויך און ברייט, האט א סך גבורה אין איר קול. (ס'האט מיר אינפארמירט א קלוירק פון געריכט, אז די דאזיגע פרוי איז זייער א רייכע און טוט דאס ניט צוליב געצאלט, נאר צוליב מענטשלעכער גוטסקייט.) זי האט דאס מיט איר „מענטשלעכער גוטסקייט" אזוי פארפאלגט דעם סקאטישן מאן און נאכגעשפירט דורך די פארשיידענע צווייגן פון דער „סאשעל-סוירוויס" ארגאניזאציע אזש ביז קיין מילוואקי, אים דארטן געכאפט און אים געבראכט קיין ניו יארק. מיט איר „מענטשלעכער גוטסקייט" האט זי שוין איינגעזעצט פיל מענער אין טורמע און האט אויך אפגעריסן פיל קינדער פון זייערע עלטערן און זיי פארשיקט אין די אומעטיגע קינדער-היימען.

— פארוואס ביזטו אנטלאפן פון דיין ווייב און פון דיינע קינדער?

— קוואקעט דער ריכטער זייער בייז.

— ניט געווען קיין ארבעט, יור האנאר, — ענטפערט יענער זייער באשיידן און העפלעך.

— ביי וואס האסטו געארבעט?

— אן אקאונטענט!

— אזוי, אן אקאונטענט? און ס'איז ניטא קיין ארבעט? — חידוש'ט זיך דער אלטינקער.

יענער שווייגט, ווייל ער איז פון די שטילע און העפלעכע און האט אויך מורא צו דערווידערן דעם ריכטער. דער אלטימשקער אבער מאטערט מיט פראגן, און צוליב וואס מאטערט ער, אז ער ווייסט שוין אלצדינג פון דעם באריכט, וואס עס האט געלייענט די הויכע ברייטע פרוי פון „סאשעל סוירוויס"?

— און אז מען האט ניט קיין ארבעט, אנטלויפט מען פון דער פרוי

און פון אזוינע שיינינקע קינדערלעך? — מוסר'ט דער אַלטיטשקער. — פּע, שעמען מעגסטו זיך!

שעמט ער זיך טאַקע, דער סקאָטישער טאַטע, און פינטלט מיט די אויגן.

די קליינינקע ווייב אָבער וויל אַ ביסל פאַרענטפערן דעם מאַן און זי דערציילט, וואָס פאַר אַ גוטער טאַטע און אַ פיינער מאַן ער איז געווען ביז ער האָט פאַרלוירן דעם דזשאָב.

קיין דזשאָב קען אים דער ריכטער ניט געפינען. ס'איז ניט זיין מיסיע, אָבער שלום מאַכן צווישן זיי וועט ער יאָ. ס'איז זייער אַ רירנדיגע זאַך, ווען מען מאַכט שלום צווישן מאַן און ווייב. אַלע אָנגעשטעלטע פון דעם געריכט ווערן דעמאָלט סענטימענטאַל. (דער קלוירק גיט מיר אויך גלייך אויפן פּלאַץ צו פאַרשטיין, אַז דער קינדער־געריכט איז ניט אויף צו באַשטראָפן מענטשן, נאָר אויסגלייכן, איבערבעטן.)

און אָט ווי אַזוי דער ריכטער בעט איבער דעם טאַטן מיט דער מאַמען:

— גוט, דאָס מאָל שענק איך דיר. ס'צווייטע מאָל וועט שוין זיין זייער שלעכט. גיב איר די האַנט.

דער סקאָטישער מיט פאַרשעמטע אויגן גיט דעם ווייב די האַנט. די ווייב שטרעקט אויס אַ שוואַך אויסגעמאַטערט הענטל און לאָזט אַראָפּ די אויגן צו דער פּאָדלאָגע.

— איצטער צעקוש זיך מיט דיינע קינדערלעך.

דער טאַטע הויבט אָן פון דער אינגסטער: גיט איר אַ קוש אין שטערן און יענע דערשרעקט זיך און וויל זיך צעוויינען. ער קושט אויך די איבעריגע אין די שטערנס.

די גאַנצע משפחה לאָזט זיך אַרויס פון געריכט־זאַל. איך גיי זיי נאָך. די קינדערלעך גייען פאָראויס אַלע דריי אָנגענומען ביי די הענטלעך. די קינדער דרייען אויס אַלעמאָל זייערע קעפּעלעך, אַ קוק צו טאָן, וואָס ס'טוען דער טאַטע מיט דער מאַמען. אָבער טאַטע און מאַמע טוען גאָר־ניט. מען גייט זיך פאַרשעמטע איינער לעבן אנדערן און מען שוויגט...

# דער ריכטער מיט דער אידישער נאָז

(אין אַ נאַכט־געריכט)

מען נעמט אַ אידן פון לודלאָו סטריט, וואָס קען אפילו קיין ענגליש ניט, מען פּאַקט אים, מען זעצט אים אַריין אין אַ פּאָלים־וואָגן, מען טאַסקעט אים איבער גאַסן און עוועניוס, מען ברענגט אים אין אַ הויז מיט געמבלער, שיכורים, גנבים, און מען לאָזט אים דאָרטן שטיין.

ער ווייסט אפילו ניט, אַז ס'איז אַ נאַכט־געריכט. ער ווייסט נאָר, אַז ס'איז זייער ביטער, און אַז ער איז פאַרוואָרפן פון זיין היים, און אַז די וועטשערע האָט ער טאַקע ניט פאַרענדיגט, קען ער אפילו ניט בענטשן און לויבן גאָט פאַרן חסד און גענאָד, וואָס ער טוט מיט אים אַלע פיר־און־צוואַנציג שעה פון מעת־לעת.

דער איד איז אָנגעטאָן אין אָוועראָלס, אויף וועלכע עס ליגן פלאַסטן פון שטויב און קויט נאָך פון די פאַר־היסטאָרישע צייטן. די אָוועראָלס פּאַסן זיך זייער ניט צו דער רויטער באָרד און פּאות. קוקט מען אויף אים ווי אויף אַ טעאַטראַלער באַשעפעניש, וואָס איז ערשט אַראָפּ פון אַ אידישער בינע אויף סעקאָנד עוועניו.

ס'איז אים זייער שלעכט, דעם אידן פון לודלאָו סטריט. וואָלט כאָטש געווען דאָרטן עפּעס נאָך עמיצער מאחינו בני ישראל (פון אונזערע אידישע ברידער)...

דער קלוירק רופט אוים זיין נאָמען. דער איד גיט אַ ציטער אויף. דער הויכער דעטעקטיוו נעמט אים ביי דער האַנט און פירט אים צום ריכטער.

איז דער ריכטער אפשר אויך אַ איד? די נאָז זיינע זאָגט שטאַרק וועגן דעם, אַז מען איז ברוך־השם אַ איד. די אַנדערע שטריכן אָבער פון פּנים פאַרבאַהאַלטן מיט טויזנטער שלעסער די אידישקייט. קוקט דער איד פון לודלאָו סטריט אויף דעם ריכטער'ס אידישער נאָז מיט גרוים געבעט. אָבער דעם ריכטער'ס נאָז ווערט דערצאָרנט און זי קערט זיך אַוועק אַ באַליידיגטע.

זעט שוין דער איד פון לודלאָו סטריט, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות. לעשט זיך אוים זיין האָפענונג. לאָזט ער אַראָפּ פאַרצווייפלט די פּלייצעס און טראַכט מסתמא, אַז: כאשר אבדתי, אבדתי (אַז איך בין שוין סיי־ווי אַ פאַרלוירענער און אַ פאַרפאַלענער).

דער קלוירק לייענט פאַר אים די קלאַגע:

— דו ווערסט אַנגעקלאָגט אין אַריבערטרעטן דעם געזעץ, פּאַראַגראַף אַזוינעם און אַזוינעם. דערקלערסטו זיך שולדיג?

— איך פאַרשטיי ניט קיין ענגליש, — ענטפערט דער איד פון לודלאָו סטריט מיט אַ וויינענדיג קול.

קיין איבערזעצער אין נאַכט־געריכט איז ניטאָ, און דער ריכטער מיט דער אידישער נאָז ווענדעט זיך צום עולם, אַז צי וועט אפשר עמיצער פון עולם, וואָס פאַרשטייט אידיש, זיין אַזוי גוט און אָננעמען אַלס איבער־זעצער.

צווישן עולם געפינען זיך אַ סך אידן, דאָס קען מען גלייך באַמערקן. אָבער זיי שווייגן. פּינטלען מיט די אויגן און שווייגן.

— איז קיינער דאָ ניטאָ, וואָס פאַרשטייט אידיש? — ווענדעט זיך נאָך אַמאָל דער ריכטער און מען זעט, אַז ס'איז אים שטאַרק אומאַנגענעם דער גאַנצער עסק.

הויבט זיך אויף אַ בחור, וואָס לויטן אויסזען און לויט דעם אָנטאָן זעט ער אויס ווי אַ היגער־געבוירענער.

— פאַרשטייסט אידיש? — וואונדערט זיך דער ריכטער.

— יאָ, איך פאַרשטיי, — ענטפערט פּשוט דער שיין־געקליידעטער בחור.

דער דעטעקטיוו דערציילט, פאַרוואָס ער האָט אים אַרעסטירט. ער איז פון סאַניטאַרישן דעפּאַרטמענט און זיין אויפגאַבע איז אַכטונג צו געבן אויף דער ריינקייט פון דער שטאָט. איז ער געגאַנגען איבער לודלאָו סטריט זוכן עבירות געגן דער ריינקייט. האָט ער לאַנג ניט געדאַרפט זוכן. געפּאַקט אַ שמוץ קעסטל שטייט אָפן, אָן אַ דעקל, און דאָס איז זייער אַ גרויסער פאַרברעכן, ווייל די באַצילן פליען אַרויס פון אָפענעם קעסטל און פאַרשפּרייטן זיך צווישן די מענטשן. האָט ער אָנגעקלונגען און גע־פרעגט זיך אויפן דזשעניטאָר, איז אַרויסגעגאַנגען אָט דער אָנגעקלאָגטער און געזאָגט, אַז ער איז דער דזשעניטאָר, האָט ער אים אַרעסטירט.

— פאַרוואָס האָסטו געלאָזט אָפן דאָס מיסט־קעסטל? — פרעגט דער ריכטער אין ענגליש און דער יונגער בחור דאַרף איבערזעצן די פראַגע. איז ער אַ גוטהאַרציגער, דער בחור, און ווייל דאָ ראַטעווען פון דער שטראָף דעם צעטומלטן אידן פון לודלאָו סטריט, זעצט ער ניט איבער דעם ריכ־טער'ס פראַגע, נאָר ער מאַכט אויף אָן אייגענע פראַגע:

— אַ יאָ, דו האָסט צוגעדעקט דאָס מיסט־קעסטל, אָבער די אינגלעך פון דער גאַס האָבן עס אויפגעדעקט? זאָג יאָ.

כאַפּט זיך באַלד דער אידישער דזשעניטאָר, אַז דאָ קומט די ישועה, און ער ענטפערט גלייך:

— אוודאי, האָב איך צוגעדעקט, וואָס דען איך האָב ניט צוגעדעקט? אָבער די איינגלעך פון דער גאַס האָבן דאָס אויפגעדעקט.

— דיסקוואַליפיצירט אַלס איבערזעצער, — רופט זיך אָן דער ריכטער בייז צום יונגן בחור און הייסט אים אוועקגיין.

דער בחור איז אָבער ניט פון די שיפּע זיבעלעך און ער פרעגט אָן מורא:

— פאַרוואָס? יור האָנאָר, פאַרוואָס בין איך דיסקוואַליפיצירט?

— דערפאַר, — ענטפערט דער ריכטער און זיין אידישע נאָז איז שרעקלעך אין כעס, — דערפאַר, ווייל דו גיסט ניט איבער ריכטיג מיין פראַגע.

— פון וואַנעט ווייסט איר, יור האָנאָר? — רופט זיך אָן דער בחור מיט אַ לייכטן חוזק אין די ווינקלען פון די אויגן. — איר פאַרשטייט דען אידיש?

דער ריכטער ענטפערט ניט. ער ווערט רויט. דער קלוירק שיקט דעם בחור אוועק. דער עולם כיכיקעט און דער ריכטער קלאַפּט מיטן האַמער:

— שטיל זאָל זיין אין געריכט-הויז!

איז געוואָרן שטיל אין געריכט-הויז און ער האָט פאַר׳משפט דעם דזשעניטאָר צו אַ דאָלער שטראָף.

# דער איד מיט דער רויטער באָרד

מען הייסט אים זעצן זיך אויף דער באַנק, דעם אידן מיט דער געקרייזלטער רויטער באָרד. זעצט ער זיך און שטייט באַלד אויף. ער קאָן ניט איינזיצן. אַ הויכער איד, אַ גבור, אין אַ יאַרמולקע. זיינע צוויי לאַנגע פאות די געקרייזלטע הענגען ווי פלעשעלעך איבער זיינע באַקן.

ענדלעך קומט אַריין דער ריכטער. מען הייסט אים זיך אויפשטעלן. ער גייט צו צום טיש אַ ברוגז'ער.

— וואָס איז די קלאַגע? — פרעגט דער ריכטער דעם דעטעקטיוו.

— איך בין געגאַנגען אויף דער און דער גאַס נעכטן אינדערפרי (ער רופט אָן אַ גאַס אין דער איסט־סאַיד), האָב איך געזען מענטשן אַריינגיין אין אַ געוויסן הויז. דאָס פענצטער פון ערשטן שטאָק איז געווען פאַרהאַנגען מיט אַ ליילעך. בין איך אויך אַריינגעגאַנגען אין דעם הויז. זע איך, ווי מענטש זיצן און טרינקען שנאַפּס. האָב איך געפרעגט, ווער ס'איז דער אייגנטימער. איז צוגעקומען אָט־דער אָנגעקלאָגטער און מיר געזאָגט, אַז ער איז דער אייגנטימער. האָב איך אים געפרעגט, צי ער האָט אַ לאַיסענס. האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האָט ניט קיין לאַיסענס. האָב איך אים אַרעסטירט.

— וואָס האָסטו צו זאָגן? — פרעגט דער ריכטער און הייסט דעם איבערזעצער צו פאַרטייטשן דעם אידן זיין פראַגע.

— וואָס זאָל איך זאָגן? — מאַכט יענער אין אידיש און גיט אַ ביטערן זיפץ, — אַז ס'איז גאָר הפקר אַ וועלט.

— וואָס האָט ער געזאָגט? — וויל דער ריכטער וויסן.

— ער האָט געזאָגט... — און דאָ שטאַמלט דער איבערזעצער, ער ווייסט ניט ווי אַזוי איבערצוזעצן „אַז ס'איז גאָר הפקר אַ וועלט". אָבער דאָך זעצט ער ווי־עס־איז איבער, און דער ריכטער שמייכלט.

— פרעג אים, מאַכט דער ריכטער, — וואָס האָט ער צו זאָגן וועגן דעם, וואָס מען באַשולדיגט אים, אַז ער האָט פאַרקויפט בראַנפן אָן לאַיסענס.

— ווער זאָגט אייך דען, אַז איך האָב גאָר אינגאַנצן פאַרקויפט? — ענטפערט דער איד מיט אַ טענה צום איבערזעצער.

— ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט ניט פאַרקויפט, — פרובירט שוין ניט יענער איבערזעצן וואָרט ביי וואָרט, און מאַכט עס אויפן ענגלישן שטייגער.

— אויב ער האָט ניט פאַרקויפט, פאַרוואָס־זשע האָט דער דעטעקטיוו געטראָפן ביי אים אין הויז מענטשן טרינקען שנאַפּס ?

— מענטשן טאָרן שוין ניט נעמען צו־ביסלעך ? — ענטפערט דער איד, ווי ער וואָלט נאָך געווען גערעכט.

— ער זאָגט, — מאַכט דאָס דער איבערזעצער אין אַ ריכטיגן ענגליש, — אַז זיי, די מענטשן, האָבן געטרונקען אַ ביסעלע.

— אָבער מען האָט געטרונקען ?

— פאַרוואָס זאָלן זיי ניט טרינקען ? — איז יענער נאָך אַלץ מיט אַ טענה.

—ער האָט געזאָגט, — מאַכט דער פינקטלעכער איבערזעצער, — אַז יאָ, זיי האָבן געטרונקען.

— דאַרף מען דאָך האָבן אַ לאַיסענס !

— אַז איך וויים נאָרניט, וואָס עס איז ! — מאַכט זיך דער איד טאַמעוואַטע.

— ער זאָגט, אַז ער ווייסט ניט, וואָס עס איז אַ לאַיסענס.

— דערקלער אים, וואָס עס איז, — באַפעלט דער ריכטער דעם איבערזעצער.

דערקלערט אים יענער, אַז אַזוי און אַזוי : אַז אַ מענטש וויל פאַר־קויפן שנאַפּס אין ניו־יאָרק, מוז ער האָבן אַזאַ פּאַפּיר פון דער שטאָט, וואָס דערלויבט אים דאָס צו טאָן.

— וואָס טוט זיך דאָ ? — איז דער איד אין כעס. — וואָס פאַר אַ פאַרקויפן שנאַפּס ? ווער האָט פאַרקויפט ? וואָס מיר פאַרקויפט ? ווער האָט דאָס גאָר בדעה צו פאַרקויפן ?

— וואָס זאָגט ער ? — וויל דער ריכטער גלייך וויסן.

— ער זאָגט, אַז ער האָט גאָרניט פאַרקויפט, — מאַכט יענער דאָס קורץ.

— אָבער ער גיט דאָך אַליין צו, אַז מען האָט יאָ געטרונקען ביי אים אין הויז שנאַפּס.

— וואָס ווילט איר פון מיר ? — שרייט ער שוין אויף אַ קול. — טאָר שוין אַ איד ניט צונויפרופן אַ מנין ביי זיך אין הויז ?

— ער זאָגט, אַז ער האָט צונויפגערופן אַ מנין ביי זיך אין הויז, — זאָגט דער איבערזעצער אין ענגליש, אָבער דאָס וואָרט „מנין" מוז ער שוין זאָגן טאַקע „מנין".

— אַ מיניען ? וואָס איז דאָס אַזוינס ? — פאַראינטערעסירט זיך דער ריכטער.

שוויצט נעבעך דער איבערזעצער, אָבער ער דערקלערט שוין ווי

ס'ניט איז, אַז: אידן, ווען זיי ווילן דאַוונען צוזאַמען אין אַ געמיינדע, מוזן זיך אין הויז געפינען אַמווייניגסטנס צען אידן.

— אַ־אַ, — פאַרשטייט שוין דער ריכטער. — אָבער וואָס האָט צו טאָן דאַוונען מיט טרינקען בראַנפן?

— וואָס־זשע, דו ווייסט גאָרניט, אַז ווען מען האָט יאָרצייט שטעלט מען בראַנפן? — בייזערט ער זיך אויפן איבערזעצער, וואָס יענער רעדט, דאַכט זיך, אידיש ווי אַ איד, און ווייסט גאָרניט אַזאַ געוויינלעכע זאַך.

— ער זאָגט, אַז ער האָט געמאַכט אַ מעמאָריאַל, — דערקלערט יענער פּינקטלעך דאָס וואָרט „יאָרצייט", — האָט ער „געטריטעט" מיט בראַנפן.

— נאָך וועמען? — וויל דער ריכטער וויסן.

— נאָך מיין טאַטן, ר' איציקל, עליו השלום.

— נאָך זיין טאַטן אייזיק, — זעצט יענער איבער.

— האָסטו געזען, ווי די מענטשן האָבן באַצאָלט פאַרן שנאַפּס? — ווענדעט זיך דער ריכטער צום דעטעקטיוו, וואָס שטייט אַ צעטומלטער און ווייסט שוין אַליין ניט, וואָס עס איז דאָרטן געשען.

— יאָ, — ענטפערט דער דעטעקטיוו. — יאָ, — מאַכט ער דאָס שטאַרקער, — איך האָב מיט מיינע אויגן געזען, ווי איינער האָט געהאַלטן אין געבן געלט דעם אָנגעקלאָגטן, ווען איך בין אריינגעגאַנגען.

— דער דעטעקטיוו זאָגט, אַז ער האָט דיך געזען נעמען געלט ביי איינעם, — מאַכט צו אים דער איבערזעצער.

— געלט?! — איז דער איד מבטל דעם גאַנצן עסק. — אַ ניקל הייסט ביי אייך געלט?

— ער זאָגט, — זעצט יענער איבער קאָרעקט, — אַז ער האָט גענומען בלויז אַ ניקל.

— פאַרוואָס האָט ער גענומען אַ ניקל? — וויל דער ריכטער וויסן.

— צו קויפן אַ פּאָר בייגל, — ענטפערט דער איד, און איז אין כעס, וואָס מען דולט אים דעם קאָפּ מיט אַזוינע נאַרישקייטן.

— צו קויפן פּרעצלס, — זעצט יענער איבער.

פאַרשטייט שוין ניט דער ריכטער. ער איז שוין אויך צעטומלט.

— אויב ער האָט געמאַכט די פּאַרטי ביי זיך אין הויז, פאַרוואָס האָט גאָר אַ גאַסט געדאַרפט געבן אַ ניקל?

— אויב דו האָסט געמאַכט אַ פּאַרטי ביי דיר אין הויז...

— אַ פּאַדי?! אַ פּאַדי?! — איז דער איד אין כעס. — אַ יאָרצייט הייסט ביי אים אַ פּאַדי!

— אַ יאָרצייט, — טוט אים יענער צוליב. — ווי־זשע קומט דאָס, וואָס איינער פון די געסט האָט דיר געגעבן אַ ניקל?

— נאָר מען פרעגט דיך קשיות! — איז דער איד ברוגז. — אז א איד האָט געוואָלט פאַרבייסן מיט א בייגל, בין איך שולדיג?

— ער זאָגט, אז איינער פון די מענטשן האָט געוואָלט א פּרעצל, האָט ער אים געגעבן געלט צו קויפן.

פאַרשטייט דער ריכטער נאָך אַלץ ניט, נאָר ער שטעלט זיך שוין ניט אָפּ אויף דעם. זאָל זיינס אַריבערגיין.

— אָבער פאַרוואָס איז געווען דאָס פענצטער פאַרהאַנגען? — גע־דענקט דער ריכטער דאָס פאַרהאַנגענע פענצטער, וועגן וועלכן דער דעטעק־טיוו האָט פריער דערמאָנט.

— מען קאָן דען פון זיי איבערטראָגן? — איז ברוגז דער איד.

— ר' איד, ענטפערט מיר גלייך אויף מיינע פראַגן און פאַרדרייט מיר ניט דעם קאָפּ! — איז שוין דער איבערזעצער געוואָרן אומגעדולדיג.

— ווער ענטפערט ניט? — דערשרעקט ער זיך א ביסל.

— דער ריכטער וויל וויסן, פאַרוואָס דאָס פענצטער איז געווען פאַר־האַנגען, — איז דער איבערזעצער בייזלעך.

— די ממזרים אויף דער גאַס, אז אידן דאַווענען, מאַכן זיי חוזק. דערפאַר האָב איך פאַרהאַנגען דאָס פענצטער, — פאַרענטפערט ער זיך, זעענדיג ווי יענער איז שוין בייז.

— ער זאָגט, אז ער האָט פאַרהאַנגען דאָס פענצטער צוליב די קינדער אויף דער גאַס, זיי זאָלן ניט מאַכן חוזק ווען אידן דאַווענען.

דער ריכטער קוקט אויפן אידן מיט א פאַרשנדיגן בליק. עפּעס גלויבט ער אים ניט. עפּעס, ווייזט אויס, דאַכט זיך אים, אז דער רויטער איד כיטרעוועט אים דאָ איבער.

— איז אמת, — פרעגט ער דעם איבערזעצער, — אז אידן, ווען זיי קומען זיך צונויף צו א מעמאָריאַל, מאַכן זיי א פּאַרטי?

— אמת, — ענטפערט דער איבערזעצער ערנסט.

— אָבער אז ער האָט געגעבן א פּאַרטי אין הויז, צוליב וואָס־זשע האָט איינער פון די געסט געדאַרפט געבן א ניקל? — ערגערט זיך דער ריכטער.

— איך ווייס ניט, — ענטפערט דער איבערזעצער העפלעך.

— פרעג אים נאָכאַמאָל.

פרעגט אים יענער.

ווערט דער איד בייז:

— איך האָב בלויז געשטעלט שנאַפּס, אויף בייגל האָב איך שוין ניט געהאַט ביד, זאָלן זיי זיך אליין קויפן בייגל, אז זיי ווילן.

קוקט אָבער נאָך אַלץ דער ריכטער סקעפּטיש. דער רויטער איד באַמערקט זיין סקעפּטישקייט און רופט זיך אָן מיט געקריוודעטקייט:

— ער גלויבט ניט, אַ? זאָל ער פרעגן דעם מעיאָר לאַגוואַרדיע, יענער ווייסט שוין יאָ, ווי אַזוי ס'פירט זיך ביי אידן.

צעשמייכלט זיך דער ריכטער און לאָזט אים פריי.

גיט דער איד אַ טו־אָן דאָס היטל אויף דער יאַרמולקע, שפּאַנט זיך אַרויס אָן אומצופרידענער, אַ געקריוודעטער.

— פאַרשטאָפּטע קעפּ! — טוט ער אַ וואָרטשע, — און זיי זיינען נאָך די ריכטער...

# דער יונגער טאַטע ווײַנט

דער פּאַרטאָריקער טאַטע מיט די צוויי קינדער קוקט אויס ווי אַ אינגל פון אַ יאָר 18, אָבער ער זאָגט, אַז ער איז שוין אַלט 25 יאָר. אַ דינער טאַטע, מיט אַ גרויסער קוטשמע שווארצע האָר. דאָס קינד פון אַ יאָר האַלט ער אויף די הענט, דאָס קינד פון צוויי יאָר לויפט אים נאָך הינטן.

ער פּרובירט צו זיין העפלעך, דער טאַטע. ציט ער זיך אויס, מיטן קינד אויף די הענט, פאַרן ריכטער ווי אַ סאָלדאַט. ווייל אָבער דאָס צווייטע אויך אויף די הענט. ווייסט שוין יענער ניט וואָס צו טאָן. גיט ער אַ זאָג צום קינד עפּעס אויף שפּאַניש. ווייזט אויס, אַ זידל־וואָרט, ווייל דאָס פּיצל פאַרברעכט די פּיסקעס און צעגוואַלדעוועט זיך אויף די הויכע קולות.

דער אַלטער ריכטער מיט דער שפּיצעכיגער נאָז איז אָבער אַ נער־וועזער מענטש. ער קאָן ניט פּאַרליידן אַזוינע זאַכן. קלאַפּט ער מיטן העמערל איבערן טיש. טוט צוליב דער טאַטע דעם ריכטער, און ער שרייט שוין אָן אויפן קינד אין ענגליש:

— „יו, בעסטאַרד יו, שאַראַפּ״!

דאָס האָט אָבער נאָך מער קאַליע געמאַכט, ווייל דעם ריכטער׳ס שפּיצעכיקע נאָז האָט זיך פאַרקרימט פון דעם „שרעקלעכן״ וואָרט.

האָט שוין דער טאַטע געמוזט נעמען אויך דאָס צווייטע קינד אויף די הענט און זיך אויסגעצויגן ווידער מיט זיי ביידע, ווי אַ סאָלדאַט. מיט זיין פּאָזע האָט ער געוואָלט צייגן, אַז ער ווייסט ווי אָפּצוגעבן כבוד גרויסע מענטשן.

— זעץ זיך אויפן עדות־שטול, — לאַרעט אים איין דער ריכטער.

ער זעצט זיך מיט ביידע קינדער. אָבער דאָס עלטער׳ע לאָזט שוין ווידער ניט צורו, ס׳וויל אַראָפּ. ס׳האָט עפּעס דערזען אויפן טיש, רייסט זיך דאָס אהינצו. לאָזט ניט דער טאַטע, צעוויינט זיך ווידער דאָס פּיצל קינד און מאַכט געוואַלדן.

— אָט אַזוי איז עס, אַז ס׳איז ניטאָ קיין מאַמע, — ווענדעט ער זיך צום ריכטער. — אַ מאַמע ווייסט שוין וואָס צו טאָן, אָבער איך ווייס ניט.

— וואו איז דען די מאַמע? — פרעגט דער ריכטער.

— אין האָספּיטאַל, — ענטפערט יענער ראַפּטאָם. — זי איז קראַנק אויף רעוומאַטיזם, בראָנכיטיס און הופינג־קאָף.

— הופינג־קאָף? — חידוש׳ט זיך דער ריכטער מיט אַ שמייכל. — אַ דערוואַקסענער מענטש האָט אויך הופינג־קאָף?

— יעס, הופינג־קאַף, — באַשטעטיגט יענער ווידער. — זי הוסט אַזוי, אַז איך דאַרף איר צוהאַלטן ביים קאָפּ.

— וואָס־זשע ווילסטו?

—איך וויל, אַז מען זאָל די צוויי קינדער צונעמען אין אַ „האָום".
איך קאָן מיט זיי גאָרניט טאָן.

— אַרבעטסט?

— ניין, שוין צוויי יאָר אַז ניט.

— נו ,און די מאַמע? זי וועט גאָר ניט האָבן דאַגעגן?

— זי האָט מיר אַליין געגעבן די עצה. די קינדער, זאָגט זי צו מיר, וועלן נאָך אויסגיין פאַר הונגער. גיב זיי אַריין אין אַ האָום, וועלן זיי כאָטש האָבן וואָס צו עסן.

— וויפיל יאָר ביזטו שוין אין דעם לאַנד?

— פינף יאָר.

— ביי וואָס האָסטו געאַרבעט?

דאָס עלטסטע קינד האָט זיך דערווייל דאַך אַרויסגעריסן פון די הענט און איז אַנטלאָפן. ס'איז אים עפּעס געווען זייער פריילעך, איז דאָס אומגעלאָפן אַרום און אַרום איבערן צימער, געוואָרפן מיט די הענטלעך און געמאַכט הויך אויף אַ קול:

— טאַ, טאַ, טאַ, טאַ.

דער ריכטער איז שרעקלעך אין כעס געוואָרן. ער האָט געקלאַפּט מיטן העמערל איבערן טיש זייער בייז. אַ קלוירק איז נאָכגעלאָפן דעם קינד, דאָס געכאַפּט און עס געוואָלט אַרויסטראָגן פון געריכט־זאַל. האָט דאָס קינד ווידער געמאַכט גרויסע געוואַלדן, און מען האָט דאָס שוין ניט געקענט אַרויסטראָגן פון געריכט־זאַל. אַ פרוי פון די „סאָשעל וואָרקערס" האָט זיך גענומען דאָס באַרואיגן, גערעדט צו דעם אין אַ קינדעריש לשון. אויסגעשטעקט די האַנט צו דעם. האָט דאָס קינד געקוקט אויף דער פרעמדער פרוי מיט גרויסע וואַסערדיגע אויגן און מיט דעם פאַר'חידוש'ט פאַרטאַ־ריקער צעפלעטשט נעזל. זיך דערשראָקן, ווייזט אויס, פאַר דער פרעמדער פרוי. צוגעלאָפן צום טאַטן, אַרויפגעקראָכן אויף זיינע קני און שוין דאָרטן געבליבן אַ שטילס און אַן אויפמערקזאַמס.

— ווילסטו, הייסט עס, זיי אָפּגעבן אין אַ האָום? ! — פרעגט איבער דער ריכטער.

— וואָס־זשע וועסטו טאָן?

— איך? ווייס? איך וועל גיין זוכן אַרבעט.

— וואָס איז דיין פאַך?

— אַ שוסטער. געאַרבעט צוריק מיט צוויי יאָר אין אַ פּעקטאָרי אין ברוקלין.

— האָסטו געזוכט ביז אַהער אַרבעט?

— יאָ, געזוכט, שור, געזוכט. אַלע טאָג געזוכט.

דער ריכטער איז עפּעס אומצופרידן. פּאַרוואָס, זאָגט ער ניט. פּילע מאַמעס און טאַטעס קומען לעצטנס אין קינדער־געריכט און בעטן זיך, מען זאָל ביי זיי צונעמען די קינדער.

— אַזאַ יונגער טאַטע, און האָסט שוין צוויי קינדער?

דער יונגער טאַטע מיינט, אַז ס'איז אַ קאָמפּלימענט, לאָזט ער אַראָפּ באַשיידן זיין קאָפּ. אָבער פון ריכטער'ס מינע, ווען ער האָט געשטעלט די פראַגע, האָט מען געקאָנט באַמערקן, אַז ס'איז ניט קיין קאָמפּלימענט. ס'האָט גיכער געקאָנט זיין אַן אומצופרידנקייט מיט דעם, וואָס קבצנים האָבן אַזוי פּיל קינדער, און זיי פאַלן צו לאַסט אויף דעם שטאַט.

— גוט, — מאַכט דער ריכטער אַן אומצופרידענער און לייגט זיין אונטערשריפט.

דער טאַטע מיט די צוויי קינדער זיינען אַרויסגעגאַנגען אין קאָרידאָר. מען האָט אים געהייסן וואַרטן, ביז די פרוי פון „האָום" וועט קומען זיי אָוועקנעמען. ער שפּילט זיך דערווייל מיט זיי. דאָס אינגסטע זיצט אויף זיינע הענט און גלעט אים אַן אויער. דאָס עלטסטע איז גאָר אַ שטיפער. ס'לויפט אַרום איבערן גאַנצן קאָרידאָר, דרייט זיך ווי אַ ווייזעלע, שטעלט זיך אָפּ פון צייט צו צייט צו זען, אויב דער טאַטע קוקט צו. דער טאַטע אָבער זיצט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. גייט דאָס קינד צו צום טאַטן און טאָרעט אים. דער טאַטע הויבט אויף דעם קאָפּ, אָבער ער איז אומעטיג. פאַלט דעם קינד איין, אַז מען דאַרף אויך אַמוזירן דעם טאַטן, און ס'האָט שוין, ווייזט אויס, אַ חנ'דעלע אַזאַ, וואָס פון דערפאַרונג ווייסט דאָס שוין, אַז ס'ווירקט. בויגט זיך דאָס צום טאַטן און מאַכט מיט אַ זים קול'כל:

— העלאָו!

דאָס איינציגע וואָרט אין ענגליש, וואָס דאָס קינד ווייסט, און דער טאַטע צעשמייכלט זיך פון דעם „העלאָו".

ס'קומט אָן די פרוי פון „האָום" מיט אַ מאַן. אַ דינע, הויכע פרוי מיט אַ זויער פּנים. צו די קינדער שמייכלט זי מיט אַן אויסגעלערנטן, געמאַכטן שמייכל. די קינדער ווילן צו איר ניט גיין, און כאַפּןביידע אַרום דעם טאַטן. ער צענעמט זייערע הענטלעך און קושט זיי בשעת מעשה. ער קושט זיי גוט אָן. די קינדער וויינען, זיי ווילן ניט גיין. נעמט ער זיי ביידע אויף די הענט און טראָגט זיי אַרויס אין דרויסן. דאָרטן וואַרט שוין דער אויטאָמאָביל פון „האָום".

מיט גוטן און מיט בייזן, די פרוי מיט דעם מאַן נעמען צו ביי אים די קינדער. די לעצטע מאַכן געוואַלדן איבער דער גאַנצער גאַס. דער אויטאָמאָביל רירט זיך. דער טאַטע בלייבט שטיין זייער אַ פאַרטרויערטער. דער אויטאָמאָביל פאָרט אַוועק. דער טאַטע לאָזט זיך גיין צו דער 23טער גאַס. אַזוי גייענדיג צענעמט אים דער ווייטאָג וואָס שטאַרקער און שטאַרקער. ער קאָן שוין מער ניט אויסהאַלטן. ער צעוויינט זיך אינמיטן דער גאַס. מענטשן גייען פאַרביי, דרייען אויס די קעפּ צו אים, און דער יונגער טאַטע וויינט מיט גרויסע, הייסע טרערן...

# אין שמעלץ־טאָפּ

די הויכע איטאַליענישע מאַמע האָט גרויסע, פּייכטע, ברוינע אויגן, ווי ביי אַ קאַלב. קוקט זי מיט זיי צעשראָקן אויפן קליינינקן אַלטיטשקן ריכטערל, וואָס קאָרטשעט דאָס קליין פּנימ׳ל זיינס, פּונקט ווי אַ קינד, וואָס ווערט ערשט געבוירן און איז עפּעס ניט צופרידן פון דער וועלט.

די טאָכטער אירע, 14 יאָר אַלט, איז אויך הויך און פאַרמאָגט אויך גרויסע, פּייכטע, ברוינע אויגן. אָבער זייער קוק איז שוין אַן אַנדערער. זי איז אַן אַמעריקאַנערין און די מאַמע איז אַ אייראָפּייאישע. די מאַמע טראָגט אַ סך קליידלעך, דאָס קאָפּטל איז ביי איר פאַרשמאַלצן, דאָס פּנים איז ברודיג. די טאָכטער טראָגט ניט קיין סך קליידלעך און איז שלאַנק, האָט שוין רויט־געפאַרבטע נעגעלעך און ליפּעלעך און די ברעמען זיינען אויך אַ ביסל אויסגעצופּט.

דער מאַמען און דער טאָכטער האָט מען געבראַכט אין קינדער־געריכט, ווי צוויי פאַרביטערטע שונאים. מען האָט זיך פּיינט איינע דער אַנדערער. עס איז צווישן זיי אַ מלחמה אויף לעבן און טויט.

זי פאַרמאָגט 9 קינדער, די דיקע איטאַליענערקע, אָבער די דאָזיגע טאָכטער איז צו איר ווי אַ פרעמדע. זי פאַרשטייט ניט ווי אַזוי קאָן געבוירן ווערן אַזאַ קינד.

דער קליינטשיקער, געקאָרטשעטער ריכטער פאַרשטייט אויך ניט, און די פרוי „סאָשעל וואָירקער״, די הויכע בלאָנדע מיידל מיט די ברילן, פאַרשטייט אויך ניט. אַלע פאַרשטייען ניט.

ווען די מאַמע רעדט אין איטאַליעניש צום איבערזעצער, קוקט די מיידל מיט בייזע אויגן. זי אַליין פאַרשטייט ניט קיין איטאַליעניש, אָבער זי ווייסט שוין לויט דער מאַמע׳ס אויסדרוק אויפן פּנים, אַז זי זידלט זיך. ווען די טאָכטער רעדט אין ענגליש צום ריכטער, קוקט די מאַמע מיט רציחה אויף דער טאָכטער. זי פאַרשטייט ניט קיין ענגליש, אָבער זי האָט פּיינט די דאָזיגע שפּראַך, וואָס קלינגט צו איר ווי אַ בייז וואונדער, ווי זידל־ווערטער צו אירע איטאַליענישע אויערן.

— ווען ביזטו געקומען קיין אַמעריקע?

ענטפערט זי דעם איבערזעצער מיט אַ גאַנצן שטראָם רייד. אָבער דער איבערזעצער שטעלט זי אָפּ. ער דאַרף נאָר וויסן ווען זי איז געקומען קיין אַמעריקע.

— מיט 20 יאָר צוריק.

דער איבערזעצער אַליין איז ניט קיין איטאַליענער. מען קאָן ניט וויסן וואָס ער איז. אָבער ער קען 12 שפּראַכן און רעדט פליסיג אויף זיי. איך האָב אים שוין אפילו געהערט פּאַרטיטשן העברייאישע ווערטער. עס איז אַ קליין מענטשעלע מיט דינע וואַנצעלעך, מיט אַ קליין קעפּעלע. ער קען אַ מאַסע שפּראַכן, און אַז ער רעדט אַ פרעמדע שפּראַך, קומען אוים ביי אים די ווערטער אָן קאָליר, אָן קלאַנג, פּונקט ווי אַ מאַשין, אין וועלכער מען האָט אַריינגערעדט שפּראַכן, און די מאַשין קוועטשט זיי אַרוים צוריק.

— צוואַנציג יאָר, און דו פאַרשטייסט ניט קיין ענגליש?

הויבט זיך אָן צו זידלען די איטאַליענערקע, שטעלט איר דער איבער־זעצער ווידער אַפּ, און זי ענטפערט, אַז זי וויל נישט קענען אָט די שפּראַך. ס'איז אַ זינדיגע שפּראַך, עס איז ניט קיין מענטשלעכע שפּראַך.

— אַ זינדיגע שפּראַך? — באַליידיגט זיך דאָס ריכטערל.

גיט זי ווידער אַ פאַרפליי מיט שטראָמען רייד. דער איבערזעצער שטעלט זי אָפּ. אָבער קיין ענטפער פאַרוואָס ס'איז אַ זינדיגע שפּראַך, האָט ער טאַקע ניט געקאָנט אַרויסקריגן ביי איר.

ווער ס'זאָל ניט רעדן אין ענגליש, צי דער ריכטער, צי דער איבער־זעצער, צי איר טאָכטער, ווערט זי סענסיטיוו און באַליידיגט זיך, די איטאַליענערקע. ס'דאַכט זיך איר אוים, אַז מען האָט זי באַרעדט פון קאָפּ ביז די פים.

— פאַרוואָס שלאָגסטו דיין טאָכטער?

ווידער אַ שטראָם רייד, אָפּגעשטעלט, און זי ענטפערט:

— זי איז ניט צו מיר קיין קינד.

די טאָכטער זאָגט, אַז זי קאָן ווייזן סימנים אויף איר לייב, און זי נעמט זיך גלייך אָפּקנעפּלען איר קלייד.

הויבט זיך אָן אַ ביסל צו רויטלען דאָס געקאַרטשעטע פּנימ'ל פון ריכטערל און ער זאָגט, אַז מען דאַרף ניט, אַז ער גלויבט איר אויפן וואָרט.

שלאָגט איבער די מאַמע מיט אַ בייזן שטראָם רייד און כאַפּט זיך אויך אויפקנעפּלען איר קלייד. זי זאָגט, אַז זי קאָן אויך ווייזן סימנים אויף איר ליב. דאָ ווערט דאָס ריכטערל שטאַרק רויט און שרייט אָן אויף איר, אַז זי זאָל זיך ניט אַריינמישן. קוקט בייז די דיקע איטאַ־ליענערקע אויפן ריכטערל, ווי איינער וואָלט געקוקט אויף אַ שונא, וואָס מ'קאָן ניט צוליב געוויסע אומשטענדן אַריינפאָרן אים, דעם שונא, אין פּנים אַריין. זי וואָלט דעם ריכטער מיט איר גרויסער האַנט איין ריר געטאָן, קערט ער זיך איבער מיטן נעזל אַראָפּ.

— פאַרוואָס שלאָגסטו דיין מאַמען?

— אין זעלבסט־פאַרטיידיגונג, — ענטפערט די טאָכטער, ווי אַ קלוגע אַמעריקאַנער מיידל, וואָס ווייסט אַלע געזעצן פון אַמעריקאַנער לעבן. זי ווייסט, אַז זעלבסט־פאַרטיידיגונג איז אַ חשוב'ער אַמעריקאַנער אַקט, און די געזעלשאַפט דערמוטיגט צו אַזוינע זאַכן.

— ווייסטו ניט, אַז מען טאָר ניט שלאָגן קיין מאַמען? — פרעגט דאָס ריכטערל, ווי אַ קלוגעטשקער.

זיינע סימפּאַטיעס, דעם ריכטער'ס, זיינען מיט דער טאָכטער. דאָס קאָן מען באַמערקן פון זיין העפלעך רעדן צו איר. צו דער מאַמען ווענדעט ער זיך מיט אַ געמאַכטער איידלקייט, אויף אַזוי פיל, וויפיל ער דאַרף דאָס טאָן צוליב זיין אַמט.

— פאַרוואָס־זשע טאַטע שלאָגסטו זי? — ווענדעט ער זיך צו דער מוטער זייער שטרענג.

— פאַרוואָס מאַכט זי זיך, אַז זי פאַרשטייט ניט קיין איטאַליעניש?

— ווערט די מאַמע אויפגעקאָכט און שפּייט מיט צאָרנדיגע ווערטער.

— ניט איך מאַך זיך. איך פאַרשטיי טאַקע ניט די דאָזיגע שפּראַך,

— מישט זיך אַריין די טאָכטער.

— יוי אַזוי זשע טאַקע רעדסטו מיט דיין טאַטן און מאַמען?

— איך רעד צו זיי אונזער שפּראַך, די אַמעריקאַנער שפּראַך, און דערפאַר שלאָגט מיך די מאַמע.

— נו, און דער טאַטע שלאָגט דיך אויך? — וויל שוין דער ריכטער באַדויערן די טאָכטער, וואָס זי פאַרמאָגט אַזוינע באַרבאַרישע עלטערן.

— ניין, דער טאַטע שלאָגט מיך ניט, — ענטפערט זי מיט ליבע צום טאַטן אין איר קול, — ער האָט זיך יאָ אויסגעלערנט ענגליש.

— אַז דיין קינד וויל דיר נישט ענטפערן אין איטאַליעניש, דאַרף מען זי שלאָגן? — האָט דער ריכטער געהאַט צו דער מוטער אַ טענה.

ענטפערט יענע גיך, גיך, מיט די הענט, מיט די אויגן און מיט איר גאַנצן קערפּער און דער איבערזעצער ווייסט ניט וואָס זי האָט געזאָגט, און דער ריכטער הויבט שוין אָן חושד צו זיין דעם איבערזעצער, אַז ער פאַרשטייט ניט קיין איטאַליעניש. ראַטעוועט זיך יענער אָבער מיט דעם, וואָס ער דערקלערט, אַז זי ענטפערט נישט דירעקט אויף דער פראַגע, און אַז זי דערציילט אַ גאַנצע געשיכטע, ווי איר טאָכטער לאַכט אָפּ פון איר, ווי זי האָט ניט קיין רעספּעקט, ווי זי וויל גאָרניט טאָן אין הויז, ווי זי מיינט, אַז די מאַמע איז איר אַ דינסט, און ווי זי, די מוטער, קאָן ניט ליידן, וואָס דאָס מיידל צופּט זיך די ברעמען, און ווי זי איז זיכער, אַז די טאָכטער שעלט זי אין ענגליש.

דער ריכטער פאַרטראַכט זיך. עס איז אַ פּראָבלעם. די „סאָשעל

וואָרקער" זאָגט אונטער דעם ריכטער, אַז ס'איז טאַקע אַ פּראָבלעם, ווייל ס'קאָן נאָך קומען צו אַ מאָרד. די מוטער שלאָגט זי ברוטאַל, און די טאָכטער אין זעלבסט־פאַרטיידיגונג שטייט אויך ניט אָפּ. טראַכט דער ריכטער. און אַז דער ריכטער טראַכט, שווייגן אַלע מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס. ביז ענדלעך קומט די דערלייזונג אין דעם ריכטער'ס אויגן און ער זאָגט אַזוי:

— הער זשע, אויב דו וועסט נאָך אַמאָל אָנהויבן זיך מיט דיין טאָכטער, פאַרשפּאַרן מיר דיך אין טורמע, און מיר רעקאָמענדירן דיר, אַז דו זאָלסט באַזוכן אַן אָוונט־שול און זיך לערנען ענגליש, וועט ניט קומען צו אַזוינע זאַכן.

אַלע זיינען „אַנטציקט" פון ריכטער'ס אורטייל. די מאַמע קוקט אים אָן, ווי אַ ביין וואונדער. פאַר אריינזעצן האָט זי אוודאי מורא, ווערט זי שטיל. מאַמע און טאָכטער גייען אַרויס פון געריכט־הויז. איך גיי זיי נאָך. זע איך, ווי זיי גייען אַזוי איבער בלאָקס און בלאָקס, צוויי פרעמדע וועלטן, און שווייגן מיט שנאה...

# דער טייערער דימענט

צוויי אידישע פרויען שטייען פוןביידע זייטן און ער אינמיטן. איין פרוי מיט א בעלמע אויף אן אויג. זי איז טאקע די אַנקלעגערין. מיט א בעלמע אויף איין אויג, אָבער דאָס צווייטע איז אַ שיינס, אַ ברוינס און א ווארימס. זי איז אַלט אַ יאָר 38. אַ מיטל־וואוקסיגע, אַ דאַרע, מיט טראָפּנס שווייס אויף דער אויבערשטער ליפּ. זי קאָכט זיך, זי איז אויפ־געררודערט. איר הארץ קלאַפּט זייער שטארק פון דער אומגערעכטיגקייט, וואָס דער מענטש טוט צו איר.

דער מענטש, וואָס טוט צו איר די אומגערעכטיגקייט, איז דער איד, וואָס שטייט אינמיטן. אַן אויסגעפּאַשעטער איד אין די מיטעלע יאָרן, מיט בלאָנדע וואָנצעלעך, מיט ראָזעווע פּוכקינקע בעקעלעך, מיט א היפּש בייכל, מיט שווארצע אַרויסגעקאַטשעטע גרויסע אויגן.

די צווייטע פרוי, אין פארגלייך מיט דער ערשטער, זעט אויס אַ שיינ־הייט, אויך אין די מיטעלע יאָרן, אָבער געפּאַקט, יאָדערדיג, אָן אַ בעלמע אויפן אויג, מיט גאַנצע צוויי זעענדיגע ברוינע אויגן, אויך ווארימע, און ווילן לעבן, און ווילן אַ ביסל הנאה האָבן פון דער זינדיגער וועלט.

— זאָל ער מיר אָפּגעבן די 500 דאָלער, — טענה'ט די מיט דער בעלמע אויפן אויג, און דאָס צווייטע זעענדיגע אויג איז טרויעריג.

מען זעט, אז ווען דער פּוכלינקער מאַן זאָל איר שוין אָפּגעבן די 500 דאָלער, וועט זי פריילעכער ניט ווערן און נאָך אַלץ בלייבן אַ טרויעריגע.

— פאַרוואָס קומט דיר פון אים 500 דאָלער ? — פרעגט דער ריכטער.

— פאר 5 יאָר קעסט און פאר 5 יאָר רום. פינף יאָר אַז ער האָט געוואוינט ביי מיר און געגעסן ביי מיר פון דעם בעסטן און דעם שענסטן. איך האָב אים געקאָכט די געשמאַקסטע באָרשטן און פאַר אים געהאַקט די פיינסטע קאָטלעטן, און געקאָכט פאַר אים די בעסטע פישן, און ער האָט מיר די גאַנצע צייט ניט באַצאָלט אפילו קיין איין פעני. פאַרקערט, איך האָב אים נאָך אַמאָל געגעבן פון צייט צו צייט קליינגעלט אויך.

דער ריכטער טוט א קוק מיט א שמייכל אויף דעם אידן מיט די אַרויסגעקאַטשעטע אויגן, וואָס האָט פאַר פינף יאָר געזופּט די גוטע באָרשטן, געשלונגען די פיינסטע קאָטלעטן און אָנגעגעסן זיך מיט די בעסטע פישן. ער קוקט טאַקע אַזוי אויס, ווי ער וואָלט די פינף יאָר זיך אָפּגעגעבן מיט די אַלע אויסגערעכנטע וואוילטאָגן.

— בלויז 100 דאָלער א יאָר מאָנסטו פאַר זיין קעסט און פאַר זיין צימער ?

— לאָז ער מיר אָפּגעבן דאָס, וועל איך אויך זיין צופרידן, — איז דאָס צווייטע זעענדיגע אויג ביי איר טרויעריג.

— פאַרוואָס האָסטו געלאָזט, עס זאָל פאַרבייגיין פינף יאָר ? פאַרוואָס האָסטו אים גלייך ניט געמאָנט ?

— „פאַרוואָס ? פאַרוואָס ?“, ווייל ער האָט ניט געאַרבעט.

— און איצט אַרבעט ער ?

— ניין.

— אָבער וואָס איז דיר איינגעפאַלן גראָדע איצטער צו מאָנען ?

ביי דער פראַגע ווערט זי שוין רויט און אויפגעקאָכט. זי שעמט זיך, און דאָס אויג מיט דער בעלמע קוקט מיט שנאה אויף דער צווייטער פרוי.

— יאָ, פאַרוואָס גראָדע איצטער ? — איז דער ריכטער צודרינגלעך.

— ווייל ער וואוינט שוין איצט ניט ביי מיר, ער האָט זיך איבער־געקליבן צו דער, — ווייזט זי אויף דער צווייטער פרוי, און זאָגט אַרויס די ווערטער „צו דער“ מיט פיל עקל.

— האָסטו אַ מאַן ? — פאַראינטערעסירט זיך דער ריכטער.

— געשטאָרבן מיט פינף יאָר צוריק, — טוט יענע אַ זיפץ.

— וואָס איז דיין באַשעפטיגונג ?

— קיין באַשעפטיגונג.

— וואו נעמסטו מיטלען צום לעבן ?

— צען דאָלער אַ וואָך פון דער אינשורענס־קאָמפּאַני.

— וואָס פאַר אַן אינשורענס־קאָמפּאַני ?

— די אינשורענס־קאָמפּאַניע, ביי וועלכער מיין מאַן איז געווען פאַר־אינשורט.

— געווען אַן עקסידענט ?

— יאָ, פון אַ טראָק.

— האָסטו קינדער ?

— ניין.

— האָסטו פינף יאָר געוואוינט ביי אָט־דער פרוי ?

— יאָ, — ווערט דער מאַן פאַרציטערט.

— האָסטו דאָרטן געגעסן און געשלאָפן ?

— יאָ, — איילט ער זיך שנעל צו ענטפערן.

— האָסט ניט באַצאָלט ?

— ניין, — פילט ער זיך שולדיג.

— פאַרוואָס האָסטו ניט געצאָלט ?

— ניט געהאַט קיין געלט, — מאַכט ער דאָס פשוט.

— האָסטו גאָרניט געאַרבעט די גאַנצע פינף יאָר ?

— ניין, — איז ער אומצופרידן, וואָס מען דערמאָנט אים פון אַרבעט.

— פאַרוואָס האָסטו ניט געאַרבעט?
— ניט געווען קיין אַרבעט, — וויל ער אָפּ׳פּטר׳ן די פראַגע.
— וואָס איז דיין פאַך?
— אַן אָפּערעיטאָר ביי דרעסעס.
— האָסט גאָרניט געקאָנט געפינען קיין אַרבעט ביי דעם פאַך?
— ניין, — ווערט אים דאָ ענג.
— מאָדנע, אַזוי פיל מענטשן האָבן יאָ געאַרבעט ביי דעם פאַך!
— ניט איך, — שליסט ער זיך אויס.
— ער איז פויל און וויל ניט אַרבעטן, — מסר׳ט אים יענע מיט שלעכטסקייט.
— הלמאי זאָלסטו דאָס אַזוי זאָגן? — שטראָפט זי דער באָרדער מיט אַן איידעלן פאָרוואורף.
דער ריכטער שמייכלט, קוקנדיג אויף דעם אויסגעפּאַשעטן מאַן, וואָס האָט געגעסן באָרשטשן און קאָטלעטן און פישן, און האָט ניט געוואָלט אַריינלייגן קיין פינגער אין קאַלט וואַסער.
— וואו זשע וואוינסטו איצט?
— ביי דער פרוי, — ווייזט ער מיט פריינטשאַפט אויף דער גע־פאַקטער פרוי אין דער בעלמע. יענע פינטלט מיט די אויגן. ס׳איז איר אומבאַקוועם, וואָס מען ציינט אויף איר.
— וואו זשע נעמסטו געלט אויף צום לעבן?
— זי באָרגט מיר, — ענטפערט ער און קוקט מיט האַרציגקייט אויף דער צווייטער פרוי.
דער ריכטער האָט שוין אָבער פון לאַנג דערשמעקט, אַז דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן זיין חוב, אַז דאָ איז אַן אַנדער זאַך פאַרמישט. שמייכלט ער מיט אַ פאַרבאָרגענעם לוסטיגן שמייכעלע.
— איז ער אַליין אַוועק פון דיר, אָדער דו האָסט אים געהייסן גיין?
— ווענדעט ער זיך צו דער פרוי מיט דער בעלמע.
— זי האָט אים צוגענומען, — צייגט זי מיט שנאה אויף דער צווייטער.
— וואָס מיינט „צוגענומען״?
— זי האָט אים איבערגערעדט, אַז ער זאָל גיין צו איר וואוינען.
— איך האָב אים איבערגערעדט? דו! — וויל יענע זידלען. — ער איז אַליין אַנטלאָפן פון דיר.
— איר זעט, הער ריכטער, — שטרעקט די ערשטע אויס הילפלאָזע הענט.
דער ריכטער האָט אַ סך „פּאָן״. אים איז שוין אינגאַנצן קלאָר, אין

וואָס עס האַנדלט זיך. ווישט ער אָפּ דעם שמייכל פון זיינע ליפּן און נעמט זיך ווערן שטרענג, נעמט זיך ווערן דער ריכטער.

— ווען עסט איר מוזן באַצאָלן דעם חוב, — סטראַשעט ער יענעם.

— וואו זאָל איך נעמען? — פרעגט יענער מיט א טענה.

— געפינען אַרבעט, און צאָל איר אויס.

— וואו זאָל איך קריגן אַרבעט? — דערשרעקט זיך יענער.

— אזוי פיל מענטשן קריגן אַרבעט.

— אָבער איך קאָן ניט קריגן, — וויל ער אזש וויינען.

— ס'איז ניט קיין תירוץ. אָדער דו זאָגסט צו, אז דו וועסט געפינען אַרבעט און איר אויסצאָלן, אָדער איך פאַרשפּאַר דיך אין טורמע.

— אפשר וואָלט איך געגאַנגען צוריק וואוינען צו איר? — פרעגט ער דעם ריכטער, ווי ער וואָלט זיך גע'עצה'ט מיט אים.

— וואָס זשע וועט דיר דאָס העלפן?

— איך ווייס? — מאַכט יענער און קוקט אויף דער פרוי מיט דער בעלמע צו זען, ווי אזוי יענע רעאַגירט.

יענע רעאַגירט שוין גאָר גינסטיג. איר זעענדיג אויג דערפרייט זיך. אירע באַקן ווערן אזש רויט פון גליק.

— וואָס זאָגט איר?

— אפשר איז ער גערעכט, — וויל די פרוי מיט דער בעלמע ניט אַרויסווייזן איר באַגייסטערונג, און מאַכט זיך בלומרשט גלייכגילטיג.

לאַכט דער ריכטער הויך אויף א קול. אויף אזא סוף האָט ער זיך שוין ניט גערעכט.

— און דו ווילסט אים ווייטער געבן עסן און טרינקען און א פּלאַץ צום שלאָפן?

— וואָס דען זאָל איך טאָן מיט אים? — ענטפערט יענע מיט א האַרציג קול.

בלייבט דאָס אזוי. ער גייט צוריק וואוינען מיט זיין ערשטער מיסעס.

שטייט דער מאַן א ביסל א פאַרלוירענער, קוקט אויף דער צווייטער פרוי אָן דער בעלמע אויפן אויג מיט שולדיגקייט.

— נו, קום משה, — טוט די ערשטע אים א טאַרקע ביים אַרבל מיט פיל נאָענטקייט. — קום, וואָס ווילן מיר דאָ שטיין?

לאָזט מען זיך ביידע אַרויסגיין.

די צווייטע פרוי בלייבט שטיין אָן אומעטיגע. דערנאָך שפּאַנט זי אַרויס אַזא טרויעריגע, ווי זי וואָלט ערשט פאַרלוירן זייער א טייערן דימענט...

# אַ לענדלאָרד, אַ דזשעניטאָר און אַ דזשעניטאָרקע

אַ פעטער לענדלאָרד, טאַקע גאָר, גאָר פעט, ווי אַרויסגעשפּרונגען פון גראָפּער'ס אַ קאַרטון — מיט דעם איינציגן אונטערשייד, וואָס דער דאָזיגער לענדלאָרד איז אַ הויכער און גראָפּער'ס לענדלאָרדס זיינען געוויינלעך קורצינקע.

זיין רעקל איז צעשפּיליעט. ניט צוליב ספּאָרט, חס וחלילה, נאָר מחמת זיין לייב איז צו היפּש, און ער פּילט זיך גראַמער מסתמא, ווען ס'איז אויפגעשפּיליעט.

די הויזן זיינע זיינען אויך אָנגעטאָפּטשעט פול מיט לייב. דער [illegible] זיינער איז באַרגיג. אַ רויטער הייסער קאַרק פון אַ היפּשן פאַרנעם.

די נאָז זיינע איז אויך קיין עין־הרע זייער היפּש. אַ פעסטע נאָז אַזאַ, וואָס האָט זיך שוין קיינמאָל ניט געלאָזט שפּייען אין דער קאַשע. מען קאָן ניט וויסן, צי ער איז אַ איד, אָט דער לענדלאָרד. נאָר פון זיינע רייד דערנאָכדעם דערקאָנט מען שוין, אַז ער איז אַ איד.

זיינע אויגן זיינען גרין און אומ'ברחמנות'דיג. גרינע שטיקלעך כעס. ער איז אין כעס אויף זיין דזשעניטאָר.

דער דזשעניטאָר איז ווי געבוירן געוואָרן אומיסטנע אויף דער וועלט צו זיין דער קאָנטראַסט פון זיין לענדלאָרד.

אַ דאַרינקער אידישער דזשעניטאָר. אַ בלאַסינקער, אַן אויסגעוויקטער, און ער שמייכלט זיך. און דער דאָזיגער שמייכל איז זייער אַ מאָדנער. ס'איז דאָ אין דעם אי טרויער, אי הומאָר, אי שולדיגקייט, אי מורא, אי הפקר'דיגקייט, אי רחמנות.

און די ווייב זיינע, די דזשעניטאָרקע, קוקט כמעט אויס ווי זיינע אַ צווילינג־שוועסטער. די זעלביגע אויסגעוויקטקייט, די זעלביגע אָפּגעשטשיפּעטקייט און בלאַסקייט. דאָס זיינען צוויי מענטשן, ווי מיר האָבן זיך דערנאָכדעם דערוואוסט, וואָס האָבן גאַנצע אַכצן יאָר פאַרבראַכט אונטן, אין קעלער דאָרטן, וואו ס'איז געווען זייער דירה.

— פינף הונדערט דאָלער האָט ער ביי מיר צוגע'גנב'עט, — קלאַגט זיך דער לענדלאָרד פאַר די דריי ריכטער.

דריי ריכטער זיצן פון אויבן אָן. דער מיטלסטער איז דער פאָרזיצער, און זיין פול אויסגעפּאַשעט פּנים שיינט ווי די לבנה.

דער ריכטער ביי זיין רעכטער זייט איז אַן אַלטינקער ריכטער, און

ער דרעמלט זיך די גאַנצע צייט. מיט פאַרמאַכטע אויגן זיצט ער אָנגעלענט אין זיין שטול און כאַפּט זיך אַריין פּיצעלעך שלאָף.

דער ריכטער פון דער לינקער זייט איז אַ יונגינקער ריכטער מיט שוואַרצע שיינענדיגע וואָנצעלעך, מיט אַ געקרייזלטן קאָפּ שוואַרצע האָר און איז זייער וואַך. פרעגט אַלעמאָל פראַגן, שאָקלט צו מיטן קאָפּ, קוועטשט מיט די פּלייצעס, טוט זיך פון צייט צו צייט אַ ברום אונטער די וואָנצעס.

ער איז נאָך יונג און די געריכט־פּראָצעדורן זיינען נאָך מסתמא ניי פאַר אים, צעאַרבעט ער איצט מעשים.

— פינף הונדערט דאָלער האָט ער ביי מיר צוגע'גנב'עט און ער לייקנט אַפילו ניט, אָבער אָפּגעבן וויל ער מיר ניט.

— ווי אַזוי האָט ער צוגע'גנב'עט ביי אייך די פינף הונדערט דאָלער? ארויסגענומען פון קעשענע? אויפגעבראָכן אייער קאַסע, צי וואָס?

— ניין, ניט פון דער קעשענע, און ניט פון קאַסע, נאָר איינגעמאַנט רענט פון די שכנים פון מיין הויז און דאָס צוגענומען פאַר זיך.

— פלעגט ער שטענדיג איינמאָנען פאַר אייך די רענט?

— יאָ, איך האָב זיך פאַרלאָזט אויף אים. שוין 18 יאָר, אַז ער אַרבעט פאַר מיר, און שטענדיג האָט ער מיר אָפּגעגעבן ביז צו אַ פּרוטה. אין מיינע אַנדערע הייזער האָב איך גראָד ספּעציעלע מענטשן, וואָס מאָנען מיר איין רענט, אָבער אין דעם הויז פלעגט ער דאָס טאָן.

— וויפיל הייזער האָט איר אַרום און אַרום? — פרעגט דער יונגער ריכטער גלאַט אַזוי פון נייגעריגקייט וועגן.

— צוועלף הייזער, — מאַכט יענער מיט שטאָלץ.

— וויפיל צאָלט איר אים אַ מאָנאַט פאַר אַכטונג געבן אויף אייער הויז? — פרעגט ווידער דער יונגינקער ריכטער.

— דרייסיג דאָלער אַ מאָנאַט, אַ חוץ דער דירה, וואָס ער האָט, און אַ חוץ די טיפּס, וואָס ער באַקומט פון די שכנים.

— און וואו געפינט זיך זיין דירה?

— אָ, אין אונטערשטן שטאָק.

— דאָס מיינט, אין קעלער? — לאָזט אים יענער ניט אָפּ.

— ס'איז אַ גוטע דירה. פיר צימערן, גראַמע צימערן.

— יאָ, דערציילט ווייטער.

— ס'איז געווען דעם 20טן יוני. איך קום צו אים און זאָג אים, אַז איך פאָר אַוועק אויף וואַקאַציע מיט מיין ווייב, און אַז איך וועל זיך פאַרזאַמען מסתמא אַרום פיר וואָכן, אָבער אַזוי ווי איך געטרוי אים, האָב איך געזאָגט, ער זאָל האַלטן דאָס געלט ביי זיך, און אַז איך וועל

צוריקקומען פון מיין וואַקאַציע, זאָל ער מיר דאָס אָפּגעבן. קום איך צוריק, ערשט ער זאָגט, ער האָט דאָס ניט. טאַקע איינגעמאָנט, אָבער ער האָט דאָס ניט.

גייט אַראָפּ פון עדות־שטול דער היפּשער, פעטער לענדלאָרד, קומט אַרויף דער דאַרער, בלאַסער דזשעניטאָר און ער שמייכלט נאָך אַלץ מיט יענעם שמייכל.

— אמת, — זאָגט ער, און רעדט מיט אַ ליטויש קול, — אַלץ איז אמת. איינגעמאָנט ביי די שכנים ביז צו אַ פּרוטה, אָבער דאָס געלט האָב איך ניט.

— וואו האָט איר פאַרטאָן דאָס געלט?

איך שעם זיך צו זאָגן.

— אין געריכט דאַרף מען זיך ניט שעמען.

— אָט אויף דעם, — גיט ער אַ ווייז מיט אַ פאַרשעמטן פינגער אויף זיין מויל.

— מיר פאַרשטייען ניט.

— די ציין. זיך אַריינגעשטעלט נייע ציין. ניט געהאַט מיט וואָס צו קייען. — און ער עפנט ברייט דאָס מויל, און מען דערזעט שורות גלייכינקע פינקלדיגע ציינדלעך.

— און ס'האָט אייך געקאָסט פינף הונדערט דאָלער?

— ניין, הונדערט און פערציג.

— און וואו האָט איר אַהינגעטאָן דאָס איבעריגע?

— איר אויך נייע ציין, — מאַכט ער מיט אַ געלעכטערל, וואָס איז אי פאַרשעמט, אי הומאָריסטיש.

— און וויפיל האָט איר באַצאָלט פאַר אירע ציין?

— אויך הונדערט מיט פערציג.

— האָבן מיר ערשט 280. וואו זשע האָט איר פאַרטאָן דאָס איבעריגע?

— אויך געפאָרן אויף וואַקאַציע, — ענטפערט ער ווידער מיט דעם־זעלביגן געלעכטערל. — אויף דריי וואָכן געפאָרן. קיינמאָל ניט געפאָרן אויף וואַקאַציע פריער, האָבן מיר זיך געטראַכט, אַז ס'איז שוין צייט אַמאָל אויך צו פאָרן אויף וואַקאַציע.

דער עולם לאַכט. דער דזשעניטאָר קוקט אויפן עולם און לאַכט אויך מיט. ס'איז אים אויך געפעלן. די פרוי זיינע לאַכט אָבער ניט. שטייט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, און מען פילט, ווי ס'צאַפּט זיך פון איר דאָס בלוט.

— און וויפיל האָט איר אויסגעגעבן אויף וואַקאַציע? — לאָזט

ניט אַפּ דער יונגינקער ריכטער. (דער מיטלסטער ריכטער, דער פּאַרזיצער, פרעגט ניט קיין פראַגן. זיין לבנה־פּנים שיינט מיט ווירדיגקייט. דער דריטער ריכטער, דער עלטערער, ער האַלט נאָך אַלץ פאַרמאַכט די אויגן.)

— אַרום אַ הונדערט און פופציג דאָלער אויסגעגעבן אויף אונזער וואַקאַציע.

— און דאָס איבעריגע ?

— געקויפט אַ קלייד דער פרוי, אַ מלבוש פאַר זיך. מען פאָרט אויף וואַקאַציע, פּאַסט עפּעס ניט צו פאָרן אין אַבי אַ וועלכע קליידער.

— אָבער איר האָט דאָך געוואוסט, אַז דאָס זיינען פרעמדע געלטער ?

— יאָ, געוואוסט, אָבער ווי געוועזן שיכור. ניט געוואָלט קלערן, וואָס מאָרגן וועט זיין.

בויגן די דריי ריכטער אָן די קעפּ איינער צום אַנדערן. דער עלטערער ריכטער, וואָס האָט געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן, האָט זיי גלייך געעפנט, ווען מען האָט געדאַרפט זיך באַראַטן. די באַראַטונג איז געווען זייער אַ קורצע און אַ שנעלע :

— מיר געפינען דיך שולדיג. אין דעם און דעם טאָג דאַרפסטו דער־שיינען אין געריכט, און מיר וועלן אַרויסזאָגן די שטראָף.

צעוויינט זיך די דזשעניטאָרקע. טוט אַ גלעט דער מאַן איבער איר פּלייצע און מאַכט :

— נו, שאַ, שאַ, מען וועט מיך ניט אויפעסן...

# דער יונגער דור

דריי יונגעלייטלעך. גאַנצע מאַנסבילן. 16־יאָריגע מענטשן. ריזן־יונגען מיט ברייטע פּלייצעס און לאַנגע העלזער. דריי טאַטעס שטייען הינטער זיי. אידישע טאַטעס, קליין־געוויקסיגע, אָפּגעצופּטע.

צוויי דורות. דער דור וואָס איז געקומען פון אָרימקייט, הונגער און א פרעמד לאַנד, צעבראָכן געוואָרן אין די שעפּער, געגעבן לעבן צו א נייעם דור, וואָס וויל פון גאָרנישט ניט וויסן, פאַרטיליגט אַלץ, וואָס די מאַמעס גרייטן אָן אין די אייז־באָקסעס, וואַקסן אין דער הויך און אין דער ברייט. האַנט־באָל איז ביי זיי אַן אָפּגאָט, פוט־באָל איז דער העכסטער גאָט פון אַלע באָלן.

איצטער שטייען זיי ווי ניונקעלעך, די טייערע קינדערלעך. די טאַטעס הינטער זיי ווילן זיי באַשיצן פון אומגליק.

איין טאַטע האַלט זיין שמאָלע פּלייצע אויפגעהויבן, ווי ער וואָלט געהאַט אַסטמאַ. דאָס מויל איז אים אָפן, ווי ביי א פיש, וואָס מען נעמט אים אַרויס פון וואַסער.

א צווייטער טאַטע טראָגט ברילן מיט זייער דיקע גלעזער, ווי שפּאַקטיוון, און די אייגעלעך זיינען זייער קליינינקע, ווי שפּילקעלעך.

דער דריטער טאַטע האָט א קרומען אַקסל. ערגעץ געשעדיגט געוואָרן דער אַקסל.

איין בחור׳ל איז דער העכסטער פון אַלע. ער איז שוין איצט מסתמא זעקס פוס הויך. גרויע אויגן פאַרמאָגט ער, א שאַרפע מאָרדע, און קריכט אַרויס פון זיינע אַרבל און פון זיינע הויזן.

דער צווייטער בחור׳ל האָט שוין וואָנצעלעך, וואָס שיילן זיך ערשט אויס. ער איז אויך גענוג הויך, מיט א דינעם לאַנגן האַלז, מיט פרישטשי־קעס אויפן פּנים. ער שטייט הינטערן טאַטן מיט די דיקע אויגן־גלעזער.

דער דריטער בחור׳ל איז פלינק און בויגעוודיג. ער וואַקסט א פּאַר־שוין. א גרויס געדעטעניש פון האָר אויף זיין קאָפּ. א געזונטער גרויסער שטערן. פייערדיגע ברוינע אויגן. געפּאַקטע פּלייצעס. דער טאַטע מיטן קרומען אַקסל זעט אויס געגן אים, ווי א ניט־דערבאַקן אינגל.

עס איז אויך דאָ א קאָנדוקטאָר. ער איז פעט, קיילעכדיג. א פּליכע־וואַטע קאָפּ מיט פּאות. די פּאות זיינען דער איינציגער סימן פון האָר. דאָס איבעריגע איז נאַקעט און גלאַנציג.

דער עדות אין דעם דאָזיגן פּראָצעס איז א היטל. טאַקע דעם קאָנ־דוקטאָר׳ס היטל, א קיילעכדיגס, א טיפּס, ווי א טאָפּ. צוליב דעם דאָזיגן

היטל שטייען זיי איצט פאַרן ריכטער. דער קאָנדוקטאָר איז אַ ברונז'ער, קוקט בייז אויף זיינע שונאים, די אינגלעך, וואָס שטייען מיט קאָנ־צענטרירטער שרעק אין די אויגן.

דער קאָנדוקטאָר גיט אָן דאָס פּלאַץ פון זיין ארבעט, די צייט פון זיין דינסט, דעם נומער פון אונטערערדישן באַן.

ער איז אַ קאָנדוקטאָר פון אַ לעקסינגטאָן עוועניו עקספּרעס. זונטאָג איז דאָס געווען. אַ זונטאָג בייטאָג. אַ באַן לויפט אונטער דער ערד מיט האַלב־ליידיגע וואַגאָנען אין אַ זונטאָג בייטאָג. פּאַסאַזשירן דרעמלען, אָדער האַלטן צייטונגען, קוקן מיט שלעפערדיגע אויגן און לייענען ניט. דער קאָנדוקטאָר עפנט אויף די טירן און פאַרמאַכט זיי. און אַזוי גייט זיך די צייט. אָבער אַט זיינען זיי אַריין.

— אויף אַ וועלכער סטאַנציע זיינען זיי אַריין?

דער קאָנדוקטאָר רופט אָן אַ סטאַנציע. עס איז אַ באַרימטע סטאַנציע מיט גרויסע ברייטע פּלאַטפאָרמעס. אומיסטנע אויסגעבויט אַזוי ברייט און גרויס כדי פריי אַריינצונעמען די טויזנטער און טויזנטער פון גאַנץ ניו יאָרק, וואָס קומען זען די באַל־שפּילן אויפן פעלד מיט די טויזנטער בענק, וואָס געפינט זיך ניט ווייט פון דער סטאַנציע.

צערייצטע, אויפגערעגטע פוט־באַל פּאַטריאָטן שטורעמען די באַן. פּלייצן אין די אויפגעעפנטע טירן. אַז מען גייט פון אַ פוט־באַל שפּיל, פילט מען זיך אַליין ווי די פוט־באַל שפּילער, די הויכע, די ריזן מיט די גע־פּאַנצערטע קליידער, וואָס האָבן געשפּילט דאָרטן אויפן פעלד. דאָס בלוט האָט געקאָכט. ס'האָט געהויבן, ס'האָט געשטויסן. די העלזער זיינען הייזעריג געוואָרן פון שרייען. איצטער, אַז מען איז אַריין אין וואַגאָן, ווילט זיך אַליין עפּעס טאָן, עפּעס שליידערן, עפּעס וואַרפן. האָבן זיי גע־שליידערט די טירן. די באַן קאָן זיך ניט רירן, ביז די טירן זיינען פעסט פאַרמאַכט. קוועטשט דאָרטן דער קאָנדוקטאָר די עלעקטרישע קנעפּלעך אויף צו פאַרמאַכן די טירן, און זיי שליידערן אויף צוריק.

— ווער — זיי?

— אָט די דריי. אָבער נאָך מער אינגלעך זיינען געווען מיט זיי, און די איבעריגע זיינען אַנטלאָפן.

די דריי אינגלעך קומען פון בראָנזוויל, און די אַנדערע אינגלעך זיינען מסתמא אויך געווען פון בראָנזוויל. אַ גרופּע אינגלעך אַזש פון בראָנזוויל האָבן זיך אַוועקגעלאָזט זען אַ פוט־באַל שפּיל. זיי האָבן גענומען ביי די מאַמעס די פּאָר סענט און זיך אַוועקגעלאָזט אין ווייטן וועג אַריין.

— אָבער דאָס איז נאָך גאָרניט, — דערציילט דער קאָנדוקטאָר. — ס'איז נאָך עפּעס דאָ. נו, האָט ער שוין קוים פאַרמאַכט די טירן. און עס

הויבט זיך ערשט אָן די ריכטיגע חתונה. מען לויפט איבער די וואַגאָנען, מען טרעט אָן אויף פיס, מען הענגט זיך אויף די רימענס, מען דרייט די רעדער פון די טאָרמאָזן, און דער קאָנדוקטאָר האָט מורא, אז אָט באַלד וועט געשען אַן אומגליק. לויפט ער צו זיי און וויל ניט לאָזן. כאַפּט מען ביי אים אַראָפּ דאָס היטל.

— ווער?

— אָט דער, — ציינט ער אָן אויף דעם הויכן זון פון דעם אַסטמעניק.

דער הויכער זון פון אַסטמעניק ווייסט אָן אים, אַז דאָס איז געווען ער. אָבער איצט, אַז מען האָט אָנגעוויזן אויף אים, ווערט ער רויט.

— וואָס־זשע איז געשען נאָכדעם, וואָס מען האָט אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטל?

מען האָט דאָס געשליידערט. מען האָט דאָס געוואָרפן. זיי האָבן געשפּילט אין פוט־באָל מיט דעם.

דער קאָנדוקטאָר ווערט ווידער מלא רציחה. ער, אַן אָפּיציעלער פּערזאָן, אַזוי צו זאָגן, בלייבט שטיין מיט אַ נאַקעטן גלאַנציגן קאָפּ און מיט אויסגעשטרעקטע פאַרצווייפלטע הענט אויף צו כאַפּן דאָס היטל. און זיי שפּילן גאָר פוט־באָל מיט דעם.

דער שיינער בחור, דער זון פון טאַטן מיטן קרומען אַקסל, צע־שמייכלט זיך, דערשרעקט זיך אַליין וואָס ער צעשמייכלט זיך און האַקט זיך אָפּ. ס'טוט אים, ווייזט אויס, הנאה נאָך איצט פון דעם „פאַן”, וואָס מען האָט דעמאָלט געהאַט.

דער ריכטער איז שרעקלעך אַנטריסטעט פון דער מעשה. דער יונגער דור אין אַמעריקע איז זייער ווילד, זאָגט ער, כוליגאַניש, און וויפיל מען האָט זיי ניט געלערנט — אַזוי פיל פּאַבליק־סקולס און האַי־סקולס און קאָלעדזשעס און דרשות, וואָס מען האַלט אויף די ראַדיאָס — ניט אַנדערש, אַז די הויז־אומגעבונג איז שולדיג. שרייט ער אויף די טאַטעס:

— איר דאַרפט אַכטונג געבן אויף זיי. ס'זיינען אייערע קינדער. זיי וועלן זיך דערקייקלען ביז קרימינעלן פאַרברעכן.

פילן זיך טאַקע אוודאי שולדיג די דריי קליין־געוואוקסיגע טאַטעס. זיי מיינען אויך, אַז ס'איז זייער אייגענע שולד. אָבער גייט רייסט זיך איין מיט אַזוינע חברה־לייט, אַז זיי קאָנען די אייגענע טאַטעס אויפהויבן, ווי די שפּענדלעך, און זיי אויך אַ שליידער טאָן.

— איך בין דאָס מאָל אייך מוחל, — קאָכט זיך דער ריכטער, — אָבער דאָס צווייטע מאָל וועט זיין זייער שלעכט פאַר אייך. זייער שלעכט. און אין אייערע הענט, — ווענדט ער זיך צו די דריי אידישע טאַטעס, — גיב איך זיי איבער. איר זייט פאַר זיי פאַראַנטוואָרטלעך.

שווייגן די טאַטעס, זאָגן גאָרניט. לאָזן זיך אַרוים מיט זייערע קינדער אינדרויסן. און אינדרויסן כאַפּט דער טאַטע מיטן קרומען אַקסל און הויבט אָן צו שלאָגן זיין זון.

ווערט דער זון צעטומלט אין אָנפאַנג, און לאָזט זיך שלאָגן. אָבער אין א ווייל אַרום גיט ער דעם טאַטנ'ס הענט א כאַפּ און פאַרקלעמט זיי. ער טוט גאָרניט, דער זון, נאָר ער האַלט פעסט איינגעקלאַמערט דעם טאַטנ'ס הענט אין זיינע. און יענער, דער טאַטע, רייסט זיך, וואַרפט זיך.

— לאָז אָפּ! — שרייט ער.

— ועסט זיך מערער ניט שלאָגן, וועסט זיך מערער ניט שלאָגן, — מאַכט דער זון און לאָזט אָפּ דעם טאַטנ'ס הענט.

שמייכלען די אַנדערע צוויי טאַטעס. שמייכלען אין דער קרום. שמייכלען אויך די אַנדערע צוויי אינגלעך, שמייכלען פאַרשעמטע...

# ווי צוויי משפחות צע׳נהרג׳ן זיך

אקוראט, ווי מען וואָלט זיי ערשט געבראַכט פון דער מלחמה. פאַר־באַנדאַזשירטע קעפּ, פּנים׳ער מיט פּלאַסטערס. הענט אין באַנדאַזשן. אַרום אַ צען פאַרוואונדעטע מענטשן. אַלע איטאַליענער. מענער, פרויען, אינגלעך און מיידלעך.

צוויי עלטערע פרויען. ביי איין פרוי איז צעדראַפּעט דאָס אויג, ביי דער צווייטער — אַ פּלאַסטערל אין אַ ווינקל פון שטערן.

צוויי יונגע מיידלעך אין עלטער פון 18 יאָר. ביי איין מיידל איז דאָס גאַנצע פּנים צעדראַפּעט. ביי דער צווייטער איז דער האַלז אַרומ־געוויקלט מיט אַ באַנדאַזש.

צוויי בחורים אין עלטער פון 25 יאָר. ביי איינעם איז דער קאָפּ פאַרבאַנדאַזשירט,ביים צווייטן איז אַן אויג אונטערגעשלאָגן.

צוויי עלטערע מענער. ביי איינעם הענגט די האַנט אויף אַ באַנדאַזש, ביים צווייטן — אַ בלוטיג מויל, די ליפּן צעשפּאָלטן, אַ פּאָר ציין פעלן פון פאָרנט.

צוויי מיטל־יאָריגע מענער. ביי איינעם אַ מעסער־שטאָך אין דער זייט צווישן די היפטן, ביים צווייטן — אַן אָפּגעריסענער אויער, וואָס האַלט נאָך איצט אין איין בלוטיגן אַפילו דורך דער וואַטע און באַנדאַזשן.

— פון וואַנעט האָסטו זיי געבראַכט? — פרעגט דער ריכטער דעם פּאָליסמאַן מיט אַן איינגעהאַלטענעם שמייכל. — פון פינישן פראָנט?

— ניין, — פאַרשטייט נים, ווייזט אויס, דער פּאָליסמאַן דעם ריכ־טער׳ס וויץ, — פון האָוסטאָן סטריט האָב איך זיי געבראַכט.

— וואָס איז דאָרטן געשען אין האָוסטאָן סטריט?

— איך ווייס ניט, — מאַכט דער פּאָליסמאַן. — איך האָב געהערט געוואַלדן, בין איך צוגעלאָפן. האָב איך געזען ווי מען שלאָגט זיך, האָב איך זיי אַלעמען אַרעסטירט.

— פאַרוואָס האָבן זיי זיך געשלאָגן?

— איך האָב זיך ניט געקאָנט דערפרעגן ביי זיי. דער זאָגט אַזוי און דער זאָגט אַזוי.

— ווער האָט דיר אַזוי באַאַרבעט דעם אויער? — פרעגט דער ריכטער ביי דעם מיטל־יאָריגן איטאַליענער, וואָס ס׳בלוטיגט אים פון אויער.

— ער, — מאַכט יענער מיט אַ טרויעריג קול, ציינגנדיג אויפן צווייטן מיטל־יאָריגן מאַן.

— פאַרוואָס האָסטו דאָס געטאָן? — פרעגט דער ריכטער דעם צווייטן מיטל־יאָריגן מאַן.

— ער וועט גאָר גיין מיט אַ מעסער! — כאַפּט זיך יענער ביי דער זייט, וואו די קליידער זיינען פאַרבלוטיגט.

— האָסטו אים געשטאָכן מיט אַ מעסער? — פרעגט שוין דער ריכטער בייז ביי דעם מאַן מיטן אָפּגעריסענעם אויער.

— איך האָב געמוזט זיך פאַרטיידיגן.

— צוליב וואָס איז גאָר פאָרגעקומען דער גאַנצער געשלעג? — פרעגט דער ריכטער ביי דעם מיט דעם געשטאָכענער זייט.

— איך ווייס ניט, — ענטפערט יענער נאַאיוו.

— וואָס מיינסטו ,דו ווייסט ניט? כאַפּסט זיך שלאָגן און דו ווייסט ניט?

— איך ווייס נאָר, — ענטפערט יענער, — אַז מען האָט מיך אָפּ־גערופן אויפן טעלעפאָן און מיר געלאָזט וויסן, אַז מען שלאָגט מיין ברודער. (ציינט ער אויף דעם עלטערן מאַן מיט די אויסגעקלאַפּטע ציין). בין איך געלאָפן זיך אָננעמען פאַר מיין ברודער.

— ווער האָט דיך אָפּגערופן אויפן טעלעפאָן?

— איינער אַ פריינט מיינער. איך וואוין אויף דער ערשטער עוועניו. בין איך געלאָפן פון ערשטער עוועניו אויף האוסטאָן, וואו מיין ברודער וואוינט. איך קום צו צום הויז, איך זע מען שלאָגט מיין ברודער. האָב איך זיך אָנגענומען פאַר מיין ברודער.

— אָבער פאַרוואָס מען האָט געשלאָגן דיין ברודער, ווייסטו ניט?

— ניין, איך ווייס ניט.

— איך אויך דאָס זעלבע, — ענטפערט יענער מיט דעם אָפּגע־ריסענעם אויער. — אַ פריינט מיינער האָט מיך אָפּגערופן, אַז מען שלאָגט מיין ברודער, בין איך געלאָפן זיך אָננעמען פאַר מיין ברודער.

— וואו וואוינסטו?

— אויך אויף ערשטער עוועניו.

— אָבער פאַרוואָס מען האָט געשלאָגן דיין ברודער, ווייסטו ניט?

— ניין, איך ווייס ניט.

— ווער האָט דיר דערלאַנגט אין מויל? — פרעגט דער ריכטער ביי דעם מיט די אויסגעשלאָגענע ציין.

— אָט דער! — ציינט דער עלטערער איטאַליענער אויפן יונגן בחור מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ.

— פאַרוואָס האָסטו אים דערלאַנגט אין מויל?

— ווייל איך האָב זיך אָנגענומען פאַר מיין טאַטע און מאַמע און

שוועסטער, — ענטפערט יענער שטאָלץ און פילט זיך געוואַלדיג געדעכט.

— ווער האָט געשלאָגן דיין טאַטע און מאַמע און שוועסטער, און פאַרוואָס האָט מען פּלוצלונג אינמיטן דערינען געשלאָגן?

— ווער ס'האָט געשלאָגן? אַלע האָבן געשלאָגן, דער און דער (און ער ציינט אויפן צווייטן צד). פאַרוואָס זיי האָבן געשלאָגן, ווייס איך ניט. איך קום פון דער אַרבעט, איך גיב אַ קוק — מען שלאָגט זיך. האָב איך זיך אָנגענומען פאַר מיינע אייגענע.

— לאָמיר נאָר וויסן, — ווערט דער ריכטער אומגעדולדיג. — איר האָט זיך געשלאָגן, ווייל מען האָט געלאָזט וויסן אויפן טעלעפאָן?

— יאָ, — שאָקלען ביידע מיטל־יאָריגע איטאַליענער מיט די קעפּ.

— און איר האָט אפילו ניט געוואוסט, צוליב וואָס מען שלאָגט זיך?

— ניין, — ענטפערן זיי ביידע נאַאיוו.

— און ניט וויסנדיג פאַרוואָס, שטעכט איר זיך מיט מעסערס און רייסט אויערן. (ביידע שווייגן). נו, לאָמיר גיין ווייטער. און איר האָט געוואוסט פאַרוואָס מען האָט זיך געשלאָגן? — ווענדעט ער זיך צו די עלטערע מענער.

— ניין, — ענטפערן יענע אויך נאַאיוו.

— אָבער וואָס איז פאָרט פאָרגעקומען? אפשר ווייסטו? — ווענדעט ער זיך צו דער יונגער מיידל מיטן צעדראָפּעטן פּנים.

— איך ווייס ניט וואָס ס'איז פאָרגעקומען — ענטפערט יענע, — אָבער איך קום אַהיים פון דער אַרבעט, איך גיב אַ קוק, מיין מאַמע איז צעשלאָגן. פרעג איך זי: ווער האָט דיך צעשלאָגן? ענטפערט זי מיר: אָט די! (זי ציינט אויף דער צווייטער יונגער מיידל מיט דעם פאַרבאַנדאַזשירטן האַלז). בין איך געלאָפן זיך אָננעמען פאַר מיין מאַמען. ווי פּלוצלונג לויפט אַריין איר ברודער (זי ציינט אויפן יונגן בחור מיטן פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ) און כאַפּט מיך שלאָגן. לויפט אַריין מיין ברודער און נעמט זיך אָן פאַר מיר. לויפט אַריין איר טאַטע און כאַפּט זיך שלאָגן מיין ברודער, לויפט אַריין מיין טאַטע און וויל זיך אָננעמען פאַר אונז. קומט צולויפן איר אָנקל און כאַפּט זיך שלאָגן מיין טאַטן...

— אָבער פאַרוואָס? וואָס איז געווען די אורזאַך פון געשלעג?

— איך ווייס ניט, — ענטפערט יענע נאַאיוו, — איך קום פון דער אַרבעט, — הייבט זי אָן נאָכאַמאָל באַנייעס, — ווי איך זע . . .

— האָבן מיר דאָס שוין געהערט, אָבער איך ווייס נאָך אַלץ ניט די אורזאַך פון געשלעג. אפשר ווייסטו? — ווענדט ער זיך צו דער צווייטער יונגער מיידל.

— איך ווייס אויך ניט, — מאַכט יענע פאַרשעמט.

— וואָס־זשע דען ווייסטו יאָ?

— איך קום אהיים פון דער אַרבעט, — הויבט אויך יענע אָן מיטן זעלביגן פּזמון, — זע איך מיין מאַמע אַ צעשלאָגענע...

— אפשר ווייסטו? — ווענדט זיך שוין דער ריכטער צו דער על־טערער פרוי מיט אַ פּלאַסטערל אויפן ווינקל פון שטערן.

— זי האָט מיר דערלאַנגט אין שטערן אריין, — ציי‍גט זי דעם ריכטער אויפן שטערן.

— אָבער פאַרוואָס האָט זי דיר דערלאַנגט?

— איך ווייס פאַרוואָס? מיר דערלאַנגט אין שטערן...

— פאַרוואָס האָסטו איר דערלאַנגט אין שטערן? — ווענדט זיך דער ריכטער צו דער צווייטער עלטערער פרוי מיטן צעדראַפּעטן אויג.

— ווייל זי האָט מיך גערופן גנב'טע.

— פאַרוואָס האָסטו זי גערופן גנב'טע?

— ווייל זי האָט ביי מיר נעכטן געליען אַ בעקעלע. קום איך אָפּנעמען דאָס בעקעלע, זאָגט זי, אַז זי האָט מיר שוין אָפּגעגעבן דאָס בעקעלע.

— אוודאי, האָב איך שוין אָפּגעגעבן דאָס בעקעלע, — מאַכט בייז די פרוי מיטן צעדראַפּעטן אויג, — נאָך מיט אַ וואָך צוריק, אַז איך האָב איר אָפּגעגעבן דאָס בעקעלע...

— הייסט דאָס, — דערפרייט זיך דער ריכטער, וואָס ער האָט ענדלעך געפּאַקט די אורזאַך פון געשלעג, — אַז אַלצדינג איז פאָרגעקומען צוליב דעם בעקעלע. דאָס הייסט, פריער האָבן זיך די צוויי מאַמעס צעשלאָגן, קומען אהיים די טעכטער פון דער אַרבעט, פרעגן זיי ניט פאַרוואָס, פאַר־ווען, נאָר מען לויפט זיך גלייך דראַפּען. קומען אהיים די ברידער פון דער אַרבעט, פרעגן זיי אויך ניט פאַרוואָס, פאַרוועך... קומען אהיים די טאַטעס פון דער אַרבעט... און צום סוף לויפן אָן די פעטערס און אָט האָט איר די רעזולטאַטן — ציי‍גט ער אויף ביידע גרופּעס פאַרבאַנדאַזשירטע, צע־דראַפּעטע און פאַרבלוטיגטע.

— אָבער פאַרוואָס האָט זי געזאָגט, אַז זי האָט מיר שוין אָפּגעגעבן דאָס בעקעלע? — רופט זיך אָן מיט שלעכטסקייט די פרוי מיטן פּלאַסטערל אויפן שטערן, — ווען זי האָט מיר נאָך ניט אָפּגעגעבן דאָס בעקעלע.

— מיינסט דאָס בעקעלע מיטן אָפּגעבראָכענעם הענטל? — פּאַלט פּלוצלונג אריין אין די רייד דער מאַמען דאָס מיידל מיטן פאַרבאַנדאַזשירטן האַלז.

— אוודאי דאָס בעקעלע מיין איך, — ענטפערט יענע אַ געוואַלדיק גערעכטע ביי זיך...

— איך האָב דאָס אַראָפּגעטראָגן אין קעלער, — ענטפערט די טאָכטער

מיט אַ שטיל קול, — און דאָס אַריינגעלייגט אין קאַסטן צווישן די אַלטע זאַכן.

— וואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט ? ! !

— פאַרגעסן...

— איר זעט ! — טריאַמופירט די פרוי מיטן צעדראַפּעטן אויג.

— איר זעט ! — מאַכט אויך דער ריכטער, טריאומפירנדיק, — שעמט זיך !

שעמען זיי זיך טאַקע. שעמען זיך צו קוקן איינער אויפן אַנדערן.

— גיט זיך די הענט, און בעט אַנטשולדיגונג איינער ביים אַדערן. — באַפעלט דער ריכטער.

ווערט גלייך אַ האַנט־געבעניש. מען קוקט זיך ניט אין די אויגן, און מען גיט זיך די הענט, און מען בעט זיך מחילה.

— איר קאָנט גיין, — מאַכט דער ריכטער שטרענג.

גייט מען. אַנטווישטע גייט מען. מיט פאַרדראָס גייט מען און מען שעמט זיך...

# דער „גביר“, נעבעך

„גאָט“ האָט אים געהאָלפן, און ער איז געוואָרן „רייך“ פון אַן עקסי־דענט. אָבער, שאַ, קיינער טאָר ניט וויסן. ער האָט זיך צע'מזיק'ט, האָט ער געקראָגן 3200 דאָלער — 1600 דאָלער אים, דעם לאָיער, הייסט דאָס, און דאָס איבעריגע זיך אין קעשענע. אָבער די וועלט פאַרגינט ניט און מען שלעפּט אים אין געריכט. ניט חס וחלילה צוליב דעם עקסידענט שלעפּט מען אים אין געריכט, נאָר צוליב אַ חוב, וואָס ער איז שולדיג דער שטאָט.

שטעלט זיך אַנידער דער גרויסער „גביר“ פאַרן ריכטער און קאָרטשעט אײַן איין אויג, פּונקט ווי איינער, וואָס שפּילט אין קאָרטן, און דאַרף אויסגעפינען, וואָס יענער האָט. זאָל טאַקע דער ריכטער וויסן, אַז ער האָט אַרײַנגעקראָגן די „מאַטניאַ“? אויסזאָגן איז דאָך ניט גוט; ניט אויס־זאָגן? — אפשר וועט מען ערגער מאַכן. נו, וועט ער טאַקע ניט אויסזאָגן און וועט זיך דערווייל מאַכן טאַמעוואַטע, כ'וויים?...

ער איז אַ איד, 45 יאָר אַלט, וואוינט אין בראָנזוויל. אַ פּעינטער ביים פאַך, און האָט ראָזעווע באַקן, ניט מחמת וואוילטאָג, נאָר מחמת וואָס ער איז אַ פּעינטער און די בלוטן זיינען אויפגערודערט פון שטענדיג האָבן צו טאָן מיט די שאַרפע שטאָפן און פאַרבן.

און מחמת ער ווייסט, אַז ער דאַרף זאָגן אַ ליגן, מיידט ער אויס צו קוקן דעם ריכטער גלייך אין די אויגן, און קוקט בעסער צום פענצטער. צוליב דער זעלביגער אורזאַך דינגט אים ניט זיין קול, ווי עס דאַרף צו זיין, און עס קומט אַרויס שוואַך, ווי ביי אַ הונגעריגן מענטשן. דעם האַלז האַלט ער איינגעצויגן אין קאָלנער, די הענט זיינען אַרײַנגעטאָן אין די קעשענעס.

געוויסע אבירים האָט ער געקאָנט מער אָדער ווייניגער באַהאַלטן: די אויגן איינקאָרטשען, די הענט אין די קעשענעס האַלטן, דעם האַלז אַרײַנ־ציען אין קאָלנער. ניט געקאָנט האָט ער בלויז באַהאַלטן זיין נאָז. אויף דער נאָז איז געווען אָנגעשריבן דער גאַנצער ליגן. זי איז געשטאַנען, די נאָז, אָפן און נאַקעט, געשמאָרעט, און זיך געדרייט.

דערווייל איז נאָך אַלץ געגאַנגען גוט:

— פאַך?

— פּעינטער.

— אַרבעטסט?
— שוין צוויי יאָר אַז ניט.
— דיין ווייב?
— געשטאָרבן.
— די קינדער?
— צוויי אין אַ שטאַט־הויז.
— דאַרפסט צאָלן פאַר זיי?
— יאָ, זעקס דאָלער אַ וואָך.
— פאַרוואָס־זשע צאָלסטו ניט?
— איך האָב ניט. — און דאָ גייט שוין איבער זיין קול, וואָס איז אַזוי שוואַך געוועזן ביז אַהער, צו אָנגריף. ער צעשרייט זיך, אַז ער האָט ניט, ער אַרבעט ניט, ער איז אַרבעטלאָז, ער זוכט אַ דזשאָב און געפינט ניט.

דאָס, וואָס ער האָט זיך אַזוי צעשריען, האָט אים געגעבן אַ ביסל מוט, און ער האָט שוין אַליין געגלויבט, אַז אַנדערע גלויבן אויך, אַז ס'איז אמת, און די נאָז זיינע אַפילו איז געוואָרן אַ נאַטירלעכע נאָז.

דער ריכטער אָבער פרעגט זיך נאָך ניט וועגן עקסידענט. ער פרעגט אים גאָר זייטיגע זאַכן, — און ווייל יענער פרעגט אים זייטיגע זאַכן, ווערט אים ווידער ניט גוט פון דעם. און ער לייגט ווידער אַריין די הענט אין די קעשענעס, ער ציט אַריין דעם האַלז אין קאָלנער, קאָרטשעט־איין איין אויג, קוקט אָן אַ זייט, און דאָס קול ווערט ווידער שוואַך.

— הייסט דאָס, אַז דו ביסט אַרבעטלאָז?

— יאָ, — ענטפערט יענער און זיינע אויערן גיבן זיך עפּעס אַ וואונדער. אפשר דערפילן זיי, די אויערן, אַז מען נאַרט איצט אַריין אין קעסטל אַריין.

— און געצאָלט האָסטו ניט קיין געלט, דערפאַר, ווייל דו האָסט ניט געהאַט?

— אוודאי ניט געהאַט, שור ניט געהאַט, — און די שפּיצן אויערן ווערן רויטלעך.

— גוט, — מאַכט דער ריכטער.

דער ריכטער אַליין האָט, ווייזט אויס, הנאה געהאַט פון זיין אייגענער שפּיל. ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. ער לאָזט אים רעדן, ער ציינט גאָרניט אַרויס, אַז ער ווייסט דעם אמת. ער איז העפלעך, דער ריכטער, גיט זיך אַלעמאָל אַ פאַרריכט זיין שניפּס.

— גוט, און דו קענסט, הייסט עס, ניט אויסהאַלטן דיינע צוויי קינדער, און דערפאַר האָסטו זיי אוועקגעגעבן דער שטאָט, קאָרעקט?

— קאָרעקט, — ענטפערט דער פּעינטער מיט זיין בלאַס קול.

דאַ ווערט שוין דער ריכטער מיטאַמאָל אויך טאַמעוואַטע, קוקט אים ניט גלייך אין די אויגן, קוקט אין אַ זייט און פרעגט אַזוי גלייכגילטיג:

— נוּ, און דער עקסידענט?

און ווען דער ריכטער האָט געזאָגט „עקסידענט", האָט ער תיכּף אויס־געדרייט די אויגן און אים דורכגענומען דורך און דורך. דער פּעינטער האָט אָנגעהויבן צו פּלאָמען, די הענט אַרויס פון די קעשענעס, דער האַלז האָט זיך אויסגעצויגן און די אויגן האָבן אָנגעהויבן צו וואַנדערן גיך, גיך.

— אָ, יאָ, אַן עקסידענט, — מאַכט ער מיט אַ רחמנות־קול. — איך האָב געהאַט אַ שווערן עקסידענט, און עס טוט מיר נאָך איצטער אויך וויי... — און ער בויגט זיך אָן און הויבט אָן צו רייבן מיט דער האַנט דעם פוס.

— האָט מען דיר עפּעס באַצאָלט פאַרן עקסידענט? — פרעגט דער ריכטער ווידער העפלעך.

— עפּעס באַצאָלט, — ענטפערט ער שוואַך, און קוקט מיט פאַרדאַכט און מיט כעס אויפן ריכטער.

— וויפיל־זשע האָט מען דיר באַצאָלט? — פרעגט דער ריכטער זייער העפלעך.

דאָ איז שוין ביים פּעינטער אַ גרויסע פּראָבלעם. ענטפערן וויפיל, איז דאָך ניט גוט. ניט ענטפערן, איז דאָך אויך ניט גוט. ענטפערט ער נאָר, אַז ער געדענקט שוין ניט, וויפיל מען האָט אים באַצאָלט.

— ווי לאַנג צוריק איז געשען דער עקסידענט? — איז דער ריכטער זייער העפלעך.

וואַנדערן זיינע אויגן אויף דעם ריכטער מיט חשד און מיט כעס, קוקט ער זיך אום אין אַלע זייטן, ווי ער וואָלט געזוכט אַ וועג צו אַנטלויפן. ער וואָלט זייער ניט געוואָלט ענטפערן, אָבער ענטפערן מוז ער:

— מיט זעקס מאָנאַטן צוריק.

— גוט, — מאַכט דער ריכטער, — מיט זעקס מאָנאַטן, און דו גע־דענקסט ניט? אפשר וועל איך דיך דערמאָנען. — ער קוקט אַריין אין פּאַפּיר. — ביי אַ 3,200 דאָלער, ניט אמת?

דאָ ענדערט זיך שוין אינגאַנצן דער פּעינטער. ער ווערט אין כעס פון פאַרצווייפלונג. ער הויבט אָן צו שרייען, אַז יאָ, טאַקע, ס'ביסל געלט, אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס, אַז מען אַרבעט ניט. ער איז גאָר געווען שולדיג אַ חוב און דאָס אָפּגעגעבן אינגאַנצן ביז אַ פּעני צו זיין מיסעס. יאָ. ער איז שולדיג געווען זיין מיסעס ביי אַ טויזנט דאָלער.

— טויזנט דאָלער, דיין מיסעס, פאַרוואָס? — פרעגט אים העפלעך דער ריכטער.

— פאַרוואָס? — איז אין כעס דער פעינטער. — פאַרוואָ . . .

— יאָ, טאַקע פאַרוואָס?

— פאַר עסן און שלאָפן, — געפינט ער ענדלעך דעם ריכטיגן תירוץ.

— נו, גוט, — מאַכט דער ריכטער געלאַסן. — מיר פאַרהאַלטן דיך אונטער 1,500 דאָלער בעיל.

גיט מען אים אַ פיר אַרויס אין אַ זייטיגן צימער, די פּאָלעס פון זיין מאַנטל צעפלויגן, און זיין פּנים און האַלז פייערדיג הייס, אַקוראַט ווי זיי האָבן ערשט גענומען זייער אַ הייסע וואַנע...

# אוממאָראַלישע אויפפירונג אין אַ פּאַרק

(אין אַ לאָס־אַנדזשעלעסער גערינכט)

דער דעטעקטיוו, וואָס האָט זיי געכאַפּט, האָט מסתּמא דערציילט וועגן זייער פאַרברעכן צו אַלע אַנגעשטעלטע אין געריכט, און די אָנ־געשטעלטע קוקן אויף אים און אויף איר מיט גלעכטער אין זייערע אויגן.

ער און זי זיינען אַ פּאָר־פאָלק אין די שפּעטע מיטל־יאָרן. ער קוקט אויס ווי אַ אינגל מיט גרייז־גרויע האָר. אַ שמאָל פּנים און אָן אוידלס. שמאָלע אַקסלען. קליינע הענטלעך. אַ מיטל־וואוקסיגער און אַ שלאַנקער. אַ שלאַנקער וועט ער שוין מסתּמא פאַרבלייבן ביזן סוף פון זיינע יאָרן. פון די מענטשן, ביי וועלכע מען קאָן נאָר דערקענען די עלטער דורך דער גרויקייט פון די האָר און דורך אַ פּאָר קנייטשן אין דער הויט.

זי קוקט אויס ווי זיינע אַ מאַמע, ניט קוקנדיג דערויף, וואָס זיי זיינען מסתּמא אין די זעלבע יאָרן. זי איז הויך און היפּש. אירע האָר זיינען נראָדע נאָך ניט גרוי. אַ קאָפּ שווארצע געדיכטע האָר, מיט געמאַכטע קרייזעלעך. אירע ברוינע אויגן זיינען ווארעם און אויסדרוקספול. זי שטייט אַ הויכע אויף שטאַלטנע פיס מיט היפּשע היפטן, מיט אַ היפּשן בוזעם. אַ פרוי, וואָס פאַרמאָגט נאָך די ווארעמקייט און דעם כּח צוצוציען דעם צווייטן מין.

אָבער די אָנגעשטעלטע אין געריכט קוקן אויף זיי מיט געלעכטער, און זיי פילן, ווייזט אויס, אַז מען קוקט אויף זיי מיט געלעכטער, שעמען זיי זיך. מיידן אויס צו קוקן איינער אויפן אַנדערן. און אַז מען גיט אַ קוק פון צייט צו צייט, איז אויף דער גיך. אַ קוק געטאָן און גלייך אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

וואָס אַזוינס האָבן זיי געטאָן, וואָס מען לאַכט פון זיי, און זיי שעמען זיך? שפּעטער, ווען דער דעטעקטיוו האָט דערציילט דעם ריכטער וועגן זייער פאַרברעכן, האָבן שוין אַלע אין זאַל געלאַכט.

זייער „פאַרברעכן" האָט אַזוי שטאַרק דערמאָנט אין מאָפּאַסאַנ'ס אַ מעשה'לע, אַז איך האָב זיך אַזש געוואונדערט. עס איז אויסגעקומען, ווי דאָס לעבן אימיטירט דעם שרייבער.

דער דעטעקטיוו, ער איז אַ הויכער און ברייט־פּלייציגער, אָבער זיין פּנים איז שמאָל, זיין שטערן איז שמאָל. זיינע אויגן זיינען שמאָל.

ער שמייכלט, דער דעטעקטיוו. ס'טוט אים ערגעץ געוואַלדיג הנאה. ער באַמיט זיך אָבער ניט אַרויסצואווייזן פאַרן ריכטער, ווי ס'טוט אים געוואַלדיג הנאה. פאַר אַ ריכטער מוז מען זיך האַלטן איידל און אַנשטענדיג.

דער ריכטער, ער איז אַלט און מיד און פֿאַרמאַכט די אויגן, נאָר זיינע אויערן זיינען וואַך. שפּעטער אָבער, ווערט ער אויך לעבעדיג, זיינע אויגן עפֿענען זיך און ס׳יאָוועט זיך אין זיי אַ שפּאַטישע נייגעריגקייט.

דער דעטעקטיוו איז פֿון דער אָפּטיילונג אין דער פּאָליציי, וואָס היט די מאָראַל פֿון די בירגער. זיין אויפֿגאַבע איז ארומצוגיין אין די פּארקס און ניט דערלאָזן דאָרטן קיין אוממאָראַלישקייטן.

דערציילט ער דעם ריכטער, ווי ער גייט אַזוי ארום אין די פֿאַר־וואָרפֿנסטע אַלייען אין גריפֿיט־פּאַרק, ווי פּלוצלונג, ערגעץ צווישן געדיכטעביימער, דערזעט ער אַט דאָס מיטל־יאָריגע פּאָרל אין זייער און זייער אַן אוממאָראַלישער פּאָזע.

דער אַלטער ריכטער גיט אַ קוק אויפֿן מיטל־יאָריגן פּאָרל און זיינע בלאַסע ליפּן ברעכן זיך אין אַ געלעכטער.

דער ריכטער פֿאָדערט איינצלהייטן. ער וויל, אַז דער דעטעקטיוו זאָל אים דערציילן, וואָס ער מיינט, ווען ער זאָגט „אַן אוממאָראַלישע פּאָזע".

דער דעטעקטיוו שעמט זיך כלומרשט, קווענקלט זיך, אָבער ער דער־ציילט. ער האָט געזען, ווי זי האָט אים געגלעט די האָר פֿון קאָפּ. דער־נאָכדעם האָט ער זי ארומגענומען. דערנאָכדעם האָבן זיי זיך געדריקט איינער צום אַנדערן און האָבן זיך געקושט.

דער עולם שיסט אויס אין אַ געלעכטער. דער ריכטער לאַכט אויך. ס׳קומט אויס קאָמיש, וואָס מענטשן אין זייער שפּעטער מיטל־יאָריגקייט זאָלן זיך אויפֿפֿירן אין אַ פּאַרק, ווי צוויי יונגע צוציקעס.

— וואָס געהער דיר אָן די פֿרוי? — פֿרעגט דער אַלטיטשקער ריכטער שטרענג.

— זי איז מיין וויב, — ענטפֿערט יענער אַ פֿאַרשעמטער.

ווערט ווידער אַ געלעכטער. ווייל פֿריער האָט דער עולם אפֿשר גע־מיינט, אַז ס׳איז אַ ליבע־אַוואַנטורע, און דאָ גאָר — זיין אייגענע וויב.

— האָט איר קיין אַנדער אָרט ניט געפֿונען, — הויבט דער ריכטער זיין קול, — ווי אין אַ פּאַרק, אין אַן עפֿנטלעכן פּלאַץ?

שווייגט דאָס פּאָר־פֿאָלק. שווייגט אַ פֿאַרשעמטס מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

— ענטפֿערט אויף מיין פֿראַגע! — איז דער ריכטער בייז.

— דערצייל אים, — מאַכט די פֿרוי צו איר מאַן אינדערשטיל.

— דו דערצייל אים, — שעמט זיך יענער.

— גוט, איך וועל אים דערציילן, — ווערט די פֿרוי געוואַגט:

— איר פֿאַרשטייט, יור האָנאָר, היינט איז געוואָרן 35 יאָר זינט מיר האָבן חתונה געהאַט.

ווערט ווידער אַ געלעכטער. דעם עולם קאָן מען שוין איצט ניט איינהאַלטן.

— זייער שיין, — מאַכט דער ריכטער כלומרשט מיט פּיינקייט, אָבער ערגעץ אין קול איז פאַרבאַהאַלטן חוזק, — אָבער די פראַגע געגן אייך בלייבט פאַרט אַ קלאַגע פון אוממאָראַליש זיך אויפפירן אין אַן עפנטלעך פּלאַץ.

— דערציילט אים שוין דעם גאַנצן אמת, — מאַכט דער מאַן צו זיין פרוי ווידער אינדערשטיל.

— גוט, איך וועל אים דערציילן.

— איר פאַרשטייט, — נעמט זיך אָן די פרוי מיט גרויס מוט, — ווען מיר זיינען געוועז יונג, פלעגן מיר זיך באַגעגענען אויף דעם פּלאַץ, וואו דער דעטעקטיוו האָט אונז געפונען. איר... איר פאַרשטייט, ס'האָט אונז געצויגן אַהין. ס'איז אַ פּלאַץ פון שיינע דערינערונגען.

דער עולם לאַכט נאָך אַלץ. ס'איז כמעט אַ ברוטאַלער געלעכטער. דער ריכטער לאַכט שוין אָבער ניט מערער. דער ריכטער קוקט בלויז אויף זיי אַ פאַרוואונדערטער. ער וויל דאָס, ווייזט אויס, בעסער באַנעמען.

— אָבער פונדעסטוועגן, — מאַכט ער אין אַ ווײַלע אַרום, — איר האָט פאַרבראָכן געגן דער עפנטלעכער מאָראַל. צען דאָלער שטראָף, אָדער צוויי טעג אין טורמע.

אָטעמט אָפּ לייכטער דאָס פּאָר־פאָלק. צען דאָלער שטראָף, ס'איז ניט אַזוי געפערלעך. דער מאַן נעמט אַרויס צען דאָלער פון קעשענע און באַצאָלט דאָרטן, וואו מען באַדאַרף.

זיי גייען אַרויס אינדרויסן. איך גיי זיי נאָך. ס'איז אַ ליכטיגער אינדרויסן. אַ גאָלדענער קאַליפאָרניער אינדרויסן. דער גאָלדענער אינ־דרויסן מאַכט זיי פריילעך. זיי קוקן איינער אויפן אַנדערן שטיפעריש און מען צעלאַכט זיך הויך אויף אַ קול. זיי לאַכן ווי יונגע געליבטע, וואָס האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט פון אַן אומאַנגענעמער לאַגע, און איצט זיינען זיי פריי.

אַ טעקסי לויפט פאַרביי. דער מאַן שטעלט זי אָפּ און זאָגט עפּעס דעם טעקסי־מאַן. איך הער ניט וואָס ער זאָגט אים. אָבער פון דעם אופן ווי דאָס פּאָר־פאָלק צעלאַכט זיך אַזוי שטיפעריש ווען זיי זעצן זיך אַריין אינעווייניג, דאַכט זיך מיר אויס, אַז דאָס פאָרן זיי איצט טאַקע צו דעמ־זעלבין גריפיט־פּאַרק...

# אַ גרויסע פרייד

צוריק מיט אַ זעקס מאָנאַטן איז דער שוואַרצער טאַטע געשטאַנען מיט אַן אָראָפּגעלאָזטן אַקסל. דער קאָפּ איז אים געווען אַן אַ זייט. זיינע קליידער זיינען געווען אָפּגעטראָגן און צו־לויז אויף אים. זיינע באַקן איינגעפאַלענע, אויסגעמאָרעטע פון הונגער. נויט איז געווען אין די בלויע רינגען אונטער זיינע אויגן און פאַטערלעכער רחמנות אין די גראָבע ליפּן, וואָס האָבן זיך געוואָלט צעוויינען...

צוריק מיט אַ זעקס מאָנאַטן איז זיין אינגל מיט די לאַנגע אויערן, וואָס קוקן אויס, אַקוראַט ווי זיי וואָלטן זיך געוואונדערט און געוואונדערט און גאָרניט געקאָנט באַגרייפן, — געשטאַנען לעבן טאַטן מיט זיין שמאָלן לענגלעכן פּנים — די פאָרמע פון אַן אוגערקע — און מיט גרויסע שוואַרצע אויגן מיט פייכטע ווייסלעך זיך געוואונדערט און געוואונדערט.

די פּראָצעדור האָט לאַנג ניט געדויערט. ער האָט געוואָלט אַוועקגעבן זיין אינגל.

— וואָס איז די אורזאַך?

— מיר זיינען הונגעריג.

אַזוי האָט ער טאַקע געזאָגט: „מיר זיינען הונגעריג." און כּדי צו באַווייזן, אַז מ'איז הונגעריג, האָט ער אַ שלונג געטאָן די סליונע, האָבן אַלע געזען, אַז ס'איז דאָרטן טרוקן. זיין גרויסער דאַרער גאָרגל האָט אַזש געגעבן אַ טרעשטשע פון דעם שלונג.

— אַרבעטסטו ניט?

די פראַגע איז שוין געווען איבעריג. אוודאי אַרבעט ער ניט.

— די מאַמע?

— אַנטלאָפן.

— אַנטלאָפן?

דער ריכטער האָט זיך געוואונדערט, ווייל געוויינטלעך אַנטלויפט אַ טאַטע. אָבער אַ מאַמע גאָר?

יאָ, יאָ, זי איז אַנטלאָפן און אים איבערגעלאָזט מיטן קינד.

— פאַרוואָס איז זי אַנטלאָפן?

טאַקע פון דעם הונגער אַנטלאָפן.

— ווייסטו, וואו זי איז?

ניין, ער ווייסט ניט. ער האָט זי גראַד געזוכט, אָבער — ניטאָ.

נו, האָט דער ריכטער באַוויליגט זיין פאַרלאַנג. דאָס אינגעלע האָט געבראָכן פּיסקעס. די גראָבע ליפּן ביים טאַטן האָבן געסטראַשעט, אַז אָט

צעווויינען זיי זיך. אָבער איידער וואָס־ווען האָט מען דאָס אינגל אוועק־געפירט, און דער שווארצער טאַטע איז געבליבן אָן אַ אינגל.

ער איז ארויסגעגאַנגען. איך בין אים נאָכגעגאַנגען. וואָס־זשע איז דאָ צו זען? אַ טאַטע מיט אראָפּגעלאָזטע אַקסלען שפּאַנט זיך איבער די גאַסן אין גרויסן עלנט. אָבער קיינער זעט דאָס ניט. מענטשן האָבן קיין צייט ניט.

:: :: ::

דאָס איז געווען צוריק מיט זעקס מאָנאַטן. היינט קומט דער טאַטע צוריק אין געריכט־הויז. דער טאַטע איז אַ סך פארעלטערט געוואָרן פאַר דער צייט. ער האָט שוין איצט יאָ ארבעט, אָבער די אויסגעהאַרעוועטקייט האָט נאָך ערגער געווירקט, ווי פריער דער הונגער. זיינע פינגער זיינען צעטראַסקעט און זעען אויס ווי שישקעס פון אַ נאָדל־בוים. קנייטשן און קאַרבן און אָפּגעשיילטע שטיקער הויט. זיין האַלז איז מיט פּליאַמעס, עפּעס זייער פארדעכטיגע פּליאַמעס. זיינע אויגן זיינען מיד און ווילן שלאָפן. אָבער צווישן דער מידקייט שפּראָצט אויך ארויס אַ פייערל חי־פריידן.

ער וויל איצט אָפּנעמען צוריק זיין זון. ער האָט שוין ארבעט.

— וואָס איז דיין ארבעט?

אָ, ביי אַזוינע פאַרבן. ער מישט פאַרבן. ער וועט שוין איצט קאָנען האַלטן דעם זון מיט זיך.

ער רעדט מיט געבעט, ווען ער מאָנט צוריק זיין זון. ער האָט מורא, אַז מען וועט אים ניט וועלן אָפּגעבן דעם זון. מאַכט ער איצט די מינע פון זייער אַ רייכן טאַטן. ער האָט געדונגען — זאָגט ער — אַ „סוועל אַפּאַרטמענט". אַ שכנה וועט אַכטונג געבן אויפן אינגל, ווען ער, דער טאַטע, וועט זיין ביי דער ארבעט. ער וועט אים שיקן אין סקול, און ס'וועט אים שוין אמת גוט זיין.

— וואָס איז דיין וועכנטלעכער געהאַלט?

— 28 דאָלער אַ וואָך, — ענטפערט ער מיט אַ ליגנעריש פּנים.

דער שווארצער טאַטע באַקט ליגנס ווענן זיין רייכקייט און וואויל־זיין, און שוין ארויסזאָגנדיג די ליגנס, הויבט ער אַליין אָן צו גלויבן אין זיי. זיין פּנים צעשיינט זיך. זיינע אַקסלען ווערן אַזוינע פעסטע. ער באַקומט דעם שטעל פון זייער אַ רייכן טאַטן, אַ טאַטע וואָס קאָן געבן פון דעם בעסטן און פון דעם שענסטן זיין אייגנעם זון.

מען שיקט רופן דאָס קינד. קומט ער אריין זייער פאַרזיכטיג. די זעקס מאָנאַטן, וואָס ער איז אָפּגעווען אין קינדער־הויז, האָבן אים שוין געלערנט, אַז מען טאָר ניט גלויבן אַלצדינג, וואָס מען דערציילט דיר. דער

קלווירק האָט אים טאַקע געזאָגט, אַז זיין טאַטע וואַרט אויף אים, און אַז מען לאָזט אים פריי. איז ער טאַקע געלאָפן הענדום־פענדום, אָבער דאָך האָט ער ניט געגלויבט, און דערפאַר האָט ער אַזוי פּאַוואָליע צעעפנט די טיר, אריינגעשטעקט פריער די לאַנגע אויערן, דערנאָכדעם דאָס פּנים.

און אַז ער האָט שוין דערזען דעם טאַטן, האָט ער זיך געלאָזט אויף צוריק, אַקוראַט ווי ער וואָלט געוואָלט אַנטלויפן. דאָס האָט ער זיך אַזוי אפשר צעטומלט פון פרייד, אָדער אפשר האָט ער זיך געשעמט. אַז מען זעט ניט קיין טאַטן אַזאַ לאַנגע צייט...

האָט אים דער קלווירק אָנגענומען ביי דער האַנט און אים צוגעפירט. האָט ער אַ קוק געטאָן אַרויף צום טאַטן און האָט זיך געשעמט. האָט דער טאַטע צוריק געקוקט צום קינד און האָט זיך אויך געשעמט.

גייען זיי ביידע אויף דער גאַס, און איך נאָך זיי. רעדן זיי איינער צום אַנדערן קיין וואָרט ניט. זיי האַלטן זיך ביי די הענט און שפּאַנען.

גייען זיי פאַרביי אַ קענדי־סטאָר. וואַרפט דאָס קינד זייער נייגעריגע אויגן צום קענדי־סטאָר. דערשמעקט תיכף דער טאַטע, וואָס מען וויל דאָ, און ער פירט אַריין דעם זון אין קענדי־סטאָר.

פאַרנעמען ביידע איינעווייניג אַ שוואַרץ, קיל טישל. און דער טאַטע הייסט ברענגען אַ גרויסע פּאָרציע אייז־קרים מיט אַלע באַפּוצונגען.

ברענגט מען אין אַ פלאַכן בעכער אַ בערגל מיט אייז־קרים, מיט רויטס פון אויבן און מיט אַ וויינשעלע. גיט אַ גראָב אַריין דאָס אינגל דאָס לענגלעכע לעפעלע, עפנט אַ גרויס מויל און נעמט אַריין די וואונדער־לעכע, זיסע, קילע זאַך. גיט אַ שלונג, און זיינע לאַנגע אויערן ווערן נאָך לענגער פון גרויס גליק.

און דער טאַטע דאַרף שוין ניט קיין אייז־קרים. יעדן לעק, וואָס דער זון טוט, פילט דער טאַטע אין אייגענעם מויל. אַ מחיה'דיגע מידקייט אין זיינע אויסגעהאָרעוועטע, געקאַרבטע הענט. זיי ליגן, די הענט, אויפן טיש. זיי פרייען זיך, די הענט. עקסטאַז אין זיינע הענט.

אַ גרויסע פרייד קומט צום טאַטן, אַזש ס'צעשוויצט זיך דער שטערן. אַ זון האָט ער אויף דער וועלט. אַ זון מיט לאַנגע אויערן און מיט אַ פּנים די פאָרמע פון אַן אוגערקע, שמאָל און לאַנג. און דער זון לעקט אייז־קרים, אַז ס'איז אַזש אַ מחיה...

# דער מאַטראָס

(אין אַ נאַכט־געריכט)

דער העלד פון די ווייטע ים'ען איז העכער פון אַלע פּאָליסלייט, וואָס געפינען זיך אין געריכט. אַ פּנים אויסגעפורעמט פון ברייטע שטאַרקע ביינער מיט מוסקולן. זיינע אויגן זיינען האַרטע, זיצן טיף און שפּריצן פייער און צאָרן. זיינע נאָזלעכער ציטערן ווי ביי אַ ווילד פערד, ווען מען וויל דאָס איינברעכן. זיין מאָרדע איז געוואַלדיג אָנגרייפנדיג און שוואַכע מענטשן האָבן קיין איבעריגן צוטרוי נישט צו אַזאַ מאָרדע. ער פאַרשטייט נישט די מאָראַל פון די מענטשן, וואָס וואוינען אויף דער טריקעניש. דערפאַר האָט ער זיך אַריינגעפּאַקט, און דאָ גייט אָפּ זיין שיף אָט־טאָ.

דער ריכטער געגן אים, מיט זיין גאַנצער גערעכטיגקייט אין קעשענע, מיט זיין זיכערקייט אין זיין מאַכט, זעט אויס ווי אַ חדר־אינגל. אַ שטאָלצער טורעם דער מאַטראָס, און דער ריכטער רויטלט זיך, קנייטשט דאָס פּנים, פּירקעט מיט דער נאָז. ער הויבט זיך פון שטול אַלע מאָל און וויל אים דערשלאָגן מיט זיין וואַזשנעקייט, אָבער יענעם רירט דאָס ניט.

די פּאָליסלייט די הויכע קוקן מיט רעספּעקט אויף אים. מיט זיין גבורה געהערט ער צו זייער משפחה. אפילו דער פּאָליסמאַן, וואָס האָט אים אַרעסטירט, האָט געגן אים ניט קיין ביטער האַרץ, כאָטש זיין אויג איז פאַרלאָפן פון דעם פּלעם וואָס ער האָט געכאַפּט פון דעם ריזיגן מאַטראָס. ער, דער פּאָליסמאַן פון זיין זייט, וואָלט אים מוחל געווען, ווייל אַזאַ מין אַ קומט גאָר כבוד, אַז ער קאָן געבן אַזאַ פּלעם.

דאָס קרעמערל מיט דער צעבלוטיגטער נאָז, וואָס האָט אים געהייסן אַרעסטירן, האַלט זיך אין געריכט זייער בראַוו. ער האָט שוין איצט גאָר קיין מורא ניט פאַר ריז. פאַרקערט, ער היצט זיך, ער איז חוצפּה'דיג. ער טרעט אַרויס זייער שאַרף, ער רופט יענעם מיט מיאוסע נעמען.

אָבער ער מיידט אויס, דער קרעמער, קוקן יענעם אין די אויגן. ס'איז טאַקע אין געריכט און מען איז באַשיצט, אָבער אַ קוק טאָן דעם מאַטראָס גלייך אין די אויגן, מיינט ווידער איבערלעבן אָט יענע מורא, ווי פריער אין קראָם.

דער קרעמער איז גאָט די נשמה שולדיג. פאַרקערט, ער איז אַ לייטי־שער מענטש, ער האָט דאָך אַ ביזנעס אויף בראָדוויי. און האָבן אַ ביזנעס אויף בראָדוויי איז שוין אַ סימן, אַז מען איז „לייטיש". קומט אַריין דער

מאַטראַס קויפן אַ שאַלעכל. פאַרוואָס ניט, מיטן גרעסטן פאַרגעניגן פאַר־קויפט ער אים אַ שאַלעכל. באַצאָלט יענער גראָדע און גייט אַרויס. האָט ער שוין אָן אים פאַרגעסן, אָבער ער יאַוועט זיך ווידער און פאַר גאָרניט, גלאַט אַזוי, דערלאַנגט ער אים אין דער נאָז אַריין. נאָכדעם רייסט ער אָפּ פון טיש דעם רעדזשיסטער און גיט אים אַ שליידער אויף דער ערד, נאָכדעם כאַפּט ער קעסטלעך מיט סחורה און גיט דאָס אַ צעמאָרדעוווע איבער דער גאַנצער קראָם. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס קרעמערל האָט ניט געשוויגן און געמאַכט אַ גרויסן גוואַלד. נו, האָט דער מאַטראָס ניט גע־סטאַיעט. מיינט איר, אַז שוין פּטור? ניין, קומט ער שפּעטער מיט נאָך אַ מאַטראָס און זיי נעמען זיך פּאָגראָמירן זיין ביזנעס. האָט ער ווידער געשריען גוואַלד און דאָס מאָל האָט שוין דער פּאָליסמאַן געהערט זיין גוואַלד.

דער פּאָליסמאַן דערציילט. ער שעמט זיך צו דערציילן ווי שוואַך ער איז געווען געגן אָט דעם ריז. אָבער דעם אמת מוז ער דאָך דערציילן פאַרן ריכטער. איז געווען אַזוי: ער איז געקומען צולויפן און געזען וואָס עס טוט זיך דאָ, האָט ער גלייך אַ כאַפּ געטאָן דעם מאַטראָס, האָט יענער אים דערלאַנגט אונטערן אויג און ער, דער פּאָליסמאַן, איז געבעך אומגעפאַלן צו דער ערד. אָבער דער געזעץ איז דאָך שטאַרקער פון איינצלנעם — נו, זיינען אָנגעלאָפן נאָך פּאָליסלייט און אַזוי אַרום האָט מען אים געבראַכט אַהער.

דער מאַטראָס אַליין דערציילט. ער רעדט מיט פאַרדרוס וועגן די מענטשן, וואָס וואוינען אויף דער טריקעניש, באַזונדערס געגן קרעמערל. ווען ער גיט אַ קוק אויפן קרעמערל יעדעס מאָל דאַכט זיך אויס, אַז ער וויל אויסשפּייען. עפּעס אַן עקלדיגע באַשעפעניש אָט דאָס קרעמערל. הערט אַ מעשה: ער וויל קויפן אַ מתנה פאַר אַ מיידל. נו, גייט ער אַריין אין דער קראָם, קויפט אַ שאַלעכל און באַצאָלט וויפיל מען הייסט אים. ס'מאַכט ביי אים דען אויס די לויזיגע געלטער!

— זאָג ניט קיין לויזיגע געלטער, — מוסר'ט אים דער ריכטער.

נו, זאָגט ער ניט קיין לויזיגע געלטער, אפילו ער פאַרשטייט ניט פאַרוואָס טאָר מען ניט זאָגן קיין לויזיגע געלטער, אָבער אַז די מענטשן פון דער טריקעניש זיינען אַן אַנדער ראַסע. יאָ, האָט ער באַצאָלט די געלטער. ער גייט אַרויס אין גאַס, קוקט אַרום דאָס שאַלעכל, ערשט ס'האָט אַ פלעק אינמיטן. קומט ער אַריין און דערקלערט דעם קרעמער וועגן פלעק. הויבט יענער אָן צו זידלען זיך, ער איז נאָך גערעכט. נו, האָט ער אים געגעבן אַ פּלעם. נו, און דאָס איבעריגע ווייס שוין דער ריכטער, וואָס־זשע וועט ער נאָך אַמאָל איבערקייען. אָבער די הויפּט־זאַך, — זאָל

מען אים אַפּלאַזן. ווייל אַט־אַט גייט אוועק זיין שיף קיין אויסטראַליע.

ווען ער דערמאָנט זיך אין דער שיף, ווערט ער זייער אומרואיג און זיינע אויגן ווערן אָנגעשטרענגט ערגעץ צו דער ווייטקייט, אַקוראַט ווי ער וואָלט שוין געהערט דאָס רעווען פון קוימען.

קיין אויסטראַליע איז ער שוין ניט געפאָרן. דער ריכטער האָט אים שוין גוט איינגעזעצט. די שטראָף געגן אים האָט ער ארויסגעזאָגט מיט א באַזונדערן פאַרגעניגן. און דאָס קרעמערל מיט דער געשוואָלענער נאָז איז זיך אוועק אַזאַ שטילינקס, אַזאַ ליטישס.

# דער פריילעכער טרעמפּ מיט די קוליעס

פון דאָרטן, וואו מען האַלט די אָרעסטירטע, איידער מען ברענגט זיי פאַרן ריכטער, דערהערט זיך אַ שיכור'ער געזאַנג. איך טו אַ קוק אינעווייניג: אַ מאַן אויף צוויי קוליעס, אַ צעבראַסטעטער, אַ צעשויבערטער, מיט אַ פאַררויסענעם קאָפּ זינגט זיך אַרויף צו דער סטעליע:

„קאָן איך ניט זיין דער בוים, וואָס פילט אָן די לופט מיט ליבע און פאַרפיומען."

— וואָס האָסטו זיך צעקרייעט, וואָס? — שרייט אָן אויף אים אַ פּאָליסמאַן.

דער מענטש אויף די קוליעס הערט אים ניט און פאַרגייט זיך ווייטער אין זיין געזאַנג אין גרויס עקסטאַז.

— העי, דו! — נעמט אים שוין ענערגיש טרייסלען דער פּאָליסמאַן.

דער „זינגער" לאָזט זיך טרייסלען צוזאַמען מיט זיינע צוויי קוליעס און הערט ניט אויף צו זינגען. דער פּאָליסמאַן פאַרמאַכט אים דאָס מויל.

דאָס געזאַנג האָט אים דער פּאָליסמאַן טאַקע אָפּגעשטעלט, אָבער ער קאָן אים ניט אָפּשטעלן די גרויסע פרייד, וואָס רויטלט זיך אויף דעם זינגער'ס צעפּלאַמטע באַקן און מאַכט ליכטיג זיינע מוטנע אויגן.

— איך קען, — מאַכט ער צו די איבעריגע אַרעסטירטע, — אַפילו לויפן אויף מיינע קוליעס. איר ווילט זען? — און ער לאָזט זיך טאַקע לויפן איבערן שמאָלן קאָרידאָר.

לצים אָפּלאָדירן אים. ער פאַרנויגט זיך פאַר זיי. דאָס הייסט — ער נעמט אָן זייער אָנערקענונג.

— איך קען זיך וועטן מיט דיר, אַז איך יאָג דיר אַריבער, — פאַרטשעפּעט ער אַ יונגן נעגער.

דער נעגער איז אַ גוטמוטיגער יונג און פאַרשטייט יענעמס לאַגע. מאַכט ער:

— ריכטיג, ריכטיג, דו קענסט.

— איך וועט אַ קוואָדער צו אַ ניקל, אַז ער קען ניט, — שלעפּט שוין באַלד אויף אָן אָרט אַ קוואָדער פון דער קעשענע אָן עלטערער איירישמאַן מיט אַ נאַרעשעוואַטן פּנים.

מען הויבט זיך אָן וועטן. זיי מיינען דאָס ערנסט. אָבער דער פּאָליסמאַן מאַכט אַ סוף צום שפּיל:

— וואָס איז דאָ? — צעשרייט ער זיך, — פערד־רעיסעס?

עס קומט די ריי פון דעם „זינגער" זיך שטעלן פאַרן ריכטער. דער פּאָליסמאַן עפנט ברייט די טיר. דער אַרעסטירטער שפּאַנט אַריין אויף די קוליעס מיט גרויס שטאָלץ. צוקומענדיק נאָענט, נעמט ער איין קוליע און לייגט זי אַרויף אויפן טיש.

— נעם עס אַראָפּ! — איז שרעקלעך שאָקירט דער קלוירק אין די ברילן.

— אַז איך שטיי לעבן אַ טיש, — דערקלערט דער אַרעסטירטער, — איז מיר גענוג איין קוליע.

— ביזט פריילעך היינט? — פרעגט אים דער ריכטער און וויל מאַכן פון אים חוזק.

— יעדער מענטש דאַרף זיין פריילעך, — ענטפערט אים יענער אין אַ באַלערנדיקן טאָן.

— האָסט היינט ריכטיק אַריינגעגאָסן, ע?

— אַ ביסעלע, — ענטפערט דער הינקענדיקער באַשיידן, און די ווינקלען פון זיינע ליפּן שמייכלען.

— ער איז שיכור און באַלעסטיקט מענטשן אויף די גאַסן, — לייגט אויס דער פּאָליסמאַן די קלאַגע געגן אים. — ער איז שיכור און בעטלט.

— איך באַלעסטיק קיינעם ניט, — מישט זיך אַריין דער בעטלער. — פאַרקערט, מיין האַרץ איז גוט צו אַלעמען, צו דער גאַנצער וועלט.

— וועסט שפּעטער רעדן, — רייסט איבער דער קלוירק.

— ווי אַזוי באַלעסטיגט ער? — וויל וויסן דער ריכטער.

— ער בעט נדבות, און אַז מען וויל אים ניט געבן, גייט ער נאָך. איילט מען אַוועק, איילט ער נאָך, און אַז מען אַנטלויפט פון אים, לויפט ער נאָך.

— אויף די קוליעס? — וואונדערט זיך דער ריכטער.

— ער קען זייער שנעל לויפן אויף זיינע קוליעס, — פאַרלויבט אים דער פּאָליסמאַן פאַרן ריכטער.

— דערציייל אים, דערצייל, — קוועלט שטאַרק אָן דער בעטלער פון דעם פּאָליסמאַנ'ס רייד.

— ער איז נאָכגעלאָפן אַ מיידל איבער דער 18טער גאַס, און יענע האָט געקוויטשעט פון שרעק.

— אמת, אמת, — ענטפערט דער בעטלער און אַ נחת צעשפּרייט זיך איבער זיין גאַנץ פּנים.

— ווען איך האָב אים געוואָלט אַרעסטירן, — דערקלערט ווייטער דער פּאָליסמאַן, — האָט ער אָנגעהויבן אַנטלויפן פון מיר. איבער אַכט בלאָק האָב איך זיך געיאָגט נאָך אים.

— אמת, אמת, — גיט יענער צו מיט שטאָלץ, — און ווען איך זאָל זיך ניט געווען אָליין אָפּשטעלן, וואָלט ער מיך קיינמאָל ניט געווען געכאַפּט.

דער עולם איז פריילעך און לאַכט. דער בעטלער דרייט אוים זיין פּנים צו זיי און ווינקט ממזריש מיט די אויגן.

— וואו וואוינסטו ? — פרעגט דער ריכטער דעם בעטלער.

— אומעטום, — ענטפערט יענער א פריילעכער.

— פון וועלכן סטעיט קומסטו ?

— פון קאַליפאָרניע סטעיט.

— ווי אזוי ביזטו געקומען אהער ?

— מיט א שנעל־צוג, — ענטפערט ער מיט שטאָלץ.

— יעס, סער, מיט א שנעל־צוג, — באַרימט ער זיך. — קיינער פון זיי (דאָס מיינט ער אוודאי די טרעמפּס) האָט נאָך ניט באוויזן ארויפ־צושפרינגען מיט צוויי קוליעס אויף א שנעל־צוג, אָבער איך יאָ, — דער־ציילט ער א שטאָלצער, ווי דער גרעסטער העלד.

— פארוואָס ביזטו נאָכגעלאָפן דאָס מיידל ?

— בלויז פון „פאָן" וועגן, — ענטפערט ער א גליקלעכער.

— דרייסיג טעג „וואָרקהויז", — גיט א זאָג דער ריכטער.

— דרייסיג טעג ? — פּראָטעסטירט דער בעטלער.

— ועסט זיך דאַרטן אָפּרוען, — איז אים דער ריכטער א גוטער פריינט.

— ווער וויל זיך דאָס אָפּרוען ? — קלאָגט דער בעטלער. — איך בין א מענטש פון „עקשאָן".

מען פירט אים אוועק, בעט ער זיך באַלד איבער מיט זיין לאַגע, פאַררייסט דעם קאָפּ צו דער סטעליע און גיט זיך א צעזונג :

„קען איך ניט זיין דער בוים, וואָס פילט אָן די לופט מיט ליבע און פערפיומען"...

# דער לץ מיט די פינאטס

עס קומט אריין א גרויסער פּאָליסמאַן, א רויטער, א בייזער און טראָגט אין דער האַנט א קאָשעקל מיט פינאַטס. נאָך אים גייט נאָך דער איטאַליענישער פּעדלער, א צעבראַסטעטער, מיט די הענט פאַרלייגט פון הינטן און שמייכלט זיך. ס'קומט אויס, אַקוראַט ווי דער פּאָליסמאַן וואָלט געווען זיין משרת און טראָגט פאַר אים דאָס קאָשיקל מיט פינאַטס, און ער, דער פּעדלער אַליין, שפּאַנט זיך אַזוי באַלעבאַטיש באַקוועם, און ס'איז אים גוט.

דער פּעדלער וויל, אַז אַלע וואָס געפינען זיך אין געריכט־זאַל, זאָלן גלייך פאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר און זאָלן אויך מיטלאַכן. ווינקט ער פריילעך מיט די אויגן צו אַלע מענטשן. זיין וואונק דאַרף הייסן: קוקט, ווי געטריי ער טראָגט פאַר מיר, דער גרויסער פּאָליסמאַן, דעם קאָשיקל מיט פינאַטס, און איך שפּאַן מיר אַזוי וואויל און לייטיש.

דער פּאָליסמאַן שטעלט אַנידער דאָס קאָשיקל מיט פינאַטס אויפן טיש, נעמט אַרויס א טיכל און ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פון שטערן. ער שוויצט ניט דערפון, וואָס די משא איז געווען אַזוי שווער. ער שוויצט מחמת בייזקייט. אַזאַ שנאה פילט ער צום פּעדלער. ווען ער קאָן, וואָלט ער אים צעריסן. יענער אָבער לאַכט אים גלייך אין פּנים אַריין.

דער פּעדלער האָט איין צאָן, וואָס שטעקט אים אַרויס פון מויל מער פון די אַלע איבעריגע. ווען ער שמייכלט, לאַכט דער צאָן מער פון אַלע איבעריגע ציינער. קומט דאָס שוין אויס, ווי דער אַרויסגעשטעקטער צאָן וואָלט זיך גערייצט מיטן הויכן פּאָליסמאַן און נעמט ביי אים די לעבער.

— דו דערקלערסט זיך שולדיג? — לייענט דער קלוירק זייער שנעל, און כאַפּט אָפּ די גאַנצע קלאַגע אַזוי גיך, גיך, און מיינט, אַז ער איז פאַרטיג: דער פּעדלער וועט זיך דערקלערן שולדיג, און דער ריכטער וועט אַרויסטראָגן זיין פּסק, און פאַרטיג פאַר אַנדערע פּראָצעסן. שווייגט אָבער דער איטאַליענער און זיין אַרויסגעשטעלטער צאָן לאַכט אָפּ אויך פון קלוירק.

— דערקלערסטו זיך שולדיג? — ווערט שוין יענער רויט און צע־רייצט, ווען ער זעט, אַז מען שפּאַט אָפּ פון אים.

— שולדיג אין וואָס? — ווייסט דער פּעדלער גאָר אינגאַנצן ניט פון וואָס צו זאָגן.

— שולדיג אין דעם און אין דעם, — הויבט דער קלוירק ווידער אָן צו מאָלן זייער שנעל די ווערטער, און צום סוף: — דערקלערסט זיך שולדיג צי ניט שולדיג?

— אַז איך ווייס ניט, וועגן וואָס דו רעדסט, — שמייכלט ביים פּעדלער דאָס גאַנצע פּנים. — אַז דו לייענסט אַזוי שנעל, ווייס איך דען, וואָס דו האָסט דאָרטן אָנגעבורטשעט?

פאַרשטייען דאָך שוין אַלע, אַז דאָ שטייט אַ לץ פּאַר זיי. ווערן אַלע אין געריכט־זאַל לעבעדיג, און די ווינקלען פון די מיילער ברעכן זיך שוין אין געלעכטער.

— איך בין ניט שולדיג, — מאַכט דער פּעדלער, נאָכדעם ווי דער קלוירק האָט מיט גרויס פאַרדראָס געמוזט איבערלייענען די קלאַגע צום דריטן מאָל זייער לאַנגזאַם און פּאַוואָליע: אַז דער פּעדלער ווערט באַשולדיגט אין פּעדלען אָן לאַיסענס און אין ארויסווייזן אַ ווידערשטאַנד צו אַ פאָרשטייער פון געזעץ, דאָס הייסט צום פּאָליסמאַן.

דער פּאָליסמאַן פּייערט. ער ווארט נאָר בלויז, אַז ס'זאָל קומען זיין רייע צו דערציילן די קלאַגע, וועט ער זיך שוין אָפּרעכענען. זיין רייע קומט, און ער האָט אַ פול מויל מיט ווערטער.

— ער שטייט אַזוי, דער פּעדלער, אין וואשינגטאָן סקוועער און האַנדלט מיט פּינאַטס. גיי איך צו אים צו און פרעג אים: האָסטו אַ רעכט צו פאַרקויפן פּינאַטס? האָסטו לאַיסענס? מאַכט ער צו מיר: „וואָס איז דיינע ביזנעס?" זאָג איך אים: קום אין פּאָליס סטעישאָן, וועט מען שוין דיר זאָגן, צי ס'איז מיינע ביזנעס. לאַכט ער: „אָלראַיט", און לאָזט זיך גיין נאָך מיר, אָבער אָן דעם קאָשיקל מיט פּינאַטס. דאָס קאָשיקל מיט פּינאַטס האָט ער איבערגעלאָזט דאָרטן אויף אַ באַנק. זאָג איך אים: נעם מיט דאָס קאָשיקל מיט פּינאַטס מיט זיך. מאַכט ער: „צוליב וואָס?" זאָג איך אים: ווייל די פּינאַטס דאַרפן דינען אַלס מאַטעריעלער באַווייז, אַלס אַן עדות, ווען דו וועסט דערשיינען פאַרן ריכטער. מאַכט ער: „ס'אַרט מיך ניט, אַז זיי וועלן ניט דערשיינען אַלס עדות." האָב איך אים באַפוילן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, אָבער ער איז פּאַר'עקשנ'ט און וויל ניט. ביז איך האָב שוין געמוזט אַליין נעמען דאָס קאָשיקל מיט פּינאַטס, און האָב דאָס געמוזט טראָגן צום פּאַטרול־וואָגן, האָב דאָס געמוזט ארויסנעמען, ברענגען אין פּאָליס סטעישאָן, פון דאָרטן אין געריכט, און ער וויל זיך ניט צורירן צו דעם.

דער עולם לאַכט. דער פּעדלער ברענגט דערצו, אַז מען זאָל לאַכן. ער דרייט זיך אויס צום עולם, ווינקט פריילעך מיט די אויגן, און מען לאַכט. דער ריכטער איז אָבער בייז, ער זעט אין דעם אַקט אַן אָפּ'חוזק'ן פון געזעץ. קלאַפּט ער מיטן האַמער איבערן טיש און זאָגט בייז, אַז ס'איז ניט קיין וואָדעוויל־הויז, און אַז מען זאָל זיך האַלטן אָנשטענדיג. ווערט שטילער אין געריכט־הויז, און אָנשטאָט צו לאַכן אין דער הויך, לאַכט מען אין זיך.

— וואָס האָסטו צו זאָגן פאַר דיין פאַרטיידיגונג? — פרעגט דער ריכטער בייז.

— איך פאַרשטיי ניט, וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך, — מאַכט יענער זיך גאָר אינגאַנצן טאַמעוואַטע.

ווערן שוין דעם ריכטער'ס אויגן פאַרלאָפן פון כעס. דאָ חוזק'ט ער שוין אָפּ אויך פון אים אַליין. אָבער אַ ריכטער טאָר ניט שרייען, טאָר ניט בייזערן זיך. מאַכט ער העפלעך, געוואַלדיג העפלעך:

— דער פּאָליסמאַן קלאָגט דיך אָן אין האַנדלען מיט פינאַטס אָן אַ לאַיסענס.

— שור, האָב איך געהאַנדלט אָן לאַיסענס. וואו האָב איך געלט אויף צו קויפן לאַיסענס, אַז ס'קלעקט מיר קוים־קוים אויף צו קויפן די פינאַטס?

— דער פּאָליסמאַן קלאָגט דיך אויך אָן אין אַרויסווייזן ווידערשטאַנד געגן געזעץ, — פאַרטייטשט אים דער ריכטער מיט אַ מערדערלעכער העפלעכקייט די צווייטע קלאַגע.

— איך האָב זיך דען ניט געלאָזט אַרעסטירן? — פרעגט ער כיטרע, און זיין אַרויסגעשטעקטער צאָן, דער לץ, חוזק'ט אָפּ.

— פאַרוואָס האָסטו ניט געוואָלט נעמען מיט זיך דאָס קאָשיקל מיט פינאַטס, ווען דער אָפיסער האָט דיר באַפוילן אַזוי צו טאָן?

— איך האָב זיך נישט געוואָלט טראָגן מיט דעם, — ענטפערט דער פּעדלער געלאַסן, אָבער מען זעט אַז ער איז פול מיט חוזק.

— ער האָט דאָך דיר געזאָגט, אַז ער דאַרף דאָס האָבן אַלס מאַטעריעלן באַווייז?

— איך האָב אים דען געבעטן ער זאָל מיך אינגאַנצן אַרעסטירן? — ענטפערט ער מיט אַ ביסל שרעק אין די אויגן, וואָס ער חוזק'ט אָפּ אויך פון אַ ריכטער, אָבער דער לץ אין אים שלעפּט אים ביי דער צונג.

ווערט אַן אויפרוים פון געלעכטער. דער פּעדלער קוועלט אָן וואָס מען

לאַכט, פּונקט ווי אַ קאָמיקער אויף דער בינע, וואָס קוועלט אָן ווען זיינער אַ וויץ נעמט אוים.

ער האָט אָבער טייער באַצאָלט, דער פּעדלער, פאַר זיין לצ׳עווען. אויף פינף טעג טורמע האָט אים דער ריכטער פאַר׳משפּט. האָט ער זיך אַ ביסל פאַרקרימט, דער איטאַליענער, געוואָרן טרויעריג, אָבער דאָס קאָשיקל מיט די פינאַטס האָט ער נאָך אַלץ ניט געוואָלט צונעמען. דער פּאָליסמאַן האָט דאָס געמוזט ווידער אים נאָכטראָגן.

דער פּעדלער איז געגאַנגען פּאַראוים זייער דעמאָנסטראַטיוו. ער האָט ווידער פאַרלייגט די הענט פון הינטן און זיין פּנים מיטן פאָדערשטן צאָן איז געווען פול מיט אָפּשפּעטעריי.

# אַ טויט פייגעלע

דאָס פייגעלע איז טויט און דער דעטעקטיוו האַלט עס איינגעוויקלט אין אַ פאַרבלוטיגט שמאַטקעלע. אַ צווייטער דעטעקטיוו האַלט די ביקס, וואָס האָט געטויט די אומשולדיגע באַשעפעניש. ביי דער זייט שטייט דער מאַן מיט אַ זון־פאַרברענטן פּנים און זינדיגע אויגן.

דער דעטעקטיוו איז ניט פון שטאָט, נאָר אַ ספּעציעלער וואַלד־אָנגעשטעלטער פון וויט הינטער בראָנקס. דער וואַלד איז דאָס אייגנטום פון שטאָט. דאָרטן וואַקסןביימער, עס פליען פייגל, עס לויפן־אום צווישן די גראָזן ווערוויקלעך און קראַליקעס. מענטשן מעגן דאָרטן שפּאַצירן, שמעקן מיט די נעזער, באַוואונדערן מיט די אויגן, אָבער מיט די הענט טאָרן זיי גאָרנישט אָנרירן.

צעוויקלט דער וואַלד־וועכטער דאָס פאַרבלוטיגטע שמאַטקעלע, נעמט אַרויס דאָס טויטע פייגעלע מיט רויטע פליגעלעך, לייגט דאָס אַנידער פאַרן ריכטער און ער דערציילט:

— ...און ס'איז מסתמא שוין געווען איינס אַזייגער בייטאָג, ווייל די זון איז שוין געשטאַנען הויך אין הימל. דערהער איך אַ שאָס. לויף איך אין דער ריכטונג פון שאָס. ליגט אויפן גראָז אַ ביקס און זי רויכערט זיך. שטייט אָט דער מאַן און האַלט אין די הענט אַ פאַרבלוטיגט פייגעלע.

— איז עמיצער דאָרטן געווען אויסער דעם מאַן? — פרעגט דער ריכטער.

— יאָ, אַן עלטער מאַן האָט געקליבן שוואָמען.

— און מער קיינער ניט?

— און מער קיינער ניט.

אַלע אין געריכט־זאַל קוקן מיט רחמנות אויפן טויטן פייגעלע מיט די רויטע פליגעלעך, און ווענדן בייזע בליקן צו דעם „רשע", וואָס האָט פאַרגאָסן אומשולדיג בלוט.

דער „רשע" איז אַ סיריער, אַן קיין לאַיער האָט ער ניט, און ער ווייסט נאָר איין זאַך, אַז כדי אַרויסצוקריכן פון דער צרה, דאַרף מען לייקענען שטיין און ביין, לייקענען אַלצדינג. ער זעט, אַז אַלע, פון דעם ריכטער ביז דעם קלוירק, ביז דעם עולם, זיינען געגן אים. פאַרוואָס געגן אים — פאַרשטייט ער ניט. און אויב אפילו ער האָט שוין דערשאָסן דאָס פייגעלע, וואָס־זשע מאַכט מען אַזוינע גוואַלדן וועגן דעם? ס'איז דאָך ניט קיין מענטש.

— וואס איז דיין באשעפטיגונג? — פרעגט אים שטרענג דער ריכטער, אקוראט ווי יענער וואלט געווען דער געמיינסטער יונג אויף דער וועלט.

— איך בין א „לעיבארער”, אבער אן ארבעט.

— וואס האסטו געטאן דארטן אין וואלד?

— געגאנגען קלייבן שוואמען.

באמערקט גלייך דער וואלד־וועכטער, אז ווען ער האט אים ארעס־טירט, האט ער קיין שוואמען ביי אים אין די הענט ניט געזען.

— איז דאס דיין ביקס? — פרעגט אים דער ריכטער, און דער וואלד־וועכטער הויבט אויף די שיינע ביקס מיט צוויי שווארצע רערן, פאר זיינע אויגן.

קוקט דער סיריער אויף דער ביקס, און מען זעט, ווי ער געזעגנט זיך מיט איר, ווי מיט אן אייגענעם ברודער. אזא טייערע ביקס, א גאנץ פארמעגן ביי א מענטשן. א חבר אין א נויט, א שוץ צווישן אומפריינט־לעכע מענטשן. קוקט ער אזוי אויף איר און דער שוויים טרעט אים ארויס אויפן שטערן. אבער ער טוט א זאג, ווי א מארטירער:

— ניין, די ביקס איז ניט מיינע.

— ווי־זשע קומט דאס, וואס מען האט די טויטע פייגעלע געפונען ביי דיר אין די הענט?

— ...ס'איז געווען אזוי, — הויבט ער אן צו דערציילן פון אנפאנג.

— איך בין מיר געגאנגען קלייבן שוואמען. קלייב איך מיר שוואמען . . .

— דאס האבן מיר שוין געהערט, וועגן קלייבן שוואמען.

— יא, איז ווי אזוי איך קלייב מיר, פלוצלונג פאלט אראפ א פייגעלע פון הימל גלייך צו מיר אונטער די פיס.

— גלייך אונטער די פיס? — פרעגט איבער דער ריכטער איראניש.

— יא, גלייך אונטער מיינע פיס, — ענטפערט יענער מיט אן איבער־צייגונג.

— האסט געהערט א שאס?

— ניין, ניט געהערט, — ענטפערט דער סיריער, און ס'טוט אים גלייך באנג, וואס ער האט געזאגט אז ער האט ניט געהערט, ווייל ער כאפט זיך, אז אויב מען שיסט, הערט מען דאך יא. אבער אז ער האט שוין אזוי געזאגט איז פארפאלן, מעג מען אים אפילו שניידן מיט מעסערס, וועט ער זיך שוין מוזן האלטן ביי זיינעם.

— האסטו טאקע ניט געהערט? — פרעגט אים איבער דער ריכטער מיט חוזק.

— העלף מיר אזוי גאט, ווי איך האב ניט געהערט.

— איז ביי דיר דער געהער שלעכט? — ווילט זיך דעם ריכטער טרייבן שפּאַס מיט אים.

— יאָ, ס'הייסט, טאַקע שלעכט, ניט שטענדיק דערהער איך.

און דאָ מוז שוין דער סיריער אַריינגיין אין אַ פרעמדער ראָלע, זיך מאַכן, אַז ער איז טויבלעך. קריכט ער שוין מיט גרויס פאַרצווייפלונג פון איין צרה צו דער צווייטער.

— וואָס האָסטו געוואָלט טאָן מיטן טויטן פייגעלע?

— געוואָלט זען צי מען קען דאָס נאָך ראַטעווען, — מאַכט דער סיריער, ווי אַ גוטהאַרציקער מענטש.

— אַזוי, האָסט דאָס געוואָלט ראַטעווען? — פרעגט איבער דער ריכטער מיט איראָניע. און ער הייסט זיך דערלאַנגען אַ בוך, וואו ס'זיינען אויפגעשריבן די געזעצן וועגן די פּאַרקן פון שטאָט. קוקט לאַנג דער ריכטער אין בוך און קנייטשט דעם שטערן.

דער וואַלד־וועכטער שפּילט זיך דערווייל מיט דער ביקס, און דער סיריער פאָלגט אים נאָך יעדע באַוועגונג מיט בענקשאַפט אין די אויגן.

ענדלעך האָט שוין דער ריכטער אויסגעפונען דעם געזעץ אין בוך, און ער גיט אַ זאָג:

— פינף דאָלער שטראָף.

— פינף דאָלער שטראָף? — דערפרייט זיך יענער. ער האָט מסתמא געמיינט, ווער ווייסט וואָס מען וועט צו אים טאָן.

באַצאָלט ער גלייך די פינף דאָלער און ווערט מיט אַמאָל זייער טרויעריק. די ביקס לאָזט אים ניט רוען. וואָס־זשע וועט בלייבן מיט דער ביקס? קוקט ער אויף איר מיט שטומע אויגן. דער דעטעקטיוו פאַרשטייט זיין קוק און לאַכט צו אים מיט גרויסע ציינער. דער קלוירק הייסט דעם סיריער גיין. שפּאַנט ער זיך אַוועק אָן חשק, און דרייט אַלע מאָל אויס זיין קאָפּ צו דער ליבער און טייערער ביקס, וואָס איז נעבעך געבליבן אין פרעמדע הענט אויף אייביק...

# די פריצייטיגע חתונה

מען לאַכט פון זיי. איין „סאַשעל וואַרקער" האָט דערציילט אַ צוויי־טער. די צווייטע האָט דערציילט אַן אַנדער פרוי, וואָס אַרבעט אַלס קלוירק אין געריכט, און באַלד האָבן אַלע אָנגעשטעלטע אין געריכט שוין גע־וואוסט וועגן דעם, געקוקט אויף דער גרופּע שוואַרצע קינדער מיט זייערע מאַמעס און געלאַכט.

דערווייל איז גאָר ניטאָ וואָס צו לאַכן. עס זיצן זיך צוויי שוואַרצע אינגלעך אין עלטער פון 15 יאָר. ביידע פאַרשעמטע, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן צום דיל.

די צוויי מיידעלעך אין עלטער פון 13 יאָר שעמען זיך ניט. זיי זיצן צווישן זייערע מאַמעס, אָבער ס'איז זיי ענג צו זיצן צווישן זייערע מאַמעס. זיי וואָלטן געדאַרפט זיצן מיט די אינגלעך. די אינגלעך דאַרפן זיי איצט האָבן, אין אַזוינע שווערע מאָמענטן.

איין מיידעלע איז אָנגעטאָן אין אַ רויט קאָפּטל. אירע גרויסע שוואַרצע אויגן זיינען אָנגעגאָסן מיט פיל ליבע און זאָרג, ווי אַ דער־וואַקסענע פרוי, וואָס טראָגט שוין די צרות מיט פיל פאַרשטאַנד און גרייטקייט צו קעמפן. זי נעמט ניט אַראָפּ די אויגן פון דעם בחור, וואָס איז אָנגעטאָן אין אַ גרויען סוועטער מיט גרינע און רויטע שטרייפן. יענער איז דין און הויך, מיט אַ דאַרן לאַנגן האַלז. אין זיין שעמעוודיגקייט זעט ער אויס, ווי אַ הייליגער מאַרטירער, וועמען די וועלט מאַטערט און פייניגט, און מען קאָן זיך גאַרנישט ניט ווערן.

דאָס מיידעלע אין רויטן קאָפּטל האָט פאַרברענטע ליפּן. אַזוינע טונקל־ברוינע ליפּן, וואָס ווילן עפּעס. אויף די טונקל־ברוינע ליפּן אַ לייכט שמייכעלע צו דעם הויכן נעגער־אינגל. דאָס שמייכעלע דאַרף אים געבן מוט אַריבערצוטראָגן די פּייניגונגען, וואָס עס שטייען אים פאָר.

דאָס צווייטע מיידל איז אַ דינינקע, מיט קליינע אַקסעלעך, אַ פלינקע, מיט שפּיצעכיגע אויגלעך. אויגלעך, וואָס ברענען און שרפ'ענען. איר קליין פּנימ'ל מיטן ברייטן נעזל איז פול מיט פולווער. זי האָט שוין אָפּ־געמאָסטן און אַרומגעכאַפּט יעדן מענטשן, וואָס געפינט זיך אין געריכט־הויז. זי האָט שוין באַטראַכט אפילו די קליידער און די שיך, וואָס די יונגע סטענאָגראַפיסטין טראָגט. זי האָט שוין אפילו אָפּגעשאַצט דעם ווערט, וואָס אַזוינע שיך דאַרפן קאָסטן.

דעם צווייטן אינגל, וואָס איז געזעסן מיט אַ פאַר'עקשנ'ט אַראָפּ־

געלאָזטן האַלז, האָט זי אַלעמאָל באַשאָנקען מיט אַ זיסן שמייכל. אַ פריי־דיגן שמייכל, אַקוראַט ווי ער וואָלט איר געווען אַזוי נאָענט, אַז קיין נאָענטערס פון אים איז שוין ניטאָ אויף דער וועלט.

דאָס צווייטע אינגל מיטן פאַר׳עקשנ׳טן האַלז איז אַ געפּאַקטער, אַ ברייטער. זיין קאָפּ אַ גרויסער, אַ קיילעכדיגער, מיט געקרייזלטע שטאַרקע האָר.

די מאַמע פונעם מיידעלע מיטן רויטן קאַפּטל טראָגט ברילן און וויינט דורך די ברילן. אַ וויינענדיגע שוואַרצע מאַמע, האַלט דעם קאָפּ אויף אַ זייט און רעדט עפּעס אין דער שטיל צו איר טאָכטער. דאָס האַלטן דעם קאָפּ אויף אַ זייט איז, ווייזט אויס, מחמת גרויס אכטונג צו דעם שיינעם, פאַרפּוצטן געריכט־צימער.

די צווייטע מאַמע לאַכט מיט חנ׳עוודיגע גראָבע ליפּן. אַ פולע, פעטע מאַמע. זי באַמערקט, אַז אַלע אין געריכט־זאַל לאַכן פון זיי, טוט זי זיי צוליב און לאַכט אויך. עס הויבט איר אויך אָן צו געפעלן די מעשה.

די גאַנצע גרופּע האָט זיך געשטעלט פאַרן ריכטער. דער סוועטער ביים דאַרן, הויכן שוואַרצן אינגל איז געווען פאַרריסן. האָט דאָס מיידעלע מיטן רויטן קאַפּטל אויסגעגליכט דעם סוועטער מיט גרויס זאָרגפעליגקייט.

דער ריכטער האָט שוין, ווייזט אויס, געוואוסט פון דער גאַנצער מעשה. ער האָט אויך געשמייכלט. בלויז פון אָפיציעלקייט וועגן, האָט די „סאָשעל וואָרקער" געדאַרפט איבערדערציילן די גאַנצע געשיכטע:

„אין דער פּאַבליק־סקול נומער אַזויפיל און אַזויפיל האָט מען זיך געכאַפּט, אַז די דאָזיגע צוויי אינגלעך און צוויי מיידלעך פעלן פון שול שוין אַ היפּשע צייט. האָט מען זיך נאָכגעפרעגט ביי די עלטערן, אָבער זיי האָבן ניט געוואוסט אפילו וואוהין די קינדער זיינען אַהינגעקומען. מען האָט געמיינט, אַז זיי זיינען אפשר אַנטלאָפן אין אַ צווייטער שטאָט. ביז מען האָט זיי אויסגעפונען אַלע פיר צוזאַמען אין אַ ווייטער גאַס אין האַרלעם. זיי האָבן געוואוינט אַלע פיר צוזאַמען אין אַ מעבלירטן צימער. אַז מען האָט זיי געפרעגט, פאַרוואָס זיי האָבן אויפגעהערט צו גיין אין פּאַבליק־סקול, און פאַרוואָס זיי זיינען פאַרשוואונדן פון הויז, האָבן זיי געענטפערט, אַז זיי האָבן חתונה געהאַט און וואוינען אַלס מאַן און ווייב..."

די אינגלעך, אין אָנוועזנהייט פון וויסן ריכטער, פילן ווי זיך צו באַגראָבן לעבעדיגערהייט. די מיידלעך, זיי נעמט דאָס ניט. זיי וויסן אפילו ניט, וואָס איז דאָ דער פאַרברעכן. קוקן זיי אויפן ריכטער פאַר־שטענדלעך און פשוט.

— הייסט עס, האָט איר חתונה געהאַט? — מאַכט פון זיי חוזק דער ריכטער.

— יעס, סער, — ענטפערן ביידע מיידלעך מיט קינדערשע שטימעלעך.

— דענקט איר ניט, לעידים, אַז ס'איז צו־פרי פאַר אייך חתונה צו האָבן? אַז מען דאַרף פריער זיך לערנען אין סקול?

זיי שווייגן אַלע פיר. די פעטע מאַמע שמייכלט, די מאַמע אין די ברילן וויינט און שאָקלט מיטן קאָפּ. דאָס פּאָטאַקעוועט זי דעם ריכטער, אַז ער איז גערעכט.

— האָט איר אַלע פיר געוואוינט אין איין צימער?

— יעס, סער.

— וויפיל רענט האָט איר געצאָלט?

— דריי דאָלער.

— וואו האָט איר גענומען רענט צו צאָלן?

— אונזערע מענער האָבן באַצאָלט דאָס רענט.

דאָס ענטפערט דאָס קלייניקע, דיניקע מיידעלע. זי זאָגט „אונזערע מענער" זייער פּשוט און נאַטירלעך.

— וואו האָבן אייערע מענער גענומען געלט?

— געאַרבעט?

— וואָס פאַר אַן אַרבעט?

— געפּוצט שיך.

דער ריכטער צעלאַכט זיך אויף אַ קול. אַלע אין געריכט־הויז — נאָך אים. די פעטע מאַמע צעלאַכט זיך אויך, און פון גרויס שמחה טוט זי אַ קוש איר קליינע טאָכטער אין שפּיץ קאָפּ.

— ווי לאַנג, אַז איר וואוינט שוין אַלס מאַן און ווייב?

— דריי מאָנאַטן.

— האָט איר זיך געלעבט גוט? זיך ניט געקריגט? ניט געשלאָגן?

— אָ, נאָ סער, — מאַכן ביידע מיידלעך אַנטריסטעט. דאָס הייסט, ווי קאָן גאָר איינפאַלן דעם ריכטער אַזאַ געדאַנק? און זיי קוקן מיט ליבע צו זייערע „מענער", וואָס שטייען ביידע שולדיגע און פאַרשעמטע, ווי שול־קינדער, וועמען מען האָט ערשט אָפּגעשמיסן.

ניט גוט, ניט שיין, — ווערט דער ריכטער ערנסט. — אַזוינע קינדער, ווי איר, האָבן נאָך צייט חתונה צו האָבן.

— פאַרוואָס ניט? — וויל וויסן דאָס דיניקע, דאַרינקע מיידעלע.

— ווייל יונגע קינדער דאַרפן פריער גיין אין שול, פאַרענדיגן פּאַבליק־סקול, און דערנאָכדעם אין האַי־סקול, דערנאָך דאַרף מען זיך לערנען אַ טרעיד...

די מיידלעך זיינען אומגליקלעך. טאָמער האָבן זיי אַ ביסל „פאָן" פון לעבן, קומען די דערוואַקסענע און צעשטערן דאָס. זיי האָבן קוים

מיט צרות אויפגעבויט א „היים" פאר זיך, קומט דער ריכטער און מאכט חרוב זייער „היים".

דער ריכטער שושקעט זיך מיט דער „סאָשעל וואָרקער". זיי בּאַראטן זיך, ווייזט אויס, ביידע וואָס צו טאָן מיט די דאָזיגע יונגע פּאָר־פּאָלקן.

— מיר פאַרהאַלטן זיי, — מאַכט דער ריכטער צו די מאַמעס. — מיר וועלן זיי אונטערזוכן פיזיש און גייסטיג, מיר וועלן זיי אויך לערנען, וואָס איז אַזוינס זייערע פליכטן אין לעבן אַלס קינדער.

האָט א מאַן, אַ געריכט־אָנגעשטעלטער, פאַרבעטן די „מענער" מיט זיך. און אַ פרוי, אַ געריכט־אָנגעשטעלטע, האָט פאַרבעטן די „פרויען" מיט זיך.

געזעגענען זיך די פרויען מיט זייערע מענער. מיט די אויגן געזעגענען זיי זיך. און אין די אויגן איז פאַראַן אַזוי פיל ליבע, געטריישאַפט און בענקשאַפט...

# מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ

— ער האָט מיר דערלאַנגט מיט זיין שטעקן איבערן קאָפּ, — קלאָגט זיך דער בחור, וואָס האלט אין די הענט אַ קאָנצערטינאַ.

— האָסטו זיך מיט אים געקריגט?

— ניין.

— וואָס דען? דערציייל!

— צווישן ברוקלין בריק און קאַנאַל סטריט, אין סאָבוועי, איז דאָס געווען. איך שפּיל מיר אין וואַגאָן אויף מיין קאָנצערטינאַ, און פּלוצלונג, אָן אַ פאַרוואָס, שפּרינגט אויף דער דאָזיגער מאַן פון זיין פּלאַץ, הויבט אויף דעם שטעקן און דערלאַנגט מיר איבערן קאָפּ.

דער מאַן האלט איצט אויך אַ שטעקן. אַ פיינער שטעקן מיט אַ זילבערנעם הענטל. מסתמא האָט ער טאַקע מיט דעם זעלבן שטעקן יענעם דערלאַנגט איבערן קאָפּ. ער קוקט ניט אויס צו זיין קיין בייזער, דער דאָזיגער מאַן. פאַרקערט, ער קוקט אויס צו זיין זייער אַן אינטעליגענטער מענטש. אפשר איז ער גאָר פון די קינסטלער. אַ הויכער, אַ ברייטער. זיין שניפּס איז אויסגעבונדן, ווי ביי אַ פּאָעט. גרויסע וואַרעמע ברוינע אויגן. אַ שיינע גלייכע אויסגעטאָקטע נאָז. מיטן שטעקן אין די הענט האלט ער זיך זייער מאַיעסטעטיש. נאָך מער אימפּאָזאַנט, ווי דער ריכטער אליין.

דער מאַן מיט דער קאָנצערטינאַ איז אַ יונגער בחור, אָן אַ רעקל, אָן אַ שניפּס. אַ פּעטער יונגערמאַן, וואָס האלט אין איין שוויצן. ער איז שטאַרק באַליידיגט. ער קאָן גאָרניט מוחל זיין דעם מאַן, וואָס האָט אים דערלאַנגט מיט אַ שטעקן, אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוועגן.

— פאַרוואָס האָסטו אים דערלאַנגט מיטן שטעקן?

— איך האָב שוין דאָס מער ניט געקאָנט אויסהאלטן, — פאַרשעמט זיך יענער.

— וואָס האָסטו ניט געקאָנט אויסהאלטן?

— זיין מוזיק.

— וואָס־זשע, ער האָט שלעכט געשפּילט? — וויצלט זיך דער ריכטער.

— ס'גייט ניט אין דעם, וואָס ער האָט שלעכט געשפּילט, — איז יענער זייער ערנסט, — נאָר די אומשטענדן ,אין וועלכע ער האָט געשפּילט,

האָבן באַשאַפן אַזאַ דיסהאַרמאָניע, אַז דער שאַרבן פון קאָפּ האָט זיך אויפגעהויבן.

דער ריכטער ווערט מיט אַמאָל אויפמערקזאַם צום מאַן מיטן שטעקן. ער באַטראַכט אים מיט מער פאַרזיכט. דער מאַן מיטן שטעקן פאַרמאָגט זייער אַ פיינע שטימע, און די גאַנצע האַלטונג פון זיין אומפּאַזאַנטער פּערזאָן רופט אַרויס רעספּעקט צו זיך.

— וואָס איז אייער באַשעפטיגונג?

— אַ מוזיק־לערער.

— אַ־אַ, — מאַכט דער ריכטער; ער פאַרשטייט שוין. — אָבער שלאָגן מיט אַ שטעקן, דאָס איז ניט ציוויליזירט, — מוסר׳ט ער דעם מוזיקער.

— שטעלט זיך פאָר, — פאַרענטפערט זיך דער מאַן מיטן שטעקן, — איך זיצט אין סאָבוועי. די רעדער טראַסקען, די פענצטער בריאַזגען, און ס׳איז אַזאַ געדרודער און געפילדער. דאָ קומט אַ מאַן מיט אַ קאָנצער־טינאַ און שפּילט זייער הויך, ער וויל אַריבערשרייען דעם גאַנצן געפילדער. באַקומען זיך די טענער אַזוינע הייזעריגע, אַזוינע נערוועזע, אַז ס׳דאַכט זיך אויס, ווי קעץ וואָלטן זיך געריסן. גראָדע איז דאָס ניט געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען אין דעם וואַגאָן, וואו איך זיץ, קומט אַריין דער יונגער־מאַן מיט דער קאָנצערטינאַ. שוין עטלעכע מאָל, אין דער זעלבער צייט, האָט זיך דאָס געטראָפן. איך פאָר צו מיין מוזיק־שול אַרום עלף אַזייגער פאַרמיטאָג, און ווי אויף צו־להכעיס טרעף איך שטענדיג דעם יונגן מאַן. גראָדע אין דעם וואַגאָן, וואו איך זיץ, קומט אים אויס צו שפּילן. ס׳איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע אָפּקומעניש. ס׳האָבן רעוואָלטירט אין מיר אַלע מיינע חושים.

— אָבער באַנוצן גענואַלד געגן דעם מיט־מענטשן? — מוסר׳ט אים דער ריכטער.

— איך האָב ניט געוואוסט, וואָס איך טו. דער אויסברוך איז געשען אומגעריכט. ס׳טוט מיר זייער לייד איצט. איך פיל זיך געוואַלטיג שולדיג.

ער פילט זיך טאַקע געוואַלטיג שולדיג, דער מוזיקער. ער קוקט אויפן יונגן מאַן מיט דער קאָנצערטינאַ מיט גרויסע וואַרעמע אויגן, וואָס בעטן פאַרגעבונג. דער יונגער מאַן וויל אָבער ניט פאַרגעבן. ער איז באַליידיגט ביז גאָר. מען האָט אים באַליידגט, מען האָט באַליידיגט זיין קונסט. — „ווי קעץ וואָלטן זיך געריסן" — ס׳געפעלט אים ניט, מיט וואָס מען פאַרגלייכט זיין שפּילן.

דעם ריכטער׳ס סימפּאַטיעס זיינען דוקא מיטן מוזיק־לערער. אָבער

לויטן געזעץ איז יענער פּאַרט שולדיג. מען דאַרף אים באַשטראָפן. דער־פאַר אָבער גיט ער ארויס אַ לייכטע שטראָף.

— פינף דאָלער שטראָף, אָדער צוויי טעג טורמע.

— איך בין גרייט צו באַצאָלן מיין שטראָף, — פאַרגוויגט זיך זייער העפלעך דער מוזיקער פאַרן ריכטער, און גייט צו דער קאַסע צו באַצאָלן זיין שטראָף.

:: :: ::

דער מאַן מיט דער קאָנצערטינאַ איז פריער געווען דער באַשולדיגער, אָבער איצט ווערט ער מיט אַמאָל דער באַשולדיגטער. ער האָט פריער געבראַכט אַ קלאַגע געגן יענעם; איצט ברענגט מען אַ קלאַגע געגן אים. אַן אָנגעשטעלטער פון דער סאָבוועי־קאָמפּאַניע ברענגט דאָס די קלאַגע פון שטערן די געזעלשאַפטלעכע רו אין סאָבוועי.

— דו דערקלערסט זיך שולדיג?

אַ ברירה האָט ער; אַוודאי דערקלערט ער זיך שולדיג.

— דו ווייסט ניט, אַז ס'איז ניט דערלויבט אַזאַ זאַך?

אַוודאי ווייסט ער, אָבער ער וויל מאַכן אַ לעבן.

— וואָס איז דיין פאַך?

— אַ מוזיקער.

ער איז אויך אַ מוזיקער; געשפּילט אין אַ וואָדעוויל. פאַרלוירן זיין שטעלע, און איצט איז ער אַרבעטלאָז.

— באַקומסט רעליף?

— ניין.

— ווי איז דאָס מעגלעך?

— אָנגעגעבן פאַר רעליף, אָבער ס'איינען שוין אוועק עטלעכע מאָנאַטן און מען גיט נאָך ניט.

דער מוזיק־לערער האָט שוין באַצאָלט זיין שטראָף. ער איז שוין פריי און קאָן שוין גיין, אָבער ער גייט ניט אוועק. ער בלייבט אויפן פּלאַץ און הערט זיך צו מיט גרויס אינטערעס צו דעם נייעם פּראָצעס.

— ביזטו אַ פאַרהייראַטער?

— יאָ. אַ ווייב מיט צוויי קינדער.

פון געריכט־זאַל לאָזט זיך גיין צום ריכטער אַ יונגע פרוי. דער מאַן מיט דער קאָנצערטינאַ דערפרייט זיך. אָט איז טאַקע זיין ווייב. זי איז פאַרשעמט, זיין ווייב. זי רויטלט זיך, ווען זי שטעלט זיך לעבן איר מאַן.

— וואָס מאַכן די קינדער? — נעמט ער דערוויייל אָפּ אַ גרוס.

— אָלראַיט, — ענטפערט זי אין דער שטיל און רויטלט זיך נאָך מער.

— אויף וועמען האָסטו זיי איבערגעלאָזט? — זאָרגט ער זיך.

— אויף דער מיסעס קעני, — קומט איר אָן שווער צו רעדן איצט מיטן מאַן וועגן אינטימע זאַכן, ווען אַלעמענס אויגן זיינען געווענדעט אויף איר.

דער פון דער סאַבוועי־קאָמפּאַניע, אַ הויכער מיט אַן אַפּגעפּרעסענעם קארק, דערשמעקט, אַז דער ריכטער קאָן נאָך גערירט ווערן פון יענעמס לאַגע, פּאָדערט ער גערעכטיקייט:

— פילע קלאַגן קומען אין הויפּט־אָפיס אָן פון פרידלעכע פּאַסאַזשירן געגן די אַלע זינגער, מוזיקער און בעטלער, וואָס באַלעסטיגן זיי. מען מוז זיי באַשטראָפן, זיי זאָלן דאָס צווייטע מאָל ניט וואַגן צו טאָן אַזאַ זאַך.

ווען יענער האָט געזאָגט: „זינגער, מוזיקער און בעטלער", האָבן ביידע מוזיקער, סיי דער מאַן מיט דער קאָנצערטינאַ און סיי דער מוזיק־לערער, אַ קוק געטאָן אויפן סאַבוועי־אָנגעשטעלטן מיט פיל האַס. „מוזיקער און בעטלער" זיינען ביי אים איינס און דאָס זעלבע.

— פינף דאָלער שטראָף, אָדער צוויי טעג טורמע, — אורטיילט דער ריכטער.

דער מאַן מיט דער קאָנצערטינאַ איז פאַרלוירן. ער האָט ניט צו באַצאָלן. ער קוקט שטומערהייט אויף זיין פרוי, אפשר האָט זי עפּעס געלט. יענע ענטפערט אים מיט אַ פאַרצווייפלטן בליק. ער מוז גיין אין טורמע. ער לאָזט זיך שוין טאַקע אהין אין זייטיגן צימער.

— וואַרט אויס אַ מינוט! — מאַכט דער מוזיק־לערער און כאַפּט זיך צו דער קעשענע. — איך וועל באַצאָלן פאַר אייך די שטראָף.

דער קאָנצערטינאַ־שפּילער קוקט אַוודאי מיט דאַנקבאַרע אויגן צו דעם מוזיק־לערער, אָבער ער שעמט זיך עפּעס צוגיין צו אים און אים אויסשטרעקן די האַנט און אים באַדאַנקען.

זיין פרוי אָבער שעמט זיך שוין ניט. ס'האָט זי געוואַלדיג גערירט, און זי איילט זיך צו צו אים און דריקט אים די האַנט.

יענער, דער מוזיק־לערער, אַ מאַיעסטעטישער, אַן אימפּאָזאַנטער, נייגט זיך פאַר דער פרוי, ווי אַ ראָמאַנטישער קאַוואַליער...

# די מאַמע פון מעדיסאָן סטריט

די מאַמע זיצט אַ טרויעריגע אין געריכט־זאַל. אַ קליינע אידישע פרוי פון מעדיסאָן סטריט, וואָס כאָטש זי איז געקומען אַהער צוליב איר גרויסן אומגליק, פונדעסטוועגן האָט זי זיך אויסגעפּוצט אין אירע בעסטע קליידער. ס'איז ניט שיין צו קומען צווישן פרעמדע מענטשן אין אַזוינע קליידער, וואָס זי טראָגט אין מעדיסאָן סטריט.

דער טאַטע, אַן אייזן־אַרבעטער, איז שוין גאָרניט קיין אויסגעפּוצטער. אַזוי ווי ער איז געשטאַנען ביי דער אַרבעט, אַזעלכער איז ער געקומען אין געריכט מיט פאַרזשאַווערטע צוויי הענט, מיט אַ קויטיג פּנים, מיט אַ קליין גרוי בערדל.

ער זיצט לעבן דער מאַמען און וויל זי טרייסטן. ס'איז זייער ביידנס אומגליק. זי קוקט אַפילו ניט צו איר מאַן. זי קוקט צו יענער טיר, וואו עס שטייט איר טאָכטער.

וויפיל שנאה ס'איז פאַראַן אין די אויגן פון דער טאָכטער צו איר אייראָפּייאישער מאַמען! וויפיל ליבע, ווייטאָג און פאַרגעבונג ס'איז פאַראַן אין די אויגן פון דער קליינער מאַמען פון מעדיסאָן סטריט, צו איר אַמעריקאַנער־געבוירענער טאָכטער!

זי, די טאָכטער, איז ערשט זיבעצן יאָר אַלט און האָט שוין איבער־געפאַרבט אירע האָר אויף בלאָנד. אַ פּנים פון אַ יונג קינד, אָבער אירע האָר זיינען טויטע, אָן שום לעבן און אָן שום נאַטירלעכן גלאַנץ.

בלויז דעם טאַטנ'ס נאָמען און דער טאָכטער'ס נאָמען רופט אויס דער קלוירק. די מאַמע בלייבט זיצן אין געריכט־זאַל צווישן די איבעריגע צושויער. די טאָכטער שפּאַנט צו מיט אַ זייט, אין אַ צעכראַסטעטן מאַנטל, מיט פאַר'עקשנ'טע ליפּן. דער טאַטע איז בלאַס, אַ מין פייכטקייט ציטערט אין זיינע גרויליכע אויגן. ס'איז אים געוואַלדיג אומהיימלעך אַרויסצו־טרעטן געגן זיין אייגענער טאָכטער. די טאָכטער קוקט ניט אויפן טאַטן מיט געבעט נאָך רחמנות. פאַרקערט, ווי זי וואָלט זיך געפרייט, וואָס אַן אייגענער טאַטע טרעט אַרויס געגן איר. וואָס מערער שלעכטס ער דער־ציילט זיך אָן אויף איר, אַלץ מערער פילט זי זיך באַרעכטיגט צו איר בייזקייט און צו איר שנאה אויף טאַטע און מאַמע.

זי וויל ניט אויסדרייען דעם קאָפּ און אַ קוק טאָן אין דער זייט, וואו די מאַמע זיצט. אָבער דאָך דרייט זי יאָ אויס איר קאָפּ. באַגעגנט זי ווידער דער מאַמע'ס אויגן פול מיט ליבע, ווייטאָג און פאַרגעבונג. ווערט

זי אין כעס, די טאָכטער, וואָס די מאַמע קוקט אויף איר מיט אַזוי פיל ליבע און פאַרגעבונג, און זי שרייט אויס איבערן גאַנצן געריכט־זאַל:

— וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר, דו . . .

דער קלוירק הייסט איר זיין שטיל. באַשענקט זי אים אויך מיט אַ בליק פול מיט האַס און ווערט שטיל.

דאָס, וואָס דער טאַטע דערציילט, איז, ווייזט אויס, ניט דער פולער אמת. צופיל שלעכטס וויל ער דאָך ניט רעדן אויף זיין אייגן בלוט און פליייש.

— פאַרוואָס האָסטו געלאָזט אַרעסטירן דיין טאָכטער? — פרעגט דער ריכטער.

— דערפאַר, ווייל זי האָט געשריען און געזידלט זיך און געוואָלט שלאָגן איר מאַמען, דאָס הייסט מיין ווייב, — ענטפערט דער טאַטע פון מעדיסאָן סטריט, און די פייכטקייט, וואָס האָט פריער געציטערט אין זיינע ווייסלעך, ווערט איבערגעפולט און הויבט אָן אַראָפּצורינען פון זיינע באַקן.

באַמערקט דער ריכטער די דאָזיגע טרערן, ווייסט ער שוין, אַז דער טאַטע האָט ניט דערציילט דעם גאַנצן אמת. גיט ער שוין אַ קוק אויף דער טאָכטער, צו זען וואָס פאַר אַ פרוכט דאָס איז, באַגעגנט זי זיין בליק מיט פיל חוצפה און האַס. כאַפּט זיך ניט דער ריכטער בשעת מעשה, אַז דאָס וואָס ער איז אַזוי אָנגעצונדן געוואָרן און אַזוי אין כעס געוואָרן אויף דער דאָזיגער מיידל, שטאַמט פון דעם, וואָס זי האָט צו אים געקוקט מיט אַזוי פיל חוצפה. ער גלויבט אויפריכטיג, דער ריכטער, אַז ער איז אין כעס אויף איר, ווייל זי איז אַ שלעכט מיידל, און מען דאַרף זי אָנ־לערנען. באַנוגנט ער זיך ניט איצט מיט דעם ביסעלע, וואָס דער פאָטער האָט דערציילט, נאָר ער פּאָמפּעט פון אים אַרויס וואָס מער און מער שלעכטס וועגן זיין טאָכטער.

— זידלט זי דיר אויך? — איז ער שוין געוואַלדיג פאַראינטערעסירט.

— יאָ, — מאַכט דער פאָטער אַ טרויעריגער, — אָבער ניט אַזוי ווי זי זידלט מיך, נאָר דאָס וואָס זי דערגייט די יאָרן איר מאַמען, ווען איך גיי אוועק צו דער אַרבעט.

— שלאָגט זי איר מאַמען? — וואָלט דער ריכטער געוואָלט, אַז יענע זאָל ענטפערן „יאָ”.

— ניין, — מאַכט דער טאַטע מיט אַ האַלבן מויל, און ס'קומט אויס גיכער „יאָ”, ווי „ניין”.

דער ריכטער וועט שוין אַזוי גיך ניט אָפּלאָזן דעם פּראָצעס. ער פאַרוואַנדלט זיך פון אַ ריכטער אין אַן אָנקלעגער. ער שיקט אַוועק דעם

טאַטן און רופט די מאַמע. גייט זי צום ריכטער־שטול פון זאַל מיט גרויס אנגסט. ס׳דאַכט זיך איר אויס, אַז אַ גאַנצע וועלט מיט מענטשן האָט אָנגעשטעלט די אויגן אויף איר, דער מאַמען, וואָס גייט רעדן געגן איר טאָכטער. יעדער שפּאַן איז ביי איר אַ מייל די לענג.

— וואָס וועסטו דערציילן?

— זי איז אַ גוטע טאָכטער, — וויל זי פאַרענטפערן די טאָכטער.

— ווער הייסט דיר, דו זאָלסט זאָגן אויף מיר, אַז איך בין אַ „גוטע“? — שרייט אויס די טאָכטער צו איר פול מיט האַס.

— שוייג! — צעשרייט זיך אויף איר דער ריכטער. — אַזוי רעדט מען ניט צו קיין מאַמען.

— שאַ, קינד, שוייג, — בעט זיך די מאַמע.

— רוף מיך ניט „קינד“! — קאָן זיך די טאָכטער ניט איינהאַלטן און שרייט ווידער אויס מיט גרויס שלעכטסקייט.

— אויב זי איז אַ גוטע טאָכטער, פאַרוואָס האָט איר זי געלאָזט ארעסטירן? — פרעגט דער ריכטער.

—אַ פינפערל האָט זי געוואָלט, — האָט שוין די מאַמע מורא צו פאַר־באַהאַלטן דעם אמת פאַרן רכטער.

— וואָס פאַר אַ פינפערל?

— גאָרניט, אויף אַ קלייד האָט זי געוואָלט אַ פינפערל, האָב איך איר געזאָגט, „נעקסטע וואָך, וועל איך האָבן“, האָט זי געוואָלט שוין, דערפאַר איז דאָס פאָרגעקומען, אָבער אַזוי איז זי אַ גוטע טאָכטער.

— „פּאָר קראַים׳ סעיקס, וואַי דאָנט יו טעל דהי טרוטה“? — שרייט אויס די טאָכטער מיט האַס צו איר מאַמען. — זאָג, אַז איך האָב דיך געשלאָגן. זאָג, אַז איך האָב צעבראָכן אַ בענקל, זאָג און טו מיר ניט קיין טובות.

דאָ איז שטיין דער ריכטער געוואָרן אויסער זיך. ער האָט זיך אַזש אויפגעשטעלט. ער האָט אויסגעשטרעקט אַ פינגער צו איר:

— יונגע לעידי, — מאַכט ער צו איר, — אַזוי רעדט מען צו אַ מאַמען? זי איז אַ מאַמע, פאַרשטייסט? אַ מאַמע. און אַזוי באַ־האַנדלסטו זי?

די מאַמע וויינט און די טאָכטער מיט נאָך מער האַס שרייט אויס צו איר:

— אַ, אַ, דו וויינסט שוין, דו וויינסט.

אַלע מענטשן אין געריכט־זאַל האָבן באַקומען אויסגעצויגענע פּנים׳ער פון דער דאָזיגער סצענע. מען האָט זיך ניט געגלויבט, אַז ס׳איז מעגלעך אַזוי פיל האַס און ביזקייט פון אַ טאָכטער צו אַ מאַמען.

דער ריכטער האָט זיך אויף דער דאָזיגער טאָכטער גוט אויסגעשריען. ער האָט געפֿילט, אַז ער האָט רעכט אויסצושרייען זיך אויף אַ מיידל, וואָס באַנעמט זיך אַזוי צו אַ מאַמען. נאָכדעם, וואָס דער פּאָליסמאַן האָט נאָך עדות־געזאָגט, איז שוין די דאָזיגע מיידל אויסגעוואַקסן ווי אַ מאָנסטער אין ריכטער'ס אויגן, ווי עפּעס זייער אַ בייזע חיה.

דער פּאָליסמאַן האָט דערציילט, אַז ווען ער איז אַריינגעלאָפֿן אין הויז, צוליב די גרויסע געשרייען, האָט ער געטראָפֿן ווי דער פֿאָטער האַלט זי צו ביי די הענט, זי זאָל ניט שלאָגן איר מאַמען, און ווי זי, די דאָזיגע טאָכטער, זידלט איר טאַטן מיט די ערגסטע נעמען און בריקעט אים מיט די פֿיס אין בויך אַריין. שעמט זיך טאַקע ניט דער פּאָליסמאַן אָנרופֿן די „ערגסטע נעמען", מיט וועלכע די טאָכטער האָט געזידלט טאַטע און מאַמע. גלויבט זיך קיינער ניט, אַז אַזאַ קליין מיידל, ווי זי, זאָל טאַקע אַרויסזאָגן אַזוינע נעמען. ס'זיינען געווען די שענדלעכסטע נעמען, וואָס זיינען נאָר פֿאַראַן אין דער גאַסן־שפּראַך פֿון מעדיסאָן סטריט.

— אויף פֿינף יאָר וועל איך דיך פֿאַרשיקן, — שרייט דער ריכטער מיט גרויס צאָרן צום מיידל.

דאָס מיידל אָבער גיט זיך ניט קיין קרום. גיט ניט קיין פּינטל מיטן אויג. זי לאָזט זיך אוועקגיין אין געפֿענגעניש זייער גלייכגילטיג.

די מאַמע וויינט אויף אַ קול. דער ריכטער טרייסט זי, אַז שוין מער וועט איר די טאָכטער ניט דערגיין די יאָרן. ער וועט זי פֿאַרשיקן אין דער רעפֿאָרם־שול.

— איך וויל ניט, איך וויל ניט, — פּעסטשעט זי זיך פֿאַרן ריכטער, — גיט זי מיר אָפּ.

— יאָ, איך פֿאַרשטיי, אַז אַ מאַמע בלייבט אַ מאַמע, — רעדט דער ריכטער צו איר ווייך, — אָבער מען וועט זי שוין דאָרטן אויסלערנען.

— אַז איך וויל ניט, אַז איך וויל ניט, — יאָמערט די מאַמע פֿון מעדיסאָן סטריט.

— אָלראַיט, נעקסט, — איז שוין דער ריכטער אומגעדולדיג.

דער טאַטע פֿירט אוועק די מאַמע אַ צעבראָכענע. זיי פֿאַרלאָזן דאָס געריכט־הויז און דער ריכטער פֿאַרגעסט שוין אין פֿריערדיגן פּראָצעס. ס'אַנטוויקלט זיך פֿאַר אים איצט אַ נייער פּראָצעס מיט נייע באַשולדיגטע, און ווידע אַמאָל טרערן, ווידער אַמאָל בייזקייט און אומגליק...

# דער טרעמפּ מיט אַ יחוס

ער איז אַן אַלטער, דער טרעמפּ, און שמייכלט, ווי איינער, וואָס מ׳כאַפּט אים אין אַ ליגן. דער שמייכל דאַרף הייסן: „איך האָב דאָס ניט געמיינט, בלויז אַ שפּאַס, און זיי נעמען דאָס פאַר ערנסט." נאָכן שמייכל קומט אַן אויסדרוק פון טרויער אין זיינע גרינע אויגן. אַן עלטערער מענטש מיט גרינע לויטערע אויגן.

דער טרעמפּ האָט אַ גרויסן יחוס הינטער זיך: ער איז אַמאָל געווען אַ באַרימטער פּראַיז־פּאַיטער. איצטער איז ער אַלט און גרוי, אַן אָפּגעריסענער, מיט געוואַלדיג־גרויסע שיך. דווקא גאַנצע שיך און שטאַרקע שיך. דאָס איינציג שטיקל מלבוש, וואָס איז גאַנץ. דאָס איבעריגע איז אָפּגעריסן און פאַרלאַטעט.

קיין סך מענטשן, וואָס דאַרפן גע׳משפּט ווערן, זייגען גראַדע דעם אָוונט ניטאָ אין נאַכט־געריכט. איילט זיך ניט דער ריכטער און פאַרהאַלט אים לענגער פאַר זיין שטול פון גערעכטיגקייט.

— ביזט אַמאָל געווען אַ פּראַיז־פּאַיטער?

— שור, — צינדן זיך אָן זיינע גרינע אויגן מיט גרויס שטאָלץ. — „פּאַיטינג גלאָווס", דאָס בין איך.

ער איז „פּאַיטינג־גלאָווס", און דער ריכטער וואָלט זיך אפשר געדאַרפט אויפשטעלן פאַר אים. אָבער ער שטעלט זיך ניט אויף. אַמאָל, אָ, אַמאָל האָבן אפילו גאָווערנאָרס זיך אויפגעשטעלט פאַר אים. אַמעריקע האָט אים געפּעסטשעט, ער איז געווען דער בן־יקיר (דער חשוב׳סטער זון) פון לאַנד. אַ מענטש, וואָס קען דיר אַרויסקנאַקן דעם „ווילדן אָקס" פון אַריזאָנאַ אין דריטן „ראַונד", פאַרדינט זיך, אַז אַלע רעכט־דענקענדיגע מענטשן פון די פאַראייניגטע שטאַטן זאָלן זיך פאַר אים בוקן. און מען האָט זיך געבוקט אויך. און איצטער האָט אים נאָר אַ פּאָליסמאַן געכאַפּט אויף עווענין „סי" און האָט אים געבראַכט צו שלעפּן, ווי אַ פּשוט׳ן פאַרברעכער.

דעם טרעמפּ׳ס אָרעמס זיינען נאַקעט. האָריגע, פאַרברוינטע, ביינערדיגע אָרעמס. דאָס העמד זיינס האָט ניט קיין אַרבל. דער יחוס זיינער — אָט די דאָזיגע הענט — זיינען פאַרשעמט אָן די אַרבל. הענגען זיי אַראָפּ נאַקעטע, און ער האָט זיי אפילו ניט מיט וואָס צו פאַרדעקן.

דער איירישער אַלטיטשקער מאַן, וואָס האָט געבראַכט געגן אים די קלאַגע, האָט נאָך איצט אויך מורא פאַרן טרעמפּ. אפילו איצט, פאַר

אַלעמען אין די אויגן, קאָן ער זיך נאָך, דער דאָזיגער „פּאַיטינג־גלאָווס״, אַ דריי טאָן צו אים און אים געבן אַ בוכטשע, אַז ער, דער איירישער, זאָל דערזען די באָבע פּאַר זיינע אויגן. דו שפּילסט זיך מיט פּראַיז־פּאַיטערס?

— ווען איך הייס אים גיין פון מיין הויז, רופט ער מיך אַרויס אויף אַ פּאַיט, — קלאָגט זיך דער איירישער און וואַרפט צעשראָקענע בליקן אויפן מאַן, וואָס האָט אַמאָל אַרויסגעקנאַקט דעם „ווילדן אָקס״ פון אַריזאָנאַ.

— פאַרוואָס הייסטו אים גיין פון דיין הויז?

— ווייל ער צאָלט ניט קיין רענט.

— פאַרוואָס צאָלסטו ניט קיין רענט? — פרעגט דער ריכטער אַ נאַרישע פראַגע.

— איך האָב ניט געדאַרפט צאָלן, — ענטפערט דער טרעמפּ מיט חוצפה.

— וואָס מיינסטו: האָסט ניט געדאַרפט צאָלן? — פאַרשטייט ניט דער ריכטער.

— ווייל ער האָט מיך איינגעלאַדן מיט זיין פרייען ווילן צו זיך אין הויז.

— האָסטו אים איינגעלאַדן מיט דיין פרייען ווילן?

— יאָ, — ענטפערט דער איירישער אַ שולדיגער. — איך האָב אים איינגעלאַדן. אַ מענטש האָט ניט קיין היים. איך האָב געטראָפן אין פּאַרקל, וואָס אויף עווענין „איי״. ער דערציילט מיר, אַז ער איז „פּאַיטינג־גלאָווס״, און איך האָב אים גלייך דערקענט. אים איינמאָל געזען פּאַיטן זיך אין לאָנג־אײַלאַנד.

אָ, דער איירישער איז אַ בקי אין אַזוינע ענינים. אַליין איז ער אַ פאַרברענטער גייער צו אַלע פּאַיטס. און ניט איינמאָל מסתמא האָט ער געשריען הורא ביז הייזעריג צו ווערן פאַר אָט דעם גרויסן העלד „פּאַיטינג־גלאָווס״, און דאָ טרעפט ער אים גאָר אין אַ פּאַרקל פּנים לפּנים. וועט ער אַזאַ גרויסן גאַסט ניט אויפנעמען? ער האָט אים איינגעלאַדן צו זיך אין הויז, אים געגעבן עסן, טרינקען און נאַכטלעגער. ער האָט אים אפילו געגעבן אַ פּאָר שיך. אָט די גרויסע, שטאַרקע שיך, וואָס דער געוועזענער העלד טראָגט, זיינען טאַקע זיינע.

„פּאַיטינג־גלאָווס״ פאַרשעמט זיך, ווען יענער דערמאָנט וועגן די שיך. ער איז שוין מסתמא פון לאַנג צוגעוואוינט געוואָרן צו דעם געדאַנק, אַז די דאָזיגע שטאַרקע שיך זיינען זיינע, און איצט דערמאָנט אים דער איירישער, אַז זיי זיינען פרעמדע.

— וויפיל וואוינט ער שוין ביי דיר?

— שוין זעקס מאַנאַטן, — איז דער איירישער אומגליקלעך.

יאָ, ער וואוינט שוין ביי אים זעקס מאָנאַטן, און ווען ער הייסט אים גיין, סטראַשעט ער, אַז ער וועט אים פאַיטן. נו, און זיך גיין פאַיטן מיט אַזאַ מאַן האָט ער דען כח? אַז יענער האָט גאָר אַרויסגעקנאַקט דעם „ווילדן אָקס" פון אַריזאָנאַ. און ער אַליין איז אַן אָרימער און ער קאָן אים ניט אויסהאַלטן, ווייל ער דאַרף אים געבן עסן אויך. און אַז מען גיט אים ניט, נעמט ער אַליין. און אַז מען לאָזט אים ניט, סטראַשעט ער. טעראָריזירט ער דאָס גאַנצע הויז. זיין ווייב האָט מורא פאַר אים, און דער באָרדער האָט אויך מורא. ער האָט אויך אַ באָרדער, דער איירישער, און דער באָרדער וויל זיך אויסקלייבן טאַקע צוליב אָט דעם „פאַיטינג־גלאָווס", ווייל וואָס עפּעס אַן אַרגומענט, זאָגט ער אים: „קום אין דרויסן."

דער טרעמפּ שמייכלט, ווי איינער וואָס מען כאַפּט אים ביי אַ ליגן. מיט דעם שמייכל האָט ער געוואָלט אונטערשטרייכן פאַרן ריכטער, אַז ער האָט דאָס געמיינט בלויז אין אַ שפּאַס.

דער ריכטער וועט אים ניט פאַרשפּאַרן. ער איז מילד צו דעם גע־וועזענעם העלד. אפשר געדענקט נאָך אויך דער ריכטער יענעמס אַמאָליגע גרויסקייט. סטראַשעט ער אים בלויז, אַז ער זאָל ניט וואָגן קומען אין הויז, ווייל ער האָט ניט וואָס צו טאָן דאָרטן.

דער איירישער פילט זיך שולדיג. שטרעקט ער אויס אַ האַנט צו „פאַיטינג־גלאָווס". ס'הייסט: „ס'טוט מיר לייד, ברודער." נעמט דווקא דער טרעמפּ יענעמס האַנט, גיט אַ קוועטש, אַז יענער פאַרקאַטשעט אַזש די אויגן.

פרייט זיך „פאַיטינג־גלאָווס", וואָס ער איז אָפּגעקומען אַזוי לייכט, און די שיך מאַנט מען אויך ניט ביי אים צוריק. איז גוט כאָטש, וואָס ער האָט אַ פּאָר אייגענע גאַנצע שיך. אַמעריקע איז גרויס, וועט ער שפּאַנען.

ער לאָזט זיך אַרויס אינדרויסן. ס'איז נאַכט. ער בלייבט שטיין אינמיטן טראָטואַר, אַ פאַרלוירענער, קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן, ווי איינער וואָלט געזאָגט: „וואוהין זאָל איך זיך שוין ווענדן, און וואוהין זאָל איך זיך שוין קערן?" ער לאָזט זיך צו דער ריכטונג פון בראָדוויי. אַ הפקרדיג־בעטלערישער שפּאַנט ער זיך, דער אַמאָליגער מלך...

# דאָס גרויסע פֿאַרברעכן

זי וויל ניט קוקן אויף אים, די אַריסטאָקראַטישע פֿרוי פֿון פּאַרק עוועניו, אַזוי נידעריק געפֿאַלן איז ער אין אירע אויגן.

ס׳איז נאָך פֿרי. דער ריכטער איז נאָך ניטאָ און די רעפּאָרטערס מיט זייערע קאַמעראַס „שיסן" בילדער פֿון דעם דאָזיגן „נידעריק־געפֿאַלענעם". און זיי זײַנען זיך גאָר מחיה מיט דעם שטיקעלע סענסאַציע.

ווי אַזוי זיי דערשמעקן דיר, די רעפּאָרטערס, אַ שטיקעלע טשיקאַווע נײַעס! פֿון אַלע צײַטונגען זײַנען זיי געקומען צולויפֿן. די מערסטע פֿון זיי מיט הונגעריקע אויסגעצויגענע העלזער: הונגעריק נאָכן „ריכטיקן" שטיקעלע נײַעס.

די אַריסטאָקראַטישע פֿרוי זיצט אַזוי קאָרעקט־גלײַך, אַז ס׳ווײַזט זיך אויס, אַז זי איז בלויז אַ קוקלע פֿון ליים צי פֿון גיפּס. נאָר אירע אַנט־ריסטעטע אויגן זאָגן עדות, אַז זי לעבט נאָך ברוך־השם.

דער אויפֿזעער פֿון אַריסטאָקראַטישן הויז אויף פּאַרק עוועניו זיצט לעבן דער פֿרוי. זײַן געגאָלטע מאָרדע שוויצט. זײַנע בעקלעך זײַנען רויט און טריפֿן אויך צוביסלעך טראָפּנס שווייס. זײַנע קלײנע גרויע אייגעלעך — שמאָל. דאָס גאַנצע ביסעלע באַוואוסטזײַן רירט זיך דאָרטן אין וואַסערל פֿון די שמאָלע אויגן.

דער „נידעריק־געפֿאַלענער" האָט הנאה, וואָס מען נעמט פֿון אים בילדער. ער לאָזט זיך נעמען בילדער אין אַלע פּאָזעס. און אין אַלע פּאָזעס דאַרף ער זײַן אָן אַ רעקל. פֿאַרוואָס גראָדע אָן אַ רעקל? מסתמא האָט דאָס אַ גרויסע באַדײַטונג אין דעם פּראָצעס.

איך פֿרעג בײַ דער אַריסטאָקראַטישער פֿרוי, וואָס האָט יענער אַזוינס געטאָן, וואָס מען נעמט פֿון אים בילדער? מעסט זי מיך אָפּ מיט חשד, ווײַל ווער ווייסט, אפֿשר בין איך ניט איר גלײַכן, און זי קאָן זיך נאָך דער־נידעריגן, ווען זי וועט מיט מיר זיך אַרײַנלאָזן אין אַ געשפּרעך. ווײַזט אויס, אַז זי האָט טאַקע אויסגעפֿונען אין איר אָפּמעסטן מיך, אַז איך בין ניט פֿון איר גלײַכן, און זי האָט מיר טאַקע ניט געוואָלט ענטפֿערן. זי האָט צונויפֿגעפּרעסט די ליפּן, אויסגעצויגן דעם האַלז, ווי אַ גאַנער, און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ פֿון מיר. געפֿעלט דאָס מיר דווקא, וואָס מען וויל מיר ניט ענטפֿערן. וואַרט איך אויס אַ ביסעלע, דערנאָכדעם ריר איך זי אָן לײַכט בײַם אַרבל און פֿרעג זי נאָך אַמאָל, אַזוי איידל, די זעלבע פֿראַגע. ווערן אירע אויגן שלעכט און ווירדיק, רוקט זי זיך אָפּ אַ ביסעלע פֿון

מיר. מיט דעם אָפּרוקן זיך פון מיר האָט זי מיר, ווייזט אויס, געוואָלט אָנצייגן, אַז איך זאָל זיך שעמען, — איך, אַ גאָרנישט, אַ נישט, און באַלעסטיג מיט פראַגן אַזאַ געהויבענע פערזאָן ווי זי.

ער קומט אָן דער ריכטער. דער ריכטער, — מיט אַ ראָזעווען פּנים, מיט אַזוינע לייטישע גרויע אויגן, מיט אַזוינע פיינע דינע ערלעכע ליפּן. פון דעם זעלביגן טייג געקנאָטן, ווי די אַריסטאָקראַטישע פרוי.

דער „נידעריג־געפאַלענער" מענטש איז אַ יונגער אַמעריקאַנער בחור און לויט זיין מאַטעריעלער לאַגע געהערט ער גאָר צו דער זעלבער געזעלשאַפט, וואָס די אַריסטאָקראַטישע פרוי. אָבער פון איצט אָן און ווייטער וועט זי אים שוין ניט אָנערקענען. ער האָט אָפּגעטאָן זייער אַ מיאוסע זאַך.

אַ שיינער אַמעריקאַנער בחור. אַ געזונטע מאָרדע, אַ מוסקולעזער פּנים. אַ הויכער, אַ ברייטער, אַ תקיף, אַ קולאַק. אָבער פון דעם סאָרט קולאַקעס, וואָס האָבן זיך זייערע אייגענע קאַפּריזן — און גייט טוט זיי עפּעס.

די אַריסטאָקראַטישע פרוי דערציילט וועגן דעם שוידערלעכן פאַרברעכן, וואָס יענער איז באַגאַנגען. זי רעדט אויך אונטער דער נאָז און פּיעשטשעט זיך מיט ווערטער.

יאָ, דער דאָזיגער יונגערמאַן איז באַגאַנגען אַ שוידערלעכן פאַרברעכן. ער האָט געוואָגט אַריינצוקומען אין פּאַסאַזשיר־עלעווייטער, וואָס אין זייער הויז אויף פּאַרק עוועניו, וואו עס וואוינען בלויז מענטשן מיט רעפּוטאַציע, אין זייער אַ שענדלעכער פּאָזיציע, נעמלעך: אָן אַ רעקל, בלויז אין זיין אויבער־העמד. יאָ, יאָ, דער אויפזעער פון הויז קאָן דאָס באַשטעטיגן. דער עלעווייטאָר־באַדינער קאָן דאָס אויך באַשטעטיגן. שטעלט אייך פאָר: — אָן אַ רעקל, בלויז אין זיין ווייסן אויבער־העמד.

ער שטייט איצט אויך, ווי אויף צו־להכעיס, אין דער זעלביגער שענדלעכער פּאָזיציע. טאַקע אָן דעם רעקל. בלויז אין ווייסן העמד. ס'איז אַ זיידן העמד, וואָס האָט דעם ווערט אפשר פון פופצן דאָלער.

דער יונגערמאַן וואוינט אין דעמזעלביגן הויז, און ער האָט געבראַכט אַ גרויסן לאָיער מיט זיך. וואָס הייסט? מען וועט אים גאָר גיין פאַרווערן אַזאַ זאַך? ער וועט זיך לאָזן קאָסטן אַן אוצר — און זיינס אויספירן. ער איז אַ ספּאָרט, דער יונגערמאַן. קאַמף איז קאַמף.

דער אויפזעער פון דעם הויז האָט אויך געבראַכט מיט זיך אַ גרויסן לאָיער. און די לאָיערס פוןביידע צדדים פעכטן צווישן זיך זייער היים און אָנגעשטרענגט. איינער דאַרף באַווייזן, אַז אָן אַ רעקל איז מיאוס און שענדלעך, און ס'איז אַ פּאַטש אין פּנים דער איידעלער געזעלשאַפט. דער

צווייטער דאַרף באַווייזן, אַז פאַרקערט. אַ סימן: דער מעיאָר לאַגוואַרדיע אַליין זיצט אין זיין אָפּיס אָן אַ רעקל.

אפשר העכער אַ שעה האָט פאַרנומען דער געפעכט. אין קאָרידאָר האָבן דערווייל געוואַרט צענדליגער אָנגעקלאָגטע: בעטלער, טרעמפּס און פּעדלער. אַ טייל פון זיי האָבן אַרויסגעשטעקט נייגעריגע פּנים'ער דורך דער טיר און זיך צוגעהערט צו דעם בייז־וואַונדער. אָן אַ רעקל צו מיט אַ רעקל — וואָס איז לייטישער? און זיי גייען גאָר אַלע אָן רעקלעך, מיט שמוציגע שווייסיגע העמדער. זיי זיינען שוין, ווייזט אויס, די אמת'ע „געמיינע" מענטשן, אַז זיי גייען אַלן אָן רעקלעך.

דער ריכטער האָט זייער ערנסט גענומען דעם ענין. ער האָט אויס־געפרעגט אַלע דעטאַלן. ער האָט זיך צוגעהערט צו די לאָיערס' רייד מיט גרויסע קלוגע פאַרשטענדלעכע אויגן. ער האָט טיף און ערנסט איבער־געוואויגן אין זיין קאָפּ פּאָר און געגן, און ענדלעך האָט ער זיך אַרויס־געזאָגט. זיין אורטייל איז געווען אַ מוסטער פון גרויסער באַהאַוונטקייט אין די געזעצן פון אָן אַ רעקל צו מיט אַ רעקל. אָבער פאַר'משפּט'ן פאַר אַזאַ זאַך האָט ער ניט געקאָנט. „אמת טאַקע" — האָט ער געזאָגט — „אָן אַ רעקל אין אַזאַ הויז איז אַ פאַרלעצונג פון אָנשטענדיגקייט, אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט געדאַרפט זיין אָנגעשריבן אויפן עלעווייטער: „אָן אַ רעקל איז פאַרבאָטן". אַזוי ווי אָבער ס'איז ניט געווען אָנגעשריבן, איז דעריבער מאַכט ער בטל די קלאַגע.

נו, האָבן די רעפּאָרטערס ווידער „געשאָסן" בילדער, ווען יענער האָט געהאַלטן ביים אַרויסגיין פון געריכט־הויז, און די אַריסטאָקראַטישע פרוי האָט מיט גרויס ווירדע אַ זאָג געטאָן צום אויפזעער, אַזוי אַז דער ריכטער זאָל הערן:

— באַלד וועט שוין אין ניו יאָרק אוממעגלעך זיין פאַר אַ לייטישן מענטשן צו וואוינען.

און דער אויפזעער האָט זי באַדויערט, און ער האָט זי איידל געפירט אונטערן אָרעם, און זי אַרויסגעבראַכט אינדרויסן. איז צוגעפאָרן אַ גרויסער אויטאָמאָביל מיט אַ שוואַרצן שאָופער און אַוועקגעפירט די „לייטישע" פרוי, וואָס קען נעבעך ניט געפינען קיין גערעכטיגקייט אין די ניו יאָרקער געריכטן...

# וואוהין זאָלן זיי גיין?

זיי שעמען זיך ביידע, מאַן און ווייב. דער יונגער מאַן טראָגט אויף די הענט אַ קליין עופה'לע אין אַ ראָזעווער צעריסענער קאָלדרע. די יונגע ווייב פירט פון ביידע זייטן צוויי קינדערלעך, אַ אינגעלע און אַ מיידעלע. דאָס אינגעלע אין אַ גרין היטעלע מיט לאַטעס, דאָס מיידעלע אָן אַ היטעלע, מיט פלאַקסענע שמוציגע הערעלעך.

די גאַנצע משפחה זעט אויס, ווי אַ משפחה קעץ, וואָס מען האָט ערשט ארויסגעשלעפּט פון אונטער אַן אויוון און זיי זיינען איינגעטונקען אין אַש. ווען זיי זאָלן זיך אַ צעטרייסל טאָן, וואָלט פון זיי אָנגעהויבן יאָגן וואָלקנס מיט שטויב.

מען האָט זיי טאַקע ארויסגעשלעפּט פון אונטער אַן אויוון, פון אַ קעלער אין אַ גרויסער געביידע. דאָרטן האָבן זיי געוואוינט אַלע פינף, פונקט ווי די קעץ.

די קינדערלעך זיינען ארומגעלאָפן אין פינצטערן קעלער. דאָס עופה'לע איז ארומגעקראָכן דאָרטן אויף אַלע פיר. אָבער מען האָט זיי „געפּאַקט", געבראַכט אין הויכן גערעכט-זאַל. זיינען זיי אַלע אריינגעקומען איינגעטונקען אין שמוץ.

אַ שפּאַנישער טאַטע און אַזוי יונג, אַז ער וואָלט אַליין גאָר געדאַרפט האָבן אַ מאַמען. האָט ער אָבער שוין אַ ווייב מיט דריי קינדערלעך. די ווייב זיצט אויף אַ בענקל און האַלט אויף די הענט דאָס מיידעלע אָנעם היטעלע. דאָס אינגעלע מיטן היטעלע לאָזט זיך דערווייל איבערן גערעכט-זאַל מיט גרוים פאַרזיכטיגקייט, ווי אַן אַנטדעקער אין די ווילדערנישן פון אפריקע.

דער טאַטע זיצט אויך אויף אַ בענקל מיטן עופה'לע אין דער ראָזעווער צעריסענער קאָלדרע. אַז דער ריכטער הייסט אים שווערן, הויבט ער אויף זיין רעכטע האַנט, און אַז ער הויבט אויף זיין רעכטע האַנט, זעען אַלע, אַז די פּאַכווע איז צעטרענט. וואָס אַ שטייגער קען ער שוין שווערן מיט אַ צעטרענטער פּאַכווע?

— דו ביזט דער טאַטע?

— יאָ.

— דיינע דריי קינדער?

— מיינע.

— און דו פאַרדינסט גאָרניט?

— ניין.
— וואָס איז דיין אַרבעט?
— אַן איינבינדער.
— און וויפיל ביסטו אַלט?
— 24 יאָר.
— און וואו וואוינסטו?

ווייסט ער ניט וואו ער וואוינט. ווייל פריער האָט ער געוואוינט אין קעלער, האָט מען אים אַרויסגעוואָרפן, איז ער געזעסן אין דרויסן מיט זיין פאַמיליע. און ער קען דאָך ניט זאָגן, אַז זיין אַדרעס איז אינדרויסן. שעמט ער זיך. שווייגט און זאָגט שוין גאָרניט וואו ער וואוינט.

דאָס אינגעלע מיטן היטעלע האָט שוין אויסגעפּאָרשט דעם גאַנצן געריכט־זאַל און איצטער מאַכט ער „אַ״. ענטפערט אים דאָס מיידעלע אָנעם היטעלע אויך „אַ״. זאָגט ער ווידער „אַ״ און אַז דאָס שוועסטערל ענטפערט ניט אַזוי גיך „אַ״, וואַרט ער און וואונדערט זיך, וואָס זי ענט־פערט ניט „אַ״. און אַז זי ענטפערט, צעשמייכלט ער זיך און מאַכט שוין ווידער „אַ״. דאָס איז אַ שפּיל אַזאַ, וואָס ער האָט אויסגעטראַכט גלייך אויף דער מינוט, און וואָס זיין שוועסטערל האָט גלייך פאַרשטאַנען, ניט צונויפרעדנדיג זיך, די באַדייטונג פון דער שפּיל. פּונקט ווי פייגעלעך אויף אַ בוים, וואָס רופן זיך איבער דורך איין קלאַנג.

הייסט דאָס, אַז דער אַדרעס פון דער פאַמיליע איז אינדרויסן, אויף אַ שטיינערדיגן טראָטואַר לעבן אַ גרויסער געביידע מיט אַ קעלער. זיינען אין דער געביידע פאַראַן אַ סך שטאָק, אין אַלע שטאָק — גרויסע פענצטער מיט פאָרהאַנגען, מיט בלומען־טעפּ. גראַדע איז דעם טאָג ניט געגאַנגען קיין רעגן. די זון האָט געשיינט.

די מאַמע זיצט מיט אויגן פול מיט טרערן. די טרערן רינען ניט אַראָפּ, בלויז די ווייסלעך זיינען אָנגעזאָפּט.

פון דעם ריכטער שמעקט מיט פרישקייט פון זיין זויבער־ריינעם אָפּגעראַזירטן פּנים, און פון זיין שניי־ווייסער אויבערהעמד. דעם ריכ־טער׳ס פּנים איז רויטלעך. ער איז שוין איבער די מיטעלע יאָרן, אָבער זיינע אויגן שיינען פרישער און יונגטלעכער פון דעם טאַטן, וואָס איז קוים 24 יאָר אַלט.

אַן איינבינדער איז דער טאַטע, ניט קיין ריכטער. איז ער בלאַס, ווי אַ קראַנקער אין אַ שפּיטאָל, און האַלט דאָס עופּה׳לע אין דער ראָזעווער צעריסענער קאָלדרע און וויגט דאָס. עס האָט זיך ערשט אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט זיך דאָס צעוויינט.

דער מאַן, וואָס האָט זיי געבראַכט אין געריכט, דערציילט שוין די גאַנצע מעשה:

ער האָט געקראָגן אַ טעלעפאָן־רוף פון לענדלאָרד, אַז אַ משפחה זיצט אויף דער גאַס, לעבן זיין הויז, און ס'איז טאַקע אַ רחמנות, אָבער ס'איז ניט באַקוועם פאַרן הויז, ווייל דאָס הויז איז פון די פיינערע, און אַ בעסערער קלאַס מענטשן וואוינט דאָרטן. דער מאַן איז פון דער קינדער־געזעלשאַפט, וואָס דאַרף זיין גוט צו די קינדער. איז ער געקומען און טאַקע געטראָפן די פאַמיליע אויפן טראָטואַר, האָט ער זיי געבראַכט אין קינדער־געריכט, און לאָז דער ריכטער זאָגן, וואָס זאָל געטאָן ווערן צו זיי.

דער מאַמען האָט דאָס האַרץ געזאָגט, אַז מיט אירע קינדער וועט באַלד עפּעס טרעפן. האָט זי איבערגענומען דאָס עופה'לע אויף אירע הענט, צוגערופן דאָס אינגעלע און זיי געהאַלטן אַלע דריי לעבן זיך.

דערנאָכדעם איז דאָס שוין זייער לייכט צוגעגאַנגען. דער ריכטער האָט נאָך געפרעגט עטלעכע פראַגן וועגן יוצא־וועגן און געזאָגט אַזוי לייכט, אַז מען וועט די קינדער צונעמען. אַלע דריי, דאָס עופה'לע אויך.

די מאַמע האָט אויפגעציטערט און די טרערן, וואָס האָבן זיך פריער נאָך געהאַלטן אין די ווייסלעך און ניט גערונען, האָבן איצט אָנגעהויבן זיך אַראָפּצולאָזן. דער בלאַסער יונגער טאַטע האָט פאַרדעקט זיין פּנים מיט די הענט.

דערנאָכדעם האָט די מאַמע געקושט אירע קינדער, אָבער וויפיל זי האָט געקושט האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז ס'איז ווינציג. זי האָט זיי אויסגעקושט מיט טעם, מיט אַ שמאַטשקע פון די ליפּן.

האָט מען אַלע קינדער צונויפגענומען און אוועקגעפירט, און זיי ביידע, דער יונגער טאַטע מיט דער יונגער מאַמען, זיינען אַרויסגעגאַנגען מיטליידיגן. און זיי האָבן איצט גאָר אַליין אויסגעזען ווי צוויי קינדער, וואָס זיינען פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן און האָבן ניט וואוהין צו גיין.

וואוהין זאָלן זיי טאַקע גיין?

# „סוויט־האַרט״

די מענטשן־קינדער, וואָס וואוינען אין דער פינצטער, געבונדן צו דער אָרימקייט און צו דער נויט...

די מענטשן־קינדער זיינען:

אַ דייטש מיט זיין פרוי, און זיי קומען איצט ביידע אַרויף צו דער ליכטיגער וועלט פון די טיפעניש פון אַ קעלער.

דער דייטש וויינט, און אַלע אין געריכט־זאַל לאַכן פון דעם, וואָס אַ מאַן וויינט. אַז ער האָט געשלאָגן דאָס ווייב, אַז ער וויינט.

האַ, האַ, האַ! — אַפילו דער ריכטער לאַכט אָפּ פון אים.

דעב ריכטערס נאָזלעכער זיינען פאַרמאַכט. אַקוראַט, ווי עמיצער וואָלט זיי פאַרקלעמט אין אַזאַ מין קלעמערל. און דערנאָכדעם, אַז מען האָט שוין צוגענומען דאָס קלעמערל, זיינען די נאָזלעכער שוין אַזוי פאַר־בליבן צוגעשלאָסן. די גאַנצע נאָז אין אַלגעמיין איז אַ דינע און אַ לאַנגע, זיין פּנים איז אויך אַ לאַנגס.

דער דייטש וויינט, און זיין פּנים איז צעגראַבלט, און זיין העמד איז צעריסן.

— וואָס בּיקעסטו? — פרעגט דער ריכטער.

— איך האָב ניט געמיינט. זאָל מען מיר מיין האַנט אָפּשניידן. איך האָב זי ליב.

דער עולם לאַכט ווידער, וואָס ער זאָגט, אַז ער האָט זי ליב. און די ווייב, וואָס ער האָט ליב, האָט שוין קיין טראָפּן בלוט ניט אין איר לייב. וויפיל איז זי אַלט?

מען קען ניט באַשטימען. די האָר אויף איר קאָפּ האָבן געדאַרפט זיין ליכטיג, האָבן זיי ניט קיין גלאַנץ, אויסגעלאָשענע האָר. די אויגן האָבן געדאַרפט זיין בלוי, איז די בלויקייט פאַרלוירן געגאַנגען אין דער פינצטערניש פון קעלער. קוקן איצט אויס אירע אויגן, ווי ביי אַ מענטשן, וואָס האָט די הינער־בלינדקייט. זי האָט ניט קיין האָר אויף די ברעמען, צוויי דינינקע פּאַסיקלעך איבער אירע אויגן.

דער דייטש האָט נאָך אַ ביסל קאָליר אין זיינע באַקן. די צען יאָר, וואָס ער האָט געוואוינט אין פינצטערן קעלער, האָבן נאָך ניט אָוועק־געריבט ביי אים די גאַנצע פאַרב. און ווייל ער האָט נאָך דאָס ביסל קאָליר אין פּנים, קוקט ער אויס ווי אירער אַ זון. אַ יונגער זון, אויף וועמען די מאַמע האָט זיך צעבייזערט און וויל אים אַרויסטרייבן פון הויז. האָט ער ניט וואוהין צו גיין, ציטערט ער מיט אַלע אברים.

זי איז אַ דזשעניטאָרין פון אַ גרויסן מאָדערנעם אַפּאַרטמענט־הויז, און ער האָט איר צוגעהאָלפן. זיי האָבן ביידע געוואוינט אין קעלער. צען יאָר געוואוינט, זיך געלעבט ווי טייבעלעך, און געווען „גליקלעך".

אַזוי דערציילט מאַקע דער דייטש וועגן זיין „גליק" פאַר די גאַנצע צען יאָר, כדי צו רירן דעם ריכטער'ס האַרץ, און אָפּקערן די שטראָף פון זיך. און מיינען מיינט ער, אַז די שטראָף וועט זיין אַ געוואַלדיגע, מען וועט אים אפשר אַריינזעצן אויף זיין גאַנץ לעבן. און אַז ער האָט זי גאָר ליב! און כדי צו ווייזן, אַז ער האָט זי ליב, גיט ער זי אַ גלעט איבער דער האַנט. נעמט זי צו די האַנט מיט בייזקייט, און דער עולם לאַכט ווידער.

דער עולם „ענדזשאָיעט" זיך שוין זייער פיין, און אַלץ אַ דאַנק דעם ריכטער, דעם וויצלינג, וואָס האָט באַשאַפן אַזאַ טאָג.

— פון ליבע אַזוי שלאָגסטו זי, הע? — פרעגט דער ריכטער מיט חוזק, און דער עולם דערקענט דעם חוזק און מען לאַכט און מען פרייט זיך, וואָס אַלע צוזאַמען, דאָס הייסט דער עולם מיטן ריכטער אינאיינעם, זיינען אַזוי קלוג.

— ס'ערשטע מאָל אין מיין לעבן זי געשלאָגן, — שווערט זיך דער דייטש און לייגט אַ האַנט אויפן האַרצן.

— ס'ערשטע מאָל, אָבער דערפאַר איז דאָס שוין געווען זייער אַ גוטער דזשאַב. — וויצלט ער זיך, זיין כבוד, דער ריכטער.

— כאַ, כאַ, כאַ! — ברעכט אויס דער עולם אין אַ פרישן געלעכטער, און מען באַקומט אים ליב, דעם ריכטער מיט די צוגעפרעסטע נאָזלעבער.

ער האָט איר דערלאַנגט אין בויך אַריין, איז זי פיר שעה געווען באַוואוסטלאָז, און איצטער טוט איר נאָך אַלץ ווי דער בויך, — אַזוי דערציילט זי פאַרן ריכטער.

— פאַרוואָס האָסטו זי געשלאָגן אין בויך אַריין? — ווערט ער מיט אַמאָל שטרענג, דער ריכטער.

— זי האָט ביי מיר געוואָלט אַרויסכאַפּן ס'פלעשל, — פאַרענטפערט זיך דער דייטש מיט אַ וויינענדיג קול.

— ער פאַרטרינקט אונזערע ווערדזשעס, — קלאָגט זי זיך, די ווייב, און האַלט זיך ביים בויך.

— פאַרוואָס טרינקסטו?

דער דייטש שווייגט און ענטפערט ניט.

— פאַרוואָס טרינקסטו? — איז צודרינגלעך דער ריכטער.

— איך קען ניט אויסהאַלטן, — צעוויינט זיך באַנייעס דער דייטש.

— וואָס קענסטו ניט אויסהאַלטן? — פאַרשטייט ניט דער ריכטער.

— איך בין פּונקט ווי אַ מויז אין איר נאָרע. זי וואַשט די טרעפּ, און איך, אונטן, ליג לעבן אויוון. מיר וואוינען דאָרט אין קעלער, אין דער פינצטער.

— גייט מען אַרויס אויף דער ליכטיגקייט, — גיט אים דער ריכטער אַן עצה.

— וואָס־זשע וועל איך דאָרטן טאָן? — וואונדערט זיך דער דייטש.

— ער וויל ניט אַרבעטן, איך מוז אַליין טאָן די גאַנצע אַרבעט, — קלאָגט זיך די דייטשקע פאַרן ריכטער.

— הייסט דאָס: דו ווילסט זיך לעבן ווי אַ דזשיגאָלאָ? — מאַכט דער ריכטער, און ווייסט באַלד אויפן אָרט, אַז דער עולם וועט גאָר אָנקוועלן פון אַזאַ זאָג.

ער האָט געטראָפן, דער קלוגער ריכטער. דער וויץ האָט געמאַכט דעם גרעסטן „היט" (רושם). אַ דזשיגאָלאָ. די דזשעניטאָרין האַלט זיך אויס אַ דזשיגאָלאָ, כאַ, כאַ,כאַ.

— נו, וואָס זאָל איך טאָן מיט דיין מאַן? — איז דער ריכטער אויפגעלייגט צוליב דעם גרויסן דערפאָלג, וואָס ער האָט געמאַכט צווישן עולם.

זי, הייסט דאָס, דאַרף באַשטימען דעם גורל פון איר מאַן. קוקט ער צו איר מיט בעטנדיגע, ליבנדיגע אויגן, אָבער זי קערט זיך אָפּ פון אים. מאַכט ער אַ פּאָר טריט נעענטער צו איר און גיט אַ זאָג פול מיט צאַרטקייט צו איר:

— סוויט־האַרט!

כאַ, כאַ! דער דזשעניטאָר האָט געזאָגט „סוויט־האַרט" צו דער דזשעניטאָרין. כיכיקעט דער עולם.

ס'קומט אויס מאָדנע ביים עולם, וואָס אַ דזשעניטאָרין קען אויך זיין אַ „סוויט־האַרט". און געזאָגט האָט ער צו איר „סוויט־האַרט" מיט דעם אינטימען היימישן קלאַנג, וואָס נאָר זיי ביידע ווייסן פון דעם אין זייערע מאָמענטן פון ליבשאַפט.

און ער קען שוין, ווייזט אויס, איר שוואַכקייט. אָט דאָס דאָזיגע איינציגע וואָרט האָט ווייך געמאַכט איר כעס און מערער האָט ער שוין ניט באַדאַרפט. זי האָט אים מוחל געווען. זי האָט געזאָגט צום ריכטער, און האָט זיך עטוואָס פאַררויטלט, אַז זי איז אים מוחל.

דער דייטש האָט זיך אָפּגעווישט זיינע טרערן און האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט, ווי אַ פאַרליבטער, און האָט זי אַרויסגעפירט פון זאַל.

און דער עולם: כאַ, כאַ, כאַ! קוקט ווי דער דזשעניטאָר פירט זיין „סוויט־האַרט" ביי דער האַנט. כאַ, כאַ, כאַ...

# דער קעניג אין אַן איסט־סאַידער געריכט

— וואַרט אויס, כאַוועו־פּאַווער, גייט נאָך ניט אַוועק, — רופט זיך אָן צו מיר דער איבערזעצער, — אַט באַלד וועט מען אַריינברענגען גאָר א טשיקאַוון פויגל.

דאָס האָב איך זיך שוין געקליבן אַוועקצוגיין. קיין אינטערעסאַנטע פּראָצעסן זיינען עפּעס היינט ניט פאָרגעקומען. אָבער אז דער איבערזעצער זאָגט צו, אַז מען וועט באַלד אַריינברענגען א „טשיקאַוון פויגל", דאַרף מען שוין בלייבן. ער איז שוין העכער צוואַנציג יאָר אין דעם געריכט און האָט זיך שוין אָנגעזען און אָנגעהערט אין דעם דאָזיגן פּלאַץ.

— איר וועט באַלד אַליין זען, — שמייכלט ער צו מיר מיט זיינע קלוגעברילן, — דער קעניג אַליין.

— דער קעניג ? וועלכער קעניג ?—הויבט איך ניט אָן צו פאַרשטיין.

— דער קעניג פון אַלע קעשענע־גנבים, — מאַכט ער ערנסט. — א זעלטענע פּרוכט.

— איר מיינט דער אָנפירער פון אַלע קעשענע־גנבים ?

— ניין, ניט דער אָנפירער מיין איך. איך מיין אַן אויסערגעוויינלעכן מייסטער, א ווירטואָז. אַזוי ווי ער אַרבעט, קאָן שוין קיינער ניט אַזוי אַרבעטן. א מענטש, וואָס איז באַוואוסט אין אַלע פּאָליציייען פון גאַנץ אַמעריקע. אין פּאַריז שוין אויך געווען און גאַנץ פראַנקרייך האָט גע־קלונגען מיט אים. ניט נאָר איז ער א מייסטער מיט זיינע פינגער, ער איז אויך א מייסטער זיך אַרויסצודרייען פון א שטראָף. ער איז א איד. אָט וועט איר באַלד זען.

א מאַנסביל שוין אין די פופציגער, אָבער אַזאַ ספּריטנעקייט און יוגנטלעכקייט אין זיין סטראָינער פיגור. זיינע האָר אויפן קאָפּ שוין גרוי־לעך, אָבער אַן אַריסטאָקראַטישע גרוילעכקייט, וואָס גייט איבער אין אַזאַ מין בלוילעכקייט. בלוילעך־גרויע געקרייזלטע האָר מיט א הויכן שיינעם שטערן. אַזאַ שטערן פאַרמאָגט א גרויסער דענקער אָדער זייער א טאַלאַנט־פולער קינסטלער.

א הויכער, א שלאַנקער, זיין טונקל־ברוינלעכער מאַנטל זינגט אַזש אַראָפּ פון אים, אַזוי שיין קליידט דאָס אים. מיט אַזאַ לייכטקייט און גראַציעזקייט ליגט דאָס אויף זיינע פּלייצעס. זיינע הענט אַריינגעטאָן אין פיינע הענטשקעס פון א דינעם אַש־קאָלירנדיקן לעדער. דורך דעם דינעם לעדער שטאַלטעווען זיך אַרויס זעלטן־שיינע לאַנגע פינגער.

זיינע אויגן — אַ גרינלעכער שטאָל. די הויט פון פּנים — מאַט און אַ מין ווארעמע פאַרברוינטקייט. דער דינער האַלז זיינער האַלט שטאָלץ דעם קאָפּ אויף זיך. זיין יעדער דריי, זיין יעדער קער איז פול מיט גראַציעזקייט.

— וואָס זשע, מען האָט אים געפּאַקט ביי דער האַנט? — פרעג איך זיך אָן ביי מיין פריינט דעם איבערזעצער.

— ניין,— שמייכלט יענער,— אַזא מין פאַרשוין פּאַקט מען זעלטן ביי דער האַנט. נאָך וואָס־זשע דען, די שטראָף פאַר אַ קעשענע־גנב איז גאָר אַ באַזונדערע שטראָף. זיי, אַז מען כאַפּט, פאַרזעצט מען גראַדע ניט אויף לאַנג, העכסטנס צוויי יאָר. אָבער דערפאַר ווען זיי זיינען אויף דער פריי, האָבן זיי אַ סך באַשרענקונגען. ס׳זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן באַזונדערע געזעצן פאַר די קעשענע־גנבים, ווען מען לאָזט זיי אַרויס אויף דער פריי. אָט, צום ביישפּיל, אַ קעשענע־גנב, ווען ער גייט אויף דער גאַס, מוזן זיינע הענט שטענדיג זיין אָנגעטאָן אין הענטשקעס. די קעשענע־גנבים טאָרן זיך ניט באַווייזן אויף פּאַראַדן, אויף מיטינגען, אין געפּאַקטע סאָבווייס, אויף חתונות, און איבערהויפּט אין פּלעצער, וואו אַ מאַסע פאַרזאַמלט זיך. אַ באַזונדער אָפּטיילונג פון דעטעקטיווס איז געגרינדעט געוואָרן צוליב זיי. „פּיקפּאָקעט סקוואָד״ הייסט דאָס. די דעטעקטיווס פון דעם סקוואָד זיינען ספּעציעל אָנגעשטעלט אויף נאָכצושפּיאָנירן קעשענע־גנבים, אַז זיי זאָלן זיך אויפפירן לויט די פאַרשריבענע געזעצן. כאַפּט מען איינמאָל אַ קעשענע־גנב, און נאָכדעם וואָס ער זיצט אויס זיין שטראָף, שפּירט מען שוין אים נאָך זיין גאַנץ לעבן.

— אויב אַזוי, — דערוועקט זיך שוין אין מיר אַ רחמנות צו זיי, — קומט אויס, אַז זייער גאַנץ לעבן זיינען זיי שוין געפּענטעט, ווייל דאָ שטיי ניט, דאָ גיי ניט.

— ס׳איז אַלראַיט, — צעשמייכלען זיך יענעמס ברילן מיט אַזאַ ביטערער ליכטיגקייט, — זיי געפינען שוין אַן עצה ווי אַרויסצודרייען זיך. באַזונדערס אָט דער דאָזיגער פויגל. הערט אומישנע.

— איך האָב אים באַמערקט לעבן קאַרנעגי האָל, — דערציילט דער דעטעקטיוו, — האָב איך אים נאָכגעשפּירט.

— אָט דער דאָזיגער דעטעקטיוו, — לאָזט מיר דער איבערזעצער גלייך וויסן אין דער שטיל, — איז אַ מזיק צו די קעשענע־גנבים. ער איז באַרימט אין „פּיקפּאָקעט סקוואָד״ אַלס דער יעניגער, וואָס האָט געכאַפּט די גרעסטע צאָל קעשענע־גנבים. אויך אַ קינסטלער אין זיין פאַך.

ווערן שוין מיינע אויגן פאַרצויגן צום דעטעקטיוו׳ס פּנים: אַ מיטל־וואוקסיגער, ברייטע פּלייצעס, מיט אַזאַ אומשולדיגן אינגלשן פּנים. כמעט

אַן ערלעך פּנים. זיינע ברוינע אויגן סטאַרטשען אַרויס, ווי ביי אַ האָז. אַזוינע אויגן, וואָס שטענדיק קוקן זיי רק מיט פאַרדאַכט.

— האָב איך געזען, — דערציילט ווייטער דער דעטעקטיוו, — ווי אַ סך מענטשן גייען אַרויס פון קאַרנעגי האָל, און ער, דער באַשולדיגטער, שטופּט זיך דאָרטן, וואו עס שטראָמען מענגעס מענטשן. בין איך גלייך צו צו אים און אים אַרעסטירט.

ווען דער דעטעקטיוו האָט געהאַלטן אין אויסלייגן די קלאַגע, איז דער קעשענע־גנב געשטאַנען אַזוי שטאָלץ, מיט אַ פאַררייסענעם קאָפּ, אויס־געהערט די קלאַגע געגן זיך, ניט ווי אַ באַשולדיגטער, נאָר עפּעס ווי אַ פּראָקוראָר. שטרענג און קריטיש האָט ער געקוקט מיט זיינע שטאָל־גרינלעכע אויגן.

— קאָן איך אים שטעלן פראַגן ? — רופט זיך אָן דער אָנגעקלאָגטער, נאָכדעם ווי יענער האָט פאַרענדיגט די קלאַגע.

— אוודאי קענסטו שטעלן פראַגן, — מאַכט דער ריכטער, וואָס האָט געקוקט די גאַנצע צייט מיט פיל נייגעריגקייט אויף דעם דאָזיגן פאַרשוין.

— ווען דו האָסט מיך געזען לעבן אַרויסגאַנג ביים קאַרנעגי האָל, — פרעגט יענער דעם דעטעקטיוו מיט פיל שטרענגקייט און ווירדע, — זיינען מיינע הענט געווען אָנגעטאָן אין די הענטשקעס, צי ניט אָנגעטאָן ?

— אָנגעטאָן אין די הענטשקעס, — גיט יענער צו מיט אַן ערלעכער מינע.

— ווען איך בין אריין צווישן דער מענגע מענטשן, — מאַכט יענער נאָך שטרענגער, — האָסטו מיך געזען שטופּן מיין האַנט צו אימיצן אין קעשענע ?

— ניט געזען, — גיט יענער דאָס אויך צו.

— דאָס אַלעס, — ווענדעט ער זיך צום ריכטער מיט זעלבסט־גערעכטיגקייט. — ווי איר זעט אַליין, יור האָנאָר, האָט מען מיך אומ־שולדיג אַרעסטירט און איך פאָדער מען זאָל מיך גלייך באַפרייען.

— אָבער ער האָט דאָך דיך אַרעסטירט צווישן אַ מענגע מענטשן און לויטן געזעץ טאָרסטו זיך ניט געפינען צווישן אַ מענגע מענטשן אויף אַן עפנטלעכן פּלאַץ.

— איז דאָס דאָך אַ מעשה אָן אַן עק ! — מאַכט יענער מיט אַ טענה.

— אויף אַלע גאַסן כמעט אין ניו יאָרק זיינען דאָ אַזוי פיל מענטשן, כמעט מאַסן מענטשן, קומט אויס, אַז איך טאָר שוין ניט מאַכן קיין שפּאַן אויף דער פרישער לופט.

— ער האָט דיך ניט געפּאַקט גלאַט אַזוי אויף דער גאַס, — רעדט צו אים דער ריכטער כמעט ווי מיט אַפּשיי. — ער האָט דיך געפּאַקט לעבן

קאַרנעגי האָל, וואו הונדערטער מענטשן אויף אַמאָל פארזאַמלען זיך.

„באַי דהי וועי״, — גיט זיך דער ריכטער פלוצלונג א כאַפּ, — וואָס פלוצלונג האָסטו גאָר אינגאַנצן געדאַרפט האָבן לעבן קאַרנעגי האָל?

— וואָס מיינט איר, וו אָס איך האָב געדאַרפט? — באַליידיגט זיך שוין יענער. — איך בין א קולטורעלער מענטש, איך האָב ליב מוזיק, און גראַדע האָט דעמאָלט געשפּילט יאַשאַ חפץ און איך בין א גרויסער אַנ־הענגער פון דעם דאָזיגן מייסטער. איר האָט אַמאָל געהערט יאַשאַ חפץ?

— בייט יענער פלוצלונג איבער דעם טאָן אויף פריינטלעכקייט און אינטימקייט.

— געהערט, — שמייכלט דער ריכטער. — ניט איין מאָל און גראַדע אויף דעם קאָנצערט בין איך אויך געווען.

— געוועזן? — ווערט יענער גוואַלדיג אויפגעלעבט. — וואָס זאָגט איר אויף אים? גאָלדענע פינגער!

— מיר רעדן איצט ניט וועגן יאַשאַ חפץ, — כאַפּט זיך דער ריכטער, אז יענער פאַררעדט אים די ציין. — מיר רעדן איצט וועגן דער קלאַגע געגן אייך.

— אָבער אז די קלאַגע האָט ניט קיין גרונט, — מאַכט יענער מיט אַנטריסטונג. — איך האָב זייער ליב מוזיק. מוזיק איז מיין לעבן. איך גיי צו אַלע וויכטיגע קאָנצערטן. אין מיין היים האָב איך א זאַמלונג רעקאָרדס פון די גרעסטע מוזיק־מייסטער. עס וועט זיין די גרעסטע אומ־גערעכטיגקייט פון אייער זייט, אויב איר וועט מיך באַשטראָפן בלויז פאַר דעם, וואָס איך האָב אזוי ליב מוזיק. עס וועט כמעט זיין א באַרבאַרישער אַקט.

דער ריכטער שמייכלט. עס יאָוועט זיך עפּעס א ביטרעקייט אין זיינע אויגן. די ביטרעקייט באַדייט, אז אָט וועט ער אים פּאַקן.

— לויט דעם ווי איר גיט אָן, זייט איר געווען אין קאַרנעגי האָל, הערן יאַשאַ חפץ?

—ריכטיג, — מאַכט יענער שטרענג און ווירדיג.

— געדענקט איר אפשר די נומערן, וואָס יאַשאַ חפץ האָט געשפּילט?

— באַווייזט זיך אויפן ריכטער׳ס ליפּן אַזא שמייכל, וואָס איז שוין גרייט צו טריאומפירן.

— אוודאי געדענק איך, — מאַכט יענער מיט גרויס זעלבסט־זיכערקייט.

— וואָס זיינען די נומערן?

וואַרט יענער ניט לאַנג און הויבט אָן אָנצורופן יעדן נומער און פאַר־היקעט זיך אפילו ניט.

— נו, איר זעט, — צעלאַכט זיך דער איבערזועצער, נאָכדעם ווי דער ריכטער האָט בטל געמאַכט די קלאָגע געגן דעם קעשענע־גנב, און יענער האָט ניט געוואָרט קיין איין סעקונדע און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג מיט אַזאַ שטאָלצן גאַנג, מיט אויפגעהויבענע פּלייצעס, מיט שלאַנקייט און גראַציעזקייט, — איך האָב אייך געזאָגט, אַז ער איז ניט נאָר אַ מייסטער מיט די פינגער, נאָר אויך אַ מייסטער פון תירוצים. וואָס־זשע, איר גייט שוין, כאָווער־פּאַווער? קומט אַן אַנדערש מאָל, וועל איך אייך דערציילן זייער אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע וועגן אָט דעם פּאַרשוין...

# די פאַרגעסענע מאַמע מיט איר זון

אין נאַכט־געריכט האָט מען געבראַכט פון אַ ווייטן ווינקל פון ניו־יאָרק אַ אינגל פון פופצן יאָר מיט זיין מאַמען. זיי קומען פון אַ געגנט, וואו ס'ענדיגט זיך די שטאָט, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם עק לעבן די אייזנבאַן־ליניעס.

דער אינגל שטייט אין קאָרידאָר, וואו מען האַלט די אָנגעקלאָגטע. ער קוקט אַרויס פון דאָרטן צו זיין מאַמען, וואָס זיצט אין געריכט־זאַל. זיין רייע צו שטעלן זיך פאַרן ריכטער קומט נאָך אַלץ ניט. קוקט ער די גאַנצע צייט אויף דער מאַמען, און די מאַמע קוקט אויף איר זון.

זיי זעען ביידע אויס, לויט זייער אָנטאָן, ווי אַן אָרימע מאַמע מיט איר אָרימען אינגל פון אייראָפּע. אַלע אין געריכט־זאַל זיינען אָנגעטאָן אין קליידער בעסערע אָדער ערגערע פון דעם אַמעריקאַנער שניט. דעם זונ'ס הויזן, שוואַרצע הויזן, זיינען ניט געקויפט געוואָרן אין אַ קראָם. די מאַמע האָט זיי, ווייזט אויס, גענייט און איבערגענייט, פאַרריכט און פאַרלאַטעט. אירע אייגענע קליידער האָט זי, ווייזט אויס, אויך אַליין גענייט און איבערגענייט. די סחורה שטאַמט פון אָפּפאַל, פון די גרויסע מיסט־בערג אונטער דער שטאָט. דעם אינגל'ס גרוי רעקל איז צו־לאַנג אויף אים און די פאָלעס זיינען צעשפּיליעט, זעט זיך אַרויס דאָס אונטער־העמדל, אַן אונטער־העמדל, וואָס דעקט צו אַ קינדערש אָפּגעצערט לייב. די מאַמע טראָגט אַ שאַל אויף די פּלייצעס, און דער שאַל שטאַמט אויך, ווייזט אויס, פון די אָפּפאַל־בערגלעך. אַ בירגערין פון ניו יאָרק האָט אים אַוועק־געוואָרפן. ער האָט איר שוין ניט געטויגט. האָט די מאַמע אים אַנטדעקט צווישן די הויפנס, אים אויסגענייט און פאַרריכט לויט איר געשמאַק און קענטעניש. האָט זי איצט אַ שאַל.

די מאַמע און אינגל זעען קיינעם ניט אַרום און אַרום. זיי זיינען פאַר־נומען מיט קוקן איינער אויפן אַנדערן. זיי דרייען ניט אַוועק די קעפּ אַפילו אויף אַ סעקונדע, אַקוראַט ווי יעדער פון זיי האָט מורא געהאַט, אַז אויב מען וועט חס־וחלילה זיך אַוועקדרייען און דערנאָכדעם צוריק זיך אומקערן, וועט איינער דעם צווייטן שוין מער ניט טרעפן.

אַרום איינס אַזייגער ביינאַכט. דער געריכט־זאַל איז שוין ליידיג. אַלע אָנגעקלאָגטע זיינען שוין פאַרבייגעגאַנגען פאַרן ריכטער. דער אינגל איז שוין געווען דער לעצטער. ער האָט זיך געשטעלט פאַרן ריכטער. אַ אינגל מיט טיפע, שוואַרצע אויגן פול מיט שרעק פאַר דעם אומבאַוואוסטן

און פּרעמדן. די מאַמע מיטן שאַל אויף די פּלייצעס האָט זיך אויך גע־שטעלט לעבן אים. דער אייזנבאַן־דעטעקטיוו איז שוין געווען אומצופרידן פון דער גאַנצער געשיכטע. ווען ער זאָל געוועון ווייסן, אַז ס'וועט געדויערן אַזוי לאַנג, און אַז ער וועט אַזוי לאַנג וואַרטן אין געריכט און זיך געבעך אַזוי שטאַרק אויסמאַטערן, וואָלט ער אפשר איינגאַנצן פאַרבייגעלאָזן דעם אינגל. אים געדאַרפט געבן אַ פּאָר סטוסאַקעס, אויסלײדיגן דאָס זעקל מיט קוילן און שוין. נו, האָט זיך אים פאַרגלוסט זיי ברענגען צו שלעפּן אַהער.

פאַרן לײדיגן געריכט־זאַל, פאַר דעם פאַרשלאָפענעם ריכטער און די געריכט־באַאַמטע ווערט דערציילט אַ געשיכטע פון אַ מאַמע מיט אַ זון, וואָס וואוינען אין אַ פאַרלאָזן וועכטער־ביידל עט ווייט, דאָרטן וואו ניו־יאָרק ענדיגט זיך שוין. זיי האָבן גאָרניט און קיינעם ניט אויף דער וועלט. זיי דערהאַלטן זיך פון אויפקלייבן. אַלע טאָג לאָזט זיך די מאַמע מיטן זון צום אָפּפאַל קלייבן. מען פאַרבלאָנדזשעט אָפטמאָל אין גערטנער און הויפן און מען בעטלט. אין הויף פון די אייזנבאַן־ליניעס האָט דער אינגל געקליבן קוילן. די מאַמע איז געשטאַנען פון יענער זייט פּלויט און געוואַרט.

דער ריכטער קען נאָך אַלץ ניט פאַרשטיין, וואָס הייסט זיי האָבן גאָר־ניט און וואָס הייסט זיי האָבן קיינעם ניט.

— דיין מאַן ?

— געשטאָרבן מיט צוויי יאָר צוריק.

— וואו האָט איר פריער געוואוינט ?

— אין די בראָנקס.

— גייט דיין קינד אין שול ?

— ניין.

— וואָס הייסט, ער וואַקסט דאָך אויס אומוויסנד ?

דערויף ענטפערט די מאַמע גאָרניט.

— און וואו האָט איר ווינטער געוואוינט ?

— אויך דאָרטן.

— האָסטו ניט קיין פריינט ?

— ניין.

— וואָס פּלוצלונג איז דיר איינגעפאַלן זיך פאַרקלייבן אַהין ?

— אָט אַזוי.

די געריכט־באַאַמטע זיינען אומגעדולדיג. זיי ווילן שוין פאַרשליסן דאָס הויז און דאָ, ביי דעם ריכטער, האָט זיך פּלוצלונג צעשפּילט די נייגעריגקייט.

— האָסט דאָך געקענט לעבן פון האָום־רעליף ?

ווייסט ניט די מאַמע, וואָס איז אַזוינס האָום־רעליף. זי האָט ניט

געהערט פון דעם. וואָס זי וויל נאָר איז, אַז מען זאָל איר אינגל באַפרייען. עס איז ניט זיין שולד. עס איז איר שולד. זי האָט אים געשיקט צו קלייבן די קוילן.

דער ריכטער זאָגט, אַז ער וועט פאַרהאַלטן דעם אינגל און אים איבערשיקן צום קינדער־געריכט. ווייסט ניט די מאַמע וואָס צו טאָן פון גרויס פאַרצווייפלונג. זי בעט זיך אַפילו ניט ביים ריכטער, אַז ער זאָל אים אָפּלאָזן. זי פאַרברעכט מיט די הענט. זי נעמט דאָס אָן ווי אַן אומ־פאַרמיידלעכע זאַך. זי זאָגט גאָרניט, דרייט זיך אויס און זעצט זיך אַנידער צוריק אויף איינעם פון די בענקלעך אין געריכט־זאַל. דעם אינגל פירט מען אַוועק. דער ריכטער גייט אויך אַוועק. מען לעשט אויס די ליכט. איינער קומט אָן מיט אַ בעזים. די מאַמע זיצט נאָך אַלץ. די געריכט־אָנגעשטעלטע צעגייען זיך. פאַרן אַוועקגיין זאָגט מען איר, אַז זי דאַרף אויך פאַרלאָזן דאָס פּלאַץ. הויבט זי זיך אויף און גייט אַרויס.

איך גיי אויך אַרויס. זי שטייט אינדרויסן. זאָגט איר אַ פּאָליסמאַן זי זאָל ניט שטיין, לאָזט זי זיך גיין. גייט פון גאַס צו גאַס. איך וויל זי אָפּשטעלן, האָט זי מורא פאַר מיר און איילט אַוועק. קוק איך איר נאָך, ביז זי ווערט פאַרלוירן...

# ער ווייסט ניט וואָס עס הייסט „גערוויסן"

די גאַנצע צייט, וואָס דער גערעכט איז אַנגעגאַנגען, איז דער נעגער געשטאַנען אויף דער שוועל פון דער טיר, וואָס טיילט אָפּ דעם געפענגעניש־צימער פון געריכט־זאַל. ער האָט מיט גרויסע קינדערשע אויגן געקוקט אויפן ריכטער, וואָס איז אַזאַ קלוגער און אַזאַ וואַזשנער. אַ גרויסער באָס. דער גרעסטער באָס פון אַלע. ער זעט, ווי אַלע האָבן מורא פאַר אים, אַפילו די פּאָליסלייט. זיי שטייען פאַר אים אויסגעצויגן, אַזוינע פיינע און סטאַטעטשנע מענטשן.

אַלע מאָל, ווען דער ריכטער האָט אָפּגע'פּטר'ט אַ פּראָצעס און האָט אויסגעשריען: „נעקסט", האָט דער נעגער געמיינט, אַז דאָס מיינט מען אים, און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום טיש. אָבער אַלע מאָל האָט דער „נעקסט" געמיינט ניט אים, און מען האָט אים געזידלט דערפאַר, און מען האָט אים געמאַכט מיט דער בלאַטע צוגלייך.

וואָס־זשע זאָל טאָן אַן אָרעמער מענטש, וואָס פאַלט אריין צווישן וועלף? האָט ער אַראָפּגעלאָזט די פּלייצעס און אַן אונטערטעניגער זיך געגאַנגען צו זיין פריערדיגן פּלאַץ, ביז מען האָט ווידער געשריען: „נעקסט" און ער האָט זיך ווידער געלאָזט צום טיש, און מען האָט אויף אים ווידער געשריען.

דערפאַר אָבער, אַז דער ריכטער האָט אַ געשריי געטאָן: „נעקסט", און דער „נעקסט" האָט שוין געמיינט אים, האָט ער שוין ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן, און האָט זיך שוין ניט געלאָזט צום טיש, ביז מען האָט אים ווידער געזידלט און גראָב אים אַ צי געטאָן ביים אָרבל.

מילא, אַז מ'האָט אין איין זידלען און שעלטן, ווערט ער נאָך מער אונטערטעניג און לאָזט זיך שוין צום טיש און שטעלט זיך פאַרן ריכטער אין גרויס געפּאַלנקייט.

עס שטעלט זיך אויך לעבן אים אַ פּאָליסמאַן און אַ ווייסער דזשענטל־מאַן. דער ווייסער דזשענטלמאַן, אַ קליין־געוואוקסיגער איטאַליענער מיט זייער אַן אומצופרידן און געקנייטשט פּנים. ער איז אומצופרידן, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג געדאַרפט וואַרטן. ער איז אומצופרידן, וואָס די גאַנצע קלאָגע האָט גאָר ניט די ווערט, און ס'וועט אים סיי־ווי־סיי גאָרניט אַרויס־קומען, ווען אַפילו מ'וועט דעם נעגער באַשטראָפן. אָבער אַז ער שטייט שוין יאָ פאַרן ריכטער, דערוועקט זיך אין אים די גאַנצע ביטערקייט געגן דעם יעניגן, וואָס האָט אים פאַרשאַפט אַזוי פיל עגמת־נפש, און ער נעמט איצטער נקמה.

— ס'קומט אריין צו מיר אין רעסטאָראַן, — הויבט ער אָן מיט אַ גאַליג שטימעלע, — דער דאָזיגער מאַן, זעצט זיך אַנידער ביים טיש און

הייסט זיך דערלאַנגען עסן. פרעגט מען אים, וואָס ער וויל אַזוינס, ענט־פערט ער, אַז ס'איז אים ניט קיין אונטערשייד. דערלאַנגט מען אים אַ גרעיפּ־פרוכט — ער איז ניט דאַגעגן. דערלאַנגט מען אים אַ סופּ — ער איז צופרידן. דערלאַנגט מען אים אַ סטעיק — ער זאָגט גאָרניט. דער־לאַנגט מען אים עפּל־סאָוס. ער עסט אויך אויף דעם עפּל־סאָוס. דערלאַנגט מען אים קאַפע מיט קעיק — ער זאָגט זיך ניט אָפּ אויך פון דעם. קומט צום באַצאָלן, זאָגט ער, אַז מען זאָל אים שלאָגן, ווייל ער האָט ניט קיין געלט.

ווען דער רעסטאָראַטאָר דערציילט אַזוי וועגן גרעיפּ־פרוכט, וועגן סטעיק און וועגן די אַלע איבעריגע זאַכן, קוקט אים דער נעגער אין מויל, אַ פאַרגאַפטער. ס'קומט ביי אים אויס, ווי אַ מעשה, וואָס איז געשען זייער לאַנג, ווער ווייסט מיט וויפיל יאָרן צוריק. ווייל איצטער איז שוין אַרום איינס אַזייגער שפּעט אין דער נאַכט. אַרעסטירט האָט מען אים אַרום 4 אַזייגער פאַרנאַכט. פון דעמאָלט אָן האָט ער זיכער גאָרניט געהאַט אין זיין מויל. קומט דאָס אויס ביי אים, די גאַנצע געשיכטע, ווי אַ ליגן, אָבער אַ שיינער ליגן, וואָס מען האָט ליב צו הערן.

— האָט איר אים געשלאָגן? — פרעגט דער ריכטער.

דער רעסטאָראַטאָר שווייגט. און אַז ער שווייגט, איז אַ סימן, אַז מ'האָט דעם נעגער גראָד יאָ געשלאָגן.

— וואָס האָסטו וואָס צו זאָגן? — פרעגט דער ריכטער ביים נעגער.

יענער שווייגט. ער האָט פּשוט מורא צו רעדן צו אַזאַ גרויסן באָס.

— ביזטו אַריינגעגאַנגען אין רעסטאָראַן?

— יאָ, — מאַכט ער מיט אַ הייזעריג קול. פון שרעק האָט ביי אים, ווייזט אויס, אויסגעטרוקנט די פליסיגקייט אין מויל.

— האָסטו געגעסן די אַלע זאַכן?

— יאָ, — ענטפערט ער, און שטרעקט אויס דעם קאָפּ, ווי ער איז גרייט ווידער זיך לאָזן שלאָגן, אויב זיי וועלן נאָר דאָס געפינען פאַר נויטיג.

— פאַרוואָס־זשע האָסטו ניט באַצאָלט פאַר דיין מאָלצייט?

שווייגט ער. ער האָט מורא גאָר אינגאַנצן צו רעדן.

— ענטפער, אַז מען פרעגט, — איז דער ריכטער בייז.

— איך האָב יאָ געוואָלט באַצאָלן, — ענטפערט ער מיט אַ הייזעריג קול.

— פאַרוואָס־זשע האָסטו ניט באַצאָלט?

— פאַרלוירן דאָס געלט, — ענטפערט ער ניט זיכער.

— האָסטו ניט געוואוסט, אַז דו האָסט פאַרלוירן דאָס געלט, איידער דו האָסט זיך געזעצט עסן?

ניין, ער האָט ניט געוואוסט. ער האָט גאָרניט געוואוסט. ער האָט אָפּגעגעסן און וויל באַצאָלן, טוט ער אַ קוק, ס'איז דאָ אַ לאָך אין דער קעשענע. ער דערציילט דאָס ווי איינער, וואָס ווייסט אַליין, אַז מע גלויבט אים ניט, אָבער דערציילן עפּעס מוז מען דאָך.

— ווייז דיין לאָך אין דער קעשענע.

אָט ביי די רייד ווערט ער שוין פריילעך, ווייל קיין געלט האָט ער טאַקע ניט, אָבער אַ לאָך אין דער קעשענע — דאָס, זעט איר, האָט ער גראַדע יאָ, און ער ווייזט דאָס דעם ריכטער זייער גערן. ער דרייט אויס די קעשענע פאַר אַלעמען אין די אויגן, שטופּט דורך אַ פינגער, און איז זייער שטאָלץ מיט דער לאָך אין דער קעשענע.

— האָסט גאָר ניט געוואוסט, אַז דו האָסט אַ לאָך אין דער קעשענע?

ניין, ער האָט ניט געוואוסט, און ער הויבט ווידער אָן איבערדערציילן די גאַנצע מעשה:

— איך גיי אריין, זעץ זיך עסן. אָפּגעגעסן, וויל איך באַצאָלן, טו איך אַ קוק — אַ לאָך אין קעשענע.

— וואָס זאָל איך טאָן מיט אים? — פרעגט דער ריכטער ביים רעסטאָראַטאָר.

— איך וויל מיין געלט, — טענה'ט דער איטאַליענער.

— וויפיל געלט?

— פינף־און־זעכציג סענט.

— קענסט אים באַצאָלן די פינף־און־זעכציג סענט?

— אפשר מאָרגן, — פינטלט דער נעגער מיט די אויגן.

— ווילסט וואַרטן ביז מאָרגן?

— לאָז זיין מאָרגן. אָבער פון וואַנען ווייס איך, אַז ער וועט מיר מאָרגן באַצאָלן?

— זאָל איך אים איינזעצן אין טורמע?

— וואָס וועט מיר אַרויסקומען? — איז דער רעסטאָראַטאָר זייער פּראַקטיש.

— גוט, — מאַכט דער ריכטער, — איך וועל דיך לאָזן פריי, אָבער דו זאָלסט באַצאָלן.

— יאָ, איך וועל באַצאָלן, — איז דער נעגער פריילעך, וואָס מען וועט אים לאָזן פריי.

אָבער דער ריכטער לאָזט אים אַזוי גיך ניט אָפּ. ער וויל זיין זיכער, אַז דער נעגער וועט טאַקע באַצאָלן. הויבט ער אים אָן שרעקן:

— דו ווייסט, אַז מען גיט אַ וואָרט, דאַרף מען דאָס האַלטן?

— איך ווייס, — טוט אים דער נעגער צוליב.

— און אויב דו וועסט דאָס וואָרט ניט האַלטן, וועט דיין געוויסן דיך פּלאָגן.

פאַרשטייט ניט דער נעגער, וואָס דער ריכטער וויל פון אים, און ער פינטלט מיט די אויגן. זעט דער ריכטער, אַז יענער פאַרשטייט ניט, וואָס מען רעדט צו אים, הויבט ער אָן נאָך אַמאָל:

— האָסט אַ געוויסן?

— ניין, — שאָקלט ער מיטן קאָפּ אָפנהערציג.

— האָסט ניט קיין געוויסן? — ווערט שוין דעם ריכטער קשה.

— איך ווייס ניט וואָס דאָס מיינט, — ענטפערט יענער אומשולדיג.

דאָ ווערן שוין די מידע געריכט־אָנגעשטעלטע אויפגעלעבט, קוקן מיט חוזק און מיט וואונדער אויף אַ מענטשן, וואָס ווייסט ניט וואָס אַ געוויסן מיינט.

— „קאָנשיענס", — מאַכט דער ריכטער, — „ק־אָ־נ־ש־י־ע־נס". דו ווייסט ניט וואָס דאָס מיינט?

ניין, ער ווייסט ניט וואָס עס מיינט, און ער איז זייער פאַר'צער'ט, וואָס ער ווייסט ניט. הויבט אָן דער ריכטער אויף אַן אַנדער וועג:

— דו ווייסט, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט?

— יאָ, איך האָב געהערט, — ענטפערט דער נעגער נאַאיוו.

— אין קלויסטער גייסטו?

ניין, ער גייט ניט אין קלויסטער. אפשר, ווען ער איז געווען אַ קינד, איז ער געגאַנגען אין קלויסטער, אָבער איצטער גייט ער ניט.

— אויב אַזוי, — מאַכט דער ריכטער, און אים אַליין ווערט שוין דערעסן די גאַנצע געשיכטע, — אויב אַזוי, וועסטו מוזן אָפטער גיין אין קלויסטער, וועסטו שוין וויסן וואָס אַ געוויסן מיינט.

— גוט — זאָגט אים דער נעגער געה צו.

— אָבער איידער דו הויבסט אָן גיין אין קלויסטער, וויל איך דיר זאָגן, אַז אַ געוויסן האָסטו סיי־ווי־סיי, און דיין געוויסן וועט דיך מאַטערן און פּלאָגן און דיך ניט לאָזן רוען, ביז וואַנעט דו וועסט באַצאָלן דיין חוב.

ווערט דער נעגער שטאַרק דערשראָקן פון ריכטער'ס רייד און ס'ווערט אים שטאַרק הייס. ער קוקט זיך אַרום, צי מ'לאַכט ניט פון אים, און ס'איז אים זייער ביטער.

דער ריכטער גייט אַוועק. די אָנגעשטעלטע גרייטן זיך אַהיים צו גיין. דער רעסטאָראַטאָר איז אַרוים פון געריכט־זאַל זייער אַ סקעפּטישער. דער נעגער האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק אין געריכט־זאַל זייער אַן אומעטיגער און אַ פאַרטראַכטער...

# ער וועט ניט זאָגן

ער איז אַ פּעדלער. אַן איטאַליענער מיט וואָנצעס. אַ קעסטל מיט ווייסע בלומען, אַ ניקל אַ שטיק. ער האָט מיט זייע געפּעדלט אויף בראָדוויי.

ס'איז אַ נאַכט־געריכט. דער ריכטער אויף זיין שטול איז ברוגז און אומצופרידן. אַ גרויסער ריכטער, אַ פעטער ריכטער. זיין אונטערשטע ליפּ איז לויז און נעבעכדיג, ווי זי וואָלט געווען שטענדיג הונגעריג, די ליפּ, און צו יעדער צייט וואָלט מען עפּעס געגעסן.

אַז מען ברענגט אַ פּעדלער פאַרן ריכטער איז די פּראָצעדור ווי פאָלגט: דער פּעדלער דערקלערט זיך שולדיג. דער ריכטער, אויב ער איז גוט אויפ־געלייגט, באַפרייט ער אים מיט אַ וואָרנונג, ער זאָל נאָכאַמאָל אַזוי ניט טאָן. אויב דאָס האַרץ ביים ריכטער איז אָבער שווער, באַשטראָפט ער דעם פּעדלער מיט צוויי דאָלער. דער געריכט־קלויערק לייענט פאָר די קלאַגעס. איז אַז ס'קומט צו אַ פּעדלער, כאַפּט ער גיך, גיך: „דערקלערסט זיך שול־דיג?" „יאָ." און פאַרטיג.

ביי דעם איטאַליענער מיט די בראַווע וואָנצעס איז אָבער ניט געווען אַזוי דער פאַל.

— דערקלערסט זיך שולדיג?

יענער שווייגט און די וואָנצעס שטייען אָנגעדראָדלט און פאַר'עקשנ'ט.

— דערקלערסט זיך שולדיג?

ער שווייגט בייז.

— פאַרשטייסט ענגליש?

— איך פאַרשטיי זייער גוט ענגליש, — ענטפערט ער אַ שטאָלצער.

— דערקלערסט זיך שולדיג?

ער וויל ניט זאָגן.

— דו קענסט זיך דערקלערן „שולדיג", אָדער „ניט שולדיג", — אינסטרואירט אים דער ריכטער, ווי אַ געדולדיגער פאָטער.

קוקט ער אויפן ריכטער, ווי אַ האָן אין סידור, און וויל ניט עפענען דאָס מויל.

אַ מכה וועט ער זיי אויסזאָגן, און דאָ דער גאַנצער סדר פון געריכט ווערט צעשמעטערט. מען קען ווייטער ניט גיין.

— אַז אַ באַשולדיגטער שטעלט זיך פאַרן ריכטער, דאַרף ער זיך דערקלערן „שולדיג" אָדער „ניט שולדיג", — דערקלערט אים דער קלויערק און איז געוואַלדיג בייז.

וויל ער ווידער גאָרנישט ניט זאָגן און זיינע בראַווע וואָנצעס קוקן אוים זייער אַנטשלאָסן. ס'הייסט, אַז זיי וועלן שוין גאָרניט זאָגן.

מען דאַרף דאָ באַמערקן, אַז איידער מען האָט גערופן דעם בלומען־פּעדלער צום ריכטער, האָט מען גע׳משפּט אַנדערע פּעדלער, און ער האָט גוט געזען, ווי יענע פּעדלער האָבן זיך דערקלערט שולדיג זייער ווייליג, און דערפאַר האָט זיי דער ריכטער באַשטראָפט צו צוויי דאָלער יעדן איינעם.

— נעם אים צוריק, — צעשרייט זיך דער ריכטער צום דעטעקטיוו וואָס האָט אים אַרעסטירט, — נעם אים צוריק און דערקלער אים דאָרטן.

דער דעטעקטיוו פירט אַוועק דעם איטאַליענער צוריק אין געפענגעניש־צימער צו דערקלערן אים די וועגן און מנהגים פון אַ געריכט־פּראָצעדור.

דער דעטעקטיוו איז בייז אויף דעם פּעדלער, ווייל וואָלט מען אים דאָרטן אָפּגע׳משפּט, וואָלט ער געגאַנגען אהיים און אויסגערוט זיינע מידע ביינער נאָך אַ טאָג אַרבעט. און דאָ — צוליב דעם דאָזיגן איטאַליענישן לאָקש...

ווי אַזוי ער האָט אים דאָרטן געלערנט די וועגן און מנהגים פון געריכט־פּראָדצעדור ווייסט קיינער ניט, נאָר שפּעטער מיט אַ שעה האָט ער אים געבראַכט צוריק פאַרן ריכטער. האָט מען דערקענט אין זיינע וואָנצעס און אין די בלומען אין קעסטל, אַז עפּעס איז דאָרטן פאָרגעקומען. זיינע וואָנצעס זיינען שוין ניט געווען אַזוי בראַוו. דאָס זיינען איצט געווען אויס־געמוטשעטע וואָנצעס, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלירן די שטייפקייט און זיינען שוין אַ ביסל לויז געוואָרן. די בלומען האָבן שוין אויך אָנ־געהויבן צו וויאַנען. די שיינע צאַרטע בלעטלעך האָבן זיך שוין גע־קאָרטשעט.

— נו, און איצט דערקלערסטו זיך שולדיג? — פרעגט אים דער קלוירק מיט טריאומף.

אומזיסט דער טריאומף. ער זאָגט ווידער גאָרניט. די וואָנצעס ווערן צוריק שטייף. די אויגן קוקן אַנטשלאָסן.

— הער־זשע, מיסטער, — זאָגט אים שוין דער ריכטער ווי אַ גזלן, — מיר האָבן פילע קעיסעס, מיר קאָנען ניט וואַרטן ביז דו וועסט ענדלעך באַשליסן. זאָג צי דו ביסט שולדיג, אָדער ניט שולדיג.

דער איטאַליענער בייט איבער זיין פּאָזיציע פון שטיין. עפּעס האָט אים, ווייזט אויס, געצויגן אַ פּוס, האָט ער אויסגעגלייכט דעם פּוס און — גאָרניט.

— פיר אים צוריק, — איז דער ריכטער געוואַלדיג בייז.

ס׳פּאַסט ניט דעם ריכטער צו שרייען אויף אַ קול, אָבער ווען עס פּאַסט יאָ, וואָלט ער זיך שוין ריכטיג צעשריען, און וואָלט זיך כאָטש געקילט דאָס האַרץ.

דעם דעטעקטיוו פּאַסט אויך ניט צו זיין בייז, אָבער אַז ער וועט אים אָוועקפירן צוריק אין געפענגעניש־צימער וועט ער שוין דאָרטן קענעז זיין בייז. ס'איז שוין אַזוי שפּעט אין דער נאַכט און מען וואָלט שוין פון לאַנג געקאָנט זיין אין דער היים אין אַ וואַרעמער בעט און דאָ — אַזאַ אָנשיקעניש. ווען ער זאָל געווען ווּיסן, דער דעטעקטיוו, אַז ס'וועט זיך אַזוי אויסלאָזן, וואָלט ער אפשר אים גאָרניט געוועזן אַרעסטירט.

דער זייגער איז שוין איינס. דער געריכט־זאַל איז שוין כמעט ליידיג. די צאָל אַרעסטירטע איז אויך שיטער געוואָרן. איינִיגע האָט מען באַשטראָפט, איינִיגע האָט מען באַפרייט, און דער איטאַליענער באַווייזט זיך ווידער פאַרן ריכטער.

דאָס מאָל זיינען שוין זיינע וואָנצעס געווען זייער נעבעכדיג. זיי האָבן ניט אויסגעהאַלטן, די וואָנצעס, און אַראָפּגעפאַלן הילפלאָזע צו די ווינקלען אַרום מויל. די בלומען זיינען שוין פון לאַנג געשטאָרבן. ווייסע שמאָט־קעלעך, צונויפגעקניטשטע, ווי שטיקלעך וואַטע.

— דערקלערסט זיך שולדיג?

מיט אַלע כחות שווייגט ער. פאַרשלאָסן זיינען די ליפּן און ער וויל גאָרנישט ניט זאָגן. אָבער דערפאַר האַלט ער צוויי דאָלער אין דער האַנט און שטופּט זיי דעם קלוירק.

— וואָס גיסטו מיר געלט?

— נעם, בעט זיך דער איטאַליענער און איז בייז, — נעם.

— איך פרעג דיך פּריוואַט, — בעט זיך ביי אים דער ריכטער, — ניט ווי אַ ריכטער, נאָר ווי אַ פריינט, פאַרוואָס רעדסטו ניט?

— וואָס זאָל איך רעדן? — קומט דער איטאַליענער אַרויס מיט לשון, — אַז מען דאַרף גאָרניט רעדן.

— אָבער מען פרעגט דיך, — זאָגט דער ריכטער גראַדע מיטן גוטן, אָבער מען זעט, אַז ס'קאָסט אים געזונט דער „מיט גוטן", — דערקלערסטו זיך שולדיג?

— ווי קען איך זיך דערקלערן שולדיג, — מאַכט דער איטאַליענער, — אַז איך בין ניט שולדיג? וואָס פאַר אַ שולדיג בין איך? עפּעס בין איך דען באַגאַנגען אַ פאַרברעכן?

— דערקלער־זשע זיך „ניט־שולדיג" — עצה'ט אים דער ריכטער.

— און אַז איך וועל זיך דערקלערן „ניט־שולדיג", וועט איר דען מיך ניט באַשטראָפן מיט צוויי דאָלער? טאַ נאַט אייך די צוויי דאָלער און אַן עק זאָל דאָס נעמען.

— פון וואַנען ווייסטו, אַז איך וועל דיך באַשטראָפן מיט צוויי דאָלער, אפשר וועל איך דיר אויך גאָר געפינען אומשולדיג און דיך שיקן אַהיים?

גו, זעט שוין דער איטאַליענער, ווי מען רעדט צו אים אַזוי ליטיש, און ער גיט זיך אונטער:

— גוט, דערקלער איך זיך „ניט־שולדיג", — ווערט דער איטאַליענער פול מיט האָפענונג.

אָטעמט אָפּ פון דער־לייכטערונג דער גאַנצער געריכט. אַלע פרייען זיך. דער ריכטער פרייט זיך מער פון אַלעמען, און פון גרויס שמחה נעמט ער און באַשטראָפט אים ניט מיט קיין צוויי דאָלער, נאָר מיט גאַנצע פינף דאָלער.

— סטייטש! — שרייט דער איטאַליענער.

— נעקסט?!

# דאָס אינגל פון האַרלעם

ער איז אָרים אָנגעטאָן, דער נעגער־אינגל. די הויזן זיינען מסתמא זיין טאַטנ׳ס, אָדער דעם עלטערן ברודער׳ס. אַ ברודיג כאַקי־העמדל אויף זיין לייב. די האָר פון קאָפּ צעשויבערט. שווערע פוילע אויגן־דעקלעך. זיין קול איז אויך פויל. קוים, וואָס ער באַוועגט זיך. אָבער פון אונטער זיינע פוילע באַוועגונגען, מערקט זיך קלוגשאַפט און איינגעהאַלטנקייט. מעגלעך, ער פאַרמאַסקירט זיך מיט דער דאָזיגער פוילקייט, מען זאָל ניט דערקענען, ווי ער שרעקט זיך, ווי ער ציטערט.

אַ נעגער־מדל פון אַ יאָר 14, מיט רויט־געפאַרבטע נעגעלעך, מיט אונטערגעשמירטע אייגעלעך, שטייט לעבן דעם דאָזיגן אינגל.

דער גראָסערי־איד איז אַ שוואַכער און אַ יאַדישליוועך. ער איז פאַר־צווייפלט: מען האַלט אין איין ברעכן די פענצטער פון זיין קראָם. אָפּט־מאָל אינדערפרי קומט ער אויפשליסן זיין גראָסערי, איז דאָס פענצטער צעבריאַזגעט, און עס פעלן אַ סך סחורות. ער האַלט אין איין הוסטן, און ס׳איז אים זייער ניט גוט.

דער פּאָליסמאַן דערציילט:

— איך שטיי אַזוי אַרום עלף ביינאַכט אויף מיין פּאָסטן אויף לענאָקס עוועניו, ווי פּלוצלונג דערהער איך אַ בריאַזג פון אַ פענצטער. לויף איך צו, דאָס פענצטער פון גראָסערי איז צעקלאַפּט, און אויפן טראָטואַר שטייט אָט דאָס דאָזיגע פּאָרל. האָב איך זיי אַרעסטירט און זיי אָפּגעפירט אין קינדער־געזעלשאַפט.

— פונוואַנעט ווייסטו, אַז זיי האָבן צעבראָכן דאָס פענצטער? — פרעגט דער ריכטער.

— ווייל אויסער זיי איז קיינער ניט געווען לעבן דער קראָם מיטן צעבראָכענעם פענצטער.

— ווילט איר עפּעס פרעגן דעם פּאָליסמאַן? — ווענדט זיך דער ריכטער צו ביידע קינדער.

אַ ווײַלע שווייגן זיי. זיי קווענקלען זיך. וואָס קענען זיי פרעגן דעם פּאָליסמאַן?

— קאָן איך אים פרעגן וואָס איך וויל? — מאַכט דאָס אינגל און גלויבט זיך עפּעס ניט.

— אוודאי קענסטו. ביזט באַרעכטיגט לויטן געזעץ, — ענטפערט דער ריכטער גנעדיג.

טראַכט נאָך אַ ווײַלע דאָס אינגל, און מיט אַמאָל טוט ער אַ שטעל אַ

פראַגע דעם פּאַליסמאַן, אז ס'האָט אַלעמען איבערראשט. אַזאַ מין אומ־באַדייטנדער, אָרימער, פאַרשלאָפענער אינגל, זאָל שטעלן אַזאַ קלוגע פראַגע, פּונקט ווי ער וואָלט געווען אַ דורכגעטריבענער לאָיער.

— וואו האָסטו אונז געזען שטיין? — פרעגט ער טאַמעוואַטע.

— אויפן טראָטואַר, — ענטפערט דער פּאַליסמאַן, און איז מלא רציחה, וואָס אַזאַ נישטיג אינגל וואגט אים צו שטעלן פראַגעס.

— אָבער דו האָסט אונז ניט געזען ברעכן דאָס פענצטער?

— ניין, — מוז יענער נעבעך ענטפערן מיט פאַרדרוס.

— פונוואַנעט־זשע ווייסט ער, אז מיר זיינען געווען די, וואָס האָבן צעבראָכן דאָס פענצטער? — ווענדט ער זיך שוין איצט צום ריכטער און אַלץ מיט אַזאַ פּוילקייט און אָפּגעלאָזנקייט אין זיין שטימע.

דער ריכטער שמייכלט, און דער פּאַליסמאַן פּילט זיך ווי אָפּגעשמיסן.

אַ קליין אָרים נעגער־אינגל האָט דאָס אים אַזוי אָפּגעשמיסן.

— וואָס האָסטו געטאָן אויף דער גאַס אַזוי שפּעט אין דער נאַכט?

— נעמט זיך דער ריכטער צום אינגל. עפּעס דאַכט זיך אויס דעם ריכטער, אז ווייל דאָס אינגל איז אַזוי קלוג, קאָן טאַקע געמאָלט זיין, אז ער איז שולדיג אין צעברעכן דאָס פענצטער.

— מיר האָבן געוואַרט אויף אַ באָס.

— ווער מיר?

— איך און מיין מיידל־פריינט.

— האָסט שוין אַ מיידל־פריינט? — פרעגט דער ריכטער מיט אַ מין חוזק.

— יאָ, — ענטפערט ער פּשוט, און מאַכט זיך, אז ער באַמערקט ניט דעם חוזק אין ריכטער'ס טאָן.

— צוליב וואָס האָט איר געוואַרט אויפן באָס?

— אָפּצופירן אַהיים מיין מיידל־פריינט, — גיט ער אַ פאַרשטענדלעכן ענטפער.

— וואו זייט איר געווען ביז דעמאָלט?

— אין אַ מואַווי.

— וואָס פאַר אַ מואַווי האָט איר געזען?

— „פּריסקאָ קיד", — ענטפערט ער גלייך.

— דערציייל מיר, וואָס איז אַזוינס פאָרגעקומען אין דער מואַווי?

— ווייל אים דער ריכטער פּאַקן אין אַ ליגן.

הויבט ער אָן צו דערציילן וועגן „פּריסקאָ קיד", פאַרשטענדלעך און קלאָר, מיט זיין גלייכגילטיגער, פּוילער שטימע, און פילט זיך געוואַלדיג באַקוועם. זיינע אַלע אבָרים זיינען אָפּגעלאָזן, אַקוראַט ווי ער שטייט גאָר

אינגאַנצן ניט פאַר אַ ריכטער. ס'האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז ווען דאָס בחור'ל זאָל זיך איצטער נעמען טאַנצן, וואָלט ער זיך אויך ניט אָנגע־שטרענגט. אַן אָפּגעלאָזענער, אַ פוילער, וואָלט ער אַזוי געטאַנצט, און וואָלט געטאַנצט שיין אויך.

דער ריכטער האָט אים ניט געקאָנט פּאַקן אין אַ ליגן. וואָס ער האָט ניט געענטפערט, איז געווען לאָגיש און פאַרשטענדלעך. דאָס מיידל האָט אויך באַשטעטיגט איר חבר'ס רייד, אַז זיי זיינען געגאַנגען פון אַ מאַווי, געזען „פּריסקאָ קיד", דערנאָכדעם געוואַרט אויפן באַס, און אַזוי ווייטער...

דער ריכטער האָט זיי שוין געוואָלט באַפרייען, אָבער דער פּאָליסמאַן, וואָס איז געווען פול מיט רציחה, וואָס יענער האָט אים פריער אַזוי לעבער־לעך געמאַכט מיט זיין פראַגע, האָט אים בשום אופן ניט געוואָלט אַרויס־לאָזן. ער האָט געבעטן דערלויבעניש ביים ריכטער, צי מעג ער שטעלן פראַגן דעם אינגל. דער ריכטער האָט דערלויבט.

זייער מאָדנע איז אויסגעקומען דער ווערטער־קאַמף צווישן דעם הויכן, בעל־גוף'יגן, רויטן פּאָליסמאַן, מיט דעם פאַרשלאָפענעם, אָרימען נעגער־אינגל.

— איר האָט געזאָגט, אַז איר האָט געוואַרט אויפן באָס ?

— קאָרעקט, — ענטפערט דאָס אינגל, און דאָס קול זיינס איז אויך קאָרעקט.

פון דעם „קאָרעקט" ווערן פאַרלאָפן דעם פּאָליסמאַנ'ס אויגן פול מיט רציחה. ניט אַזוי פון דעם וואָרט אַליין, נאָר פון דעם מאַניער, ווי ער האָט געזאָגט דאָס וואָרט.

— מיט וואָס וואָלט איר באַצאָלט פאַרן באָס ? — גייט איצט דער פּאָליסמאַן אים כאַפּן אין אַ ליגן.

— מיט געלט, — ענטפערט יענער און גיט אפילו ניט קיין פינטל מיט די אויגן.

— וואו האָט איר דען געהאַט געלט, אַז ווען איך האָב אייך באַזוכט, האָב איך ביי אייך דאָך גאָרניט געפונען ?

— האָסט ניט גוט געזוכט, — ענטפערט יענער גלייכגילטיג.

מען צעלאַכט זיך פון זיין ענטפער, און דער פּאָליסמאַן פילט, אַז ער איז זייער לעכערלעך אין אַלעמענס אויגן.

— וואָס מיינסטו, ער האָט ניט גוט געזוכט ? — נעמט זיך שוין איצט אָן דער ריכטער פאַרן פּאָליסמאַן.

— דערפאַר ווייל מיין דאַים האָט זיך געפונען צווישן אונטערשלאָק, — שטעקט דער אינגל אריין די האַנט אין זיין קעשענע, גראָבט זיך טיף און קראַצט אַרויס פון דער טיפעניש דאָרטן אַ דאַים.

— צוליב וואָס האָסטו געהאַלטן דעם דאָס צווישן אונטערשלאָק, — ווייל דער ריכטער ווייסן.

— ווייל מיין קעשענע איז צעריסן, — גיט ער באַלד דעם ענטפער.

קיין שום פראַגע קאָן איס ניט צעטומלען. די מיידל קוקט אויף אים מיט גרויס רעספּעקט. וואָס מער פויל און נאַכלעסיג עס זיינען זיינע ענטפערס, אַלץ גרעסער וואַקסט אין אירע אויגן זיין העלדישקייט. אָבער דער פּאָליסמאַן ווייל איס ניט אָפּלאָזן. ערשט איצטער גייט ער אים פּאַקן מיט אַ ריכטיגן פּונקט.

— ווי האָסטו געקאָנט האָבן אַ דאָס אין דיין קעשענע, אַז ווען איך האָב דיך נעכטן געבראַכט אין קינדער־געזעלשאַפט, און מען האָט דיך געשיקט נעמען אַ שאַוער, האָבן מיר גוט באַזוכט פריער דיינע קעשענעס, אַפילו זיך געגראָבן צווישן אונטערשלאָק, און מיר האָבן גאָרניט געפונען?

— ווייל ס'איז טאַקע גאָרניט געווען, — ענטפערט ער רואיג און געלאַסן.

— וואָס מיינסטו?

— ווייל איידער איך בין געגאַנגען נעמען אַ שאַוער, האָב איך דעם דאָס אַרויסגענומען פון קעשענע און אים גענומען מיט זיך.

— ווי אַזוי האָסטו זיך געקאָנט אַרומוואַשן מיטן דאָס אין די הענט? — ווייל אים שוין אויך דער ריכטער פּאַקן אין אַ ליגן.

— ווען איך האָב זיך געוואַשן, האָב איך אים ניט געהאַלטן אין די הענט, — אינפאָרמירט ער זייער העפלעך דעם ריכטער.

— וואו־זשע דען?

— אין מויל, — ענטפערט יענער.

דער בחור איז אַ וואונדער פאַר אַלעמען. מען קוקט אויף אים מיט חידוש. מען באַפרייט אים און זיין מיידל־פריינט. גיט ער זיך אַ דריי־אויס פויל און נאַכלעסיג צו דער טיר, וויגט זיך לייכט אונטער און צוזאַמען מיט זיין חבר'טע פאַרלאָזט ער דאָס געריכט־צימער.

איך גיי זיי נאָך. אינדרויסן אָבער, האָט מען אים שוין ניט געקאָנט דערקענען, אָט דעם דאָזיגן שאַרף־קלוגן נעגער־אינגל. ווי דורך אַ כישוף איז אַוועק זיין פאַרשלאָפנקייט און פוילקייט. אַן אומרואיגער אינגל גע־וואָרן. אונטערגעשפּרונגען, געשריען הויך אויף אַ קול, געמאַכט מיט די הענט אַהין און אַהער, זיך צעלאָפן ווי אַ ווילד פערדל, און זיין „מיידל־פריינט" האָט געלאַכט און שטאַרק אָנגעקוואָלן פון זיינע קאָמעדיאַנטסקע שטיק...

# נאָכן גט

זי זיצט אויף דער באַנק און הוידעט מיט אירע פיס. אַ דינינקע אידישע פרוי אין עלטער פון אַ יאָר 28. אירע באַקן בליען ווי רויטע פאַפּירענע בלומען. זי האָט דאָרט אָנגעשמירט אויפן פּנים געגוג רויטע פאַרב. אירע אויגן בליצן מיט נערוועזע פייערלעך. אירע ליפּן זיינען אויך גוט פאַרפאַראַוועט. אירע ברעמען אָפּגעצופּט אין דינינקע שנירעלעך. אַרום און אַרום בליט זי מיט פאַרבן און שמירעכצן. אָבער אַז מען וויל וויסן גענוי דעם קאָליר פון איר הויט, זאָל מען קוקן אויף איר האַלז. דער האַלז איז ניט אָנגעשמירט און פאַרפוצט, און דערפאַר איז ער געלבלעך און בלוטלאָז.

זי הוידעט מיט די פיס און וויל שאַפן דעם איינדרוק, אַז זי איז זייער גליקלעך. ניט נאָר איז זי גליקלעך, נאָר זי איז נאָר הפקר'דיג, אומ־אָפּהענגיג, פריי ווי אַ פויגל.

זי קוקט ניט צו יענעם אָרט, וואו עס זיצט אַ יונגער מאַן מיט אַ פאַרטראַכטן בליק. ניין, זי קוקט ניט אַהינצו. וואָס האָט זי וואָס צו קוקן? ! אַ געשעפט האָט זי מיט אים? !

אוי, ווי זי ווערט פרייליכער פון מינוט צו מינוט! ניט נאָר הוידעט זי מיט די פיס, נאָר זי זינגט זיך צו אויך אַ לידל: ס'אַרט זי ניט, וואָס דער אויפנאַם־צימער איז פול מיט מענטשן, אַז ס'זינגט אַרוים פון איר די פרייד! אַז זי איז אַזוי גליקלעך! אַז זי איז אַ פרוי, וואָס איז גוואַלדיג זעלבסטשטענדיג!

ער מיינט אַוודאי, אַז אָן אים איז שוין אוים וועלט. פאַרקערט — גיט אַ קוק, ווי פריי זי איז! אַך, ווי ס'איז איר גוט! מ־מ־מ! — ברומט זי אונטער העכער ווי געוויינלעך, אַז ער זאָל אויך הערן.

— כאַ, כאַ, כאַ, — צעלאַכט זי זיך פלוצלונג היסטעריש, זייער הויך. אַלע אין צימער קוקן זיך אום. דער מאַן קוקט זיך אויך אום. איר פּנים איז כלומרשט געווענדעט צו דער „סאָשעל וואָרקער" בשעת זי לאַכט. די „סאָשעל וואָרקער" קוקט אויף איר פאַרוואונדערט. זי האָט איר ניט דער־ציילט איצט קיין וויץ, פאַרוואָס־זשע לאַכט זי אַזוי, יענע: כאַ־כאַ־כאַ! כאַ, כאַ, כאַ! די „סאָשעל וואָרקער" ווייסט ניט, ווי גוט ס'איז איר, דער גע'גט'ער פרוי, ווי גליקלעך יענע איז. אָט זיצט דאָרטן אַ מאַן, איר געוועזענער מאַן. יעענם איז אומעטיג. אַ מצוה אויף אים! אָבער איר

איז פריילעך. אַ זאַרגלאָזע און אַזאַ יונגע. אירע אויגן בליצן, אַ גוואַלד! אירע ליפּן זיינען אַזוי רויט, לײַדנשאַפטלעך. ווען איר האַלז טראַכט זי ניט, דעם האַלז, וואָס קוקט אויס אַזוי בלאַס און פאַרשמאַכט.

נייע שיך טראָגט זי, מיט הויכע אָפּצאַסן. ווען זי וויל, גייט זי זיך גאָר דורך איבערן גרויסן צימער אַזוי אַהין און צוריק. אַלע קוקן זיך אום. איר אַרט ניט. זי מאַכט זיך, אַז ס'אַרט איר אויך ניט, וואָס דער מאַן קוקט זיך אום. ער קוקט אַזוי פאַרוואונדערט, הלמאי זי שפּאַנט אַזוי איבערן צימער אַהין און צוריק, גלייך ווי עס וואָלט געווען אַן אַלייע פון אַ פּאַרק. זי הוידעט דעם קאָפּ אַהין און צוריק, ווי זי וואָלט געווען זייער אַ יונג מיידעלע, און שפּאַצירט זיך אַ לוסטיגע. וואָס דען? ער מיינט, אַז זי וועט וויינען, נאָכדעם וואָס זיי האָבן זיך צעשיידט?

זי איז אַן ענערגישע פרוי, זייער אַן ענערגישע. מיט וויפיל קראַפט זי האָט צוגעשפּאַנט צום ריכטער, ווען מען האָט אויסגערופן איר נאָמען! מיט פולע טריט האָט זי צוגעשפּאַנט, מיט אַ פאַרריסן קעפּל, ווי די אַנ־ציענדע פרויען טוען דאָס.

זי שטעלט זיך פאַרן ריכטער, ווי זיינס אַ גלייכן. זי האָט פאַר קיינעם ניט קיין מורא.

— איך וויל זען מיין קינד, — פאַרקלאָגט זיך דער מאַן פאַרן ריכטער.

— ווער לאָזט אים דען ניט? כאַ, כאַ, כאַ, — מישט זי זיך אריין מיט אַן איבערגעטריבענעם געלעכטער.

— לעידי, איר וועט רעדן, ווען מען וועט אייך פרעגן, — האַקט איר איבער דער ריכטער זייער שטרענג.

פאַרלירט זי זיך, ווייל דער ריכטער איז דאָך ניט איר געוועזענער מאַן. און זי האָט מורא אויך. בלייבט זי טאַקע שטיל, אָבער דערפאַר קרימט זי נאָך איר מאַן, בשעת יענער רעדט. זי טוט דאָס אַזוי, אַז יענער זאָל דאָס גלייך באַמערקן. זי לייגט עפּעס צונויף די ליפּן אין אַזאַ פאָרמע, וואָס דאַרף זיין זייער אָפּשפּעטנדיג, וואָס דאַרף יענעם פאַרניכטן, מאַכן פּילן, אַז יענער איז אַ גאָרנישט מיט אַ נישט. זי פאַרגלאָצט אויך די אויגן אין איר נאָכקרימעניש. דאָס וואָלט געדאַרפט באַטייטן: טאַ, טאַ, טאַ, ווי ער מאַכט דאָס טראַגיש, דער נאַרישער פּעטאַך!

דער מאַן קלאָגט זיך, אַז לויטן באַשלוס פון דעמזעלבן געריכט, פאַר וועלכן זייער פּראָצעס איז פאָרגעקומען צוריק מיט אַ פּאָר מאָנאַטן, האָט ער אַ רעכט צו זען זיין קינד, אַ מיידעלע פון אַכט יאָר, צוויי מאָל אַ וואָך. איז אָבער, ווען ער קומט זען זיין קינד, געפינט זי שוין עפּעס אַ תירוץ. אַמאָל טרעפט ער דאָס הויז אינגאַנצן פאַרשלאָסן. קיינער איז ניטאָ.

— וואָדען ? ! איך וועל זיצן אין הויז ? איך האָב דען ניט וואוהין צו גיין זיך „ענדזשאָיען" ? — שיסט זי אוים מיט אמאָל, וויסנדיג, אז מען קאָן נאָך איר איבערהאַקן אינמיטן דערינגען.

— איך האָב אייך געבעטן שווייגן, לעידי, — איז דער ריכטער שוין זייער אין כעס.

שווייגט זי, אָבער זי טריאומפירט. איר פּנים שיינט צוליב דעם, וואָס זי האָט געזאָגט, אז זי גייט זיך ערגעץ „ענדזשאָיען". ער ווייסט שוין, וואָס עס מיינט „ענדזשאָיען" זיך. זאָל ער ניט טראַכטן, אז אָן אים איז זי שוין אַ וויסטע אלמנה.

—איז אָדער איך טרעף די טיר פאַרשלאָסן, אָדער זי לאָזט מיך איג־גאַנצן ניט אַריין, אָנגעבנדיג אַ תירוץ, אז דאָס קינד שלאָפט, אָדער זי שטערט מיר גאָר אינגאַנצן צו רעדן מיטן קינד.

— וואָס מיינסטו, זי שטערט דיר ?

— זי הויבט אָן צו רעדן צו מיין קינד, בשעת איך וויל רעדן, אָדער זי רופט זי אַוועק אָן אַ זייט און סוד'עט זיך מיט איר. דערנאָך לאַכן זיי ביידע. אָדער זי שפּאַט־אָפּ פון מיר אין דער הויך, דאָס קינד זאָל הערן.

— ווי אַזוי טוט זי דאָס ?

שעמט ער זיך, דער מאַן, צו דערציילן, ווי אַזוי זי טוט דאָס, אָבער דאָך מוז ער שוין אַלץ אויפדעקן פאַרן ריכטער.

— „קוק, ווי ביי דיין טאַטן זיינען די הויזן צעריסן ! ווי אַ שלעפּער גייט ער. קוק, וואָס פאַר אַ „פּאָני פּעים" דיין טאַטע האָט ! קוק, וואָס פאַר אַ לאַנגע אויערן דיין טאַטע האָט !"

ווען ער האָט געזאָגט „לאַנגע אויערן", איז ער נעבעך געוואָרן רויט פון בושה. ער האָט טאַקע מאָדנע לאַנגע אויערן. אַלע אין געריכט־זאַל האָבן אַ קוק געטאָן אויף זיינע אויערן. אפילו דער ריכטער האָט געכאַפּט אַ קוק אויף יענעמס אויערן.

די פרוי קוקט אויפן מאַן מיט שפּאָט, און לאַכט. זי קוועטשעט מיט די פּלייצעס. ס'הייסט : אויך מיר אַ באַשעפעניש ! זי קרימט זיך אים נאָך, מיט די אויגן און מיט די ליפּן.

— הער אויף צו מאַכן קאָמישע שטיק, — שרייט אויף איר אָן דער ריכטער.

ווערט זי ניט נתפעל. זי לאָזט ניט אַראָפּ אירע שפּאָטישע אויגן פונעם מאַן.

דער ריכטער שרייט אויף דער פרוי, סטראַשעט זי, הייסט איר ניט שאַפן קיין פּאָראורטיילן ביים קינד געגן טאַטן.

הערט זי אויס, זאָגט כּלומרשט צו, דערנאָך גייט זי אַרויס, מיט ענערגישע טריט גייט זי אַרויס, שאָקלט מיט אירע היפּטן, רווישט מיט די קליידלעך. שטעלט זיך אינדרויסן אויפן טראָטואַר מיט פיל שפּאַט. דאָס וואַרט זי, אַז דער מאַן זאָל אונטערקומען. יענער שלעפּט זיך פּאַוואָליע, אַ פאַר׳צער׳טער. דאָס הארץ זאָגט אים, אַז ער האָט גאָרניט גע׳פּועל׳ט.

— נו? — מאַכט זי צו אים אין אידיש מיט חוזק? — פּילסט זיך שוין בעסער?

ער ענטפערט גאָרניט, שלייכט זיך דורך פאַרביי איר.

—אַ הולך, אַ גאַנגעלע, אַ מאַנספּאַרשוין! — שרייט זי אים נאָך.

— אַזוינע ווי דו, ליינגט מען דאָך אין דער ערד אַריין, און דו שלעפּסט זיך נאָך אַרום, כאַ, כאַ, כאַ, — לאַכט זי אים נאָך, — כאַ, כאַ, כאַ...

# אַזוינע מיידלעך — און אַנדערע מיידלעך

(אין אַ פרויען־געריכט)

אַכט מיידלעך אין געריכט־הויז שטייען פאַרן ריכטער און וואַרטן אויף זייער אורטייל.

ס'איז איינער פון די ערשטע פרילינג־טעג אין ניו יאָרק. דורך די קאָלירטע פענצטער זעט זיך דורך דאָס ליכט פון דער זון.

זון פאַר אַלע די, וואָס קומען אריין אין געריכט־הויז גלאַט אַזוי, פון נייגיר וועגן, און קענען אַרויס גלייך צוריק אינדרויסן, אויב זיי ווילן.

דרייען אויס אַלע די קעפּ צו דער טיר און עס קומען אַריין צוועלף מיידלעך. גאָר אַנדערע מיידלעך. ליטישע מיידלעך. אַלע אָנגעטאָן אין ספּאָרט־קליידער. אַזוינע רויטלעכע טייערע לעדערנע רעקלעך, קאָלירטע וואָלענע שאַליקלעך, שיך פון דעם פיינסטן לעדער, געשטריקטע קליידלעך פון די טייערסטע סחורות.

אַ פּריוואַטע מיליאָנערסקע שול איז געקומען מיט דער לערערין אין פרויען־געריכט צו „באַאָבאַכטן" די שווידערלעכקייטן פון לעבן.

זיי זעצן זיך אויף צוויי בענק און סטאַרטשען אויס די אויגן צו דעם באַלעמער, וואו דער ריכטער, אין אַ שוואַרצן מאַנטל, זיצט פון אויבן־אָן און פאַרשפּרייט גערעכטיגקייט און שרעק צו די אומגליקלעכע אַכט פּראָסטיטוטקעס, וואָס האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט אין דער שווידערלעכקייט פון לעבן.

די לערערין האָט גאָר אַ קלוגן פּנים. אירע גרויע אויגן לויפן איבער די געזיכטער פון אירע שילערינס און זי וויל אויפכאַפּן די איינדרוקן, וואָס דער דאָזיגער אומגעוויינלעכער פּלאַץ האָט אויף זיי געמאַכט. זיי זיצן ווי צעשראָקענע קעלבלעך. אַלע רויט ביז איבער די אויערן, ווענדן אַלע מאָל פאַרלוירענע בליקן צו זייער לערערין, אָבער זייער לערערין באַרואיגט זיי מיט אַ קלוגן טרויעריגן קוקעלע פון אַ דערפאַרענער אַלץ־וויסנדיגער פרוי.

דער ריכטער איז שוין, ווייזט אויס, געוואוינט צו אַזוינע באַזוכן פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטן און שולן, וואָס קומען שטודירן די סאָציאַלע איבלען. בלייבט ער זיצן אַ וואַזשנער ווי פריער און קוקט זיך כּלומרשט ניט אום אויף די ניי־אַריינגעקומענע, אָבער מען זעט, ווי זיינע מאַנירן זיינען גלייך געביטן געוואָרן. פון שטרענגקייט, שווערקייט און לאַנג־ווייליגקייט איז ער געוואָרן ליכט און בויגעוודיג און זיינע רייד זיינען אַרויסגעקומען אַזוינע שיינע, גאַלאַנטע און בילדלעכע.

— דיין רעקאָרד לייענט זיך, — לייענט דער ריכטער ארויס פון א פּאַפּיר צו דער ערשטער אין דער רייע, א פרוי אין די אָנהייב מיטל־יאָרן, א פולע, א הויכע מיט רויטע האָר, מיט בלויע צעשראָקענע אויגן, — אַז דו האָסט אויפגענומען אין דיין צימער מענער און האָסט געהאַט מיט זיי געשלעכטלעכע באַציאונגען. לויט דער אונטערזוכונג פון דאָקטאָר, ביזטו אָנגעשטעקט מיט א ווענערישער קראַנקהייט, און דו ביזט א געפאַר פאַר דער געזעלשאַפט. דאָס געריכט פאַראורטיילט דיך צו פינף מאָנאַטן און 29 טעג...

די פרוי מיט די רויטע האָר ווישט זיך מיט איר טיכעלע די אויגן און לאָזט זיך צו דעם זייטיגן צימער. דער באַדינער עפנט פאַר איר די טיר און שרייט אויס צו עמיצן אינעווייניג: „פינף מאָנאַטן און 29 טעג.״

די יונגינקע מיידעלעך, וואָס זיצן מיט זייער לערערין צו באַאָבאַכטן די איבלען פון דער געזעלשאַפט, קענען קוים כאַפּן דעם אָטעם. זיי זיינען אין עלטער פון 16 ביז 18 יאָר. זיי האָבן אַזוינע אויסגעפּאַשעטע און זאַטע פּנים׳ער. באַזונדערס איין מיידל מיט פלאַמענדיגע גליענדיגע באַקן, מיט פולע אויסגעפורעמטע בלוטיגע ליפּן, מיט ברוינע פייער־שיסנדיגע אויגן, מיט פוכלע הענטלעך און א גריבעלע אין יעדן פינגער, מיט הויכע ברוסטן, וואָס הייבן זיך פון אונטער איר געל־ברוינעם קאָפּטל. א מילך־קאָמפּאַניע וואָלט זי געקאָנט אדווערטאַיזן בזה הלשון: אָט, זי טרינקט „גרעיד איי״ מילך און סמעטענע, און עסט פּוטער, וואָס ווערט פּראָדוצירט פון אונזער פירמע — די פעטסטע פּוטער און סמעטענעס! דערפאַר האָט זי אַזוינע רויטע באַקן!

אַלע קאָמפּאַניעס פון מעל־שפּייזן, פון מאַראַנצן, אייז־קרים, פלייש, פיש און גרינוואַרג וואָלטן זי געקאָנט אדווערטאַיזן.

זי קוקט צעשראָקן, די מיידל מיט די רויטע באַקן, און אירע ברוינע, פייער־שיסנדיגע אויגן חידוש׳ן זיך עפּעס. זי פאַרטראַכט זיך, און ס׳ווייזט זיך אויס, ווי זי דערמאָנט זיך עפּעס א זאַך, וואָס ס׳איז געווען אנגענעם בשעת די זאַך איז געשען, אָבער איצטער איז דאָס געוואָרן זייער אומ־אנגענעם — און זי האָט מורא.

עס שטייט פאַרן ריכטער אַן עלעגאַנטע בלאָנדע מיידל. איר מאַנטל האָט א ריזיגן פוטערנעם קאָלנער, פאַרשטעלט זי זיך מיטן קאָלנער דאָס פּנים, כדי די מענטשן אין געריכט זאָלן זי ניט זען. זי איז שלאַנק און בויגעוודיג.

דער ריכטער לייענט איר רעקאָרד:

— האָט מען דיך געפּאַקט אין אַפּאַרטמענט אויף דער 56טער גאַס אין א ווילדער אָרגיע. לויט דער אונטערזוכונג פון דאָקטאָר, ביזטו אָנ־

געשטעקט מיט אַ ווענערישער קראַנקהייט, וואָס איז אַ געפאַר פאַר דער געזעלשאַפט.

די פּנים׳ער ביי די מיליאָנערסקע מיידלעך פלאַמען, אויף זייערע שטערנס טראַפּנס שווייס.

ס׳שטייט אַ נעגער־מיידל מיט געקרייזלטע הערלעך און מיט אַ קינדערש שיין שטיפעריש פּנים. זי באַגרייפט ניט, ווייזט אויס, די ערנסטקייט פון מאָמענט און האָט גאָר ניט קיין רעספּעקט פאַר דער „וואַשנער פערזענלעכקייט", דעם ריכטער, און ווערט אַפילו ניט דערשראָקן פאַר דעם, וואָס דער ריכטער האָט איר געזאָגט, אַז זי איז אויך קראַנק.

אירע שטיפערישע אייגעלעך לויפן איבערן ריכטער׳ס פּנים, איבערן ריכטער׳ס מאַנטל, און מען זעט, אַז זי מאַכט חוזק פון אים.

זי איז נאָך זייער יונג, און אַז זי איז צוגעגאַנגען צום ריכטער׳ס שטול, האָט זי אונטערגעטאַנצט, און אַז זי איז אַוועק פון ריכטער׳ס שטול, מיט פינף מאָנאַטן און 29 טעג „וואָרק־האַוז", האָט זי זיך געלאָזט לויפן, פונקט ווי אַ קינד, וואָס איז פאַרהאַלטן געוואָרן פון אַ דערוואַקסענעם אַ נודניק. זי האָט זיך געלאָזט לויפן צום זייטיגן צימער, און אַז זי איז אַריין אינעווייניג צווישן אירע פאַר׳משפט׳ע חבר׳טעס, האָט זיך אַרויסגעריסן פון דאָרטן אַ הילכיגער קלינגענדיגער געלעכטער, וואָס האָט שאָקירט דעם ריכטער, און האָט שאָקירט דער לערערין און האָט פאַרוואונדערט די מיליאָנערסקע מיידעלעך מיט די טייערע קאָלירטע שאַלעכלעך.

מיידל נאָך מיידל ווערט פאַראורטיילט פון דעם ריכטער. אַלע אַכט פאַראורטיילטע זיינען געווען ווענעריש קראַנק. דער ריכטער האָט זיך אויף זיי געבייזערט, ווייל זיי קענען נאָך קראַנק מאַכן אַנדערע אויך.

דער ריכטער האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול. דאָס הייסט, אַז די געריכט־סעסיע האָט זיך איבער.

מיר זיינען אַלע אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן צו דעם ליכטיגן ווארימען פרילינג־טאָג. די מיידלעך האָבן געוואַרט אויף זייערע מאַשינען ביים ראָג. זיי האָבן פאַרוואָרפן דער לערערין מיט פראַגן. זי האָט זיי געזאָגט, אַז זיי זאָלן אויסוואַרטן ביז נאָכמיטאָג, וועלן זיי האָבן אַ דיסקוסיע. ס׳זיינען אָנגעקומען זייערע מאַשינען, גלאַנציגע גרויסע קערפּערס פון רייכע אויטאָמאָבילן. זיי זיינען אַוועקגעפאָרן.

אינעווייניג אין געריכט־הויז האָב איך איבערגעלאָזט די פינצטערניש און דעם אומגליק, און די גרויסע אומגערעכטיגקייט פון לעבן.

און דאָ איז אַזאַ שיינער, ווארימער פרילינג־טאָג.

# דער אייביגער אַנטלויפער

אייעדער נאָך מען האָט אים אַראָפּגעבראַכט פון דעם אויבערשטן שטאָק צום ריכטער, האָט די פרוי „סאָשעל וואָרקער" וועגן אים גערעדט. זי האָט זיך מודה געווען פאַרן ריכטער, אַז דעם אינגל הויבט זי ניט אָן צו פאַרשטיין. זי האָט אים באַצייכנט אַלס דער „פּערפּעטשועל ראָנער", דער אייביגער אַנטלויפער. ער איז שוין אַכט מאָל אַנטלאָפן פון זיין טאַטנס הויז. האָט מען אים ווידער געכאַפּט, פאַרהאַלטן אין קינדער־הויז אַ פּאָר מאָנאַטן און מען האָט אים „אויסגעבעסערט". דערנאָכדעם איז ער אַרויס אויף דער פריי און איז ווידער אַנטלאָפן, האָט מען אים ווידער געכאַפּט, „אויסגעבעסערט" און אַרויסגעלאָזט, און ער איז ווידער אַנטלאָפן.

די „סאָשעל וואָרקער" איז אַ נעגער־פרוי. איך זע זי דאָ אָפט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן נעגער־קינדער. לויט די ליבעראַלע איינפירונגען פון דעם דאָזיגן קינדער־געריכט, האָט מען אומיסטנע אויסגעקליבן אַ נעגער־פרוי, אַ „סאָשעל וואָרקער", ווייל אַזוי ווי זי שטאַמט פון דער זעלבער ראַסע, וועט זי, הייסט דאָס, בעסער פאַרשטיין די קינדער. אָבער ניט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו הערן, ווי די נעגער־מאַמעס רעדן צו איר מיט גרויס האָס, ווען מען נעמט צו ביי זיי זייערע קינדער, אַ דאַנק אירע רעקאָמענדאַציעס. איינע אַ פרוי האָט זי אַפילו געזידלט מיט די דאָזיגע ווערטער:

— דו ביזט אַ הונט ביי די ווייסע, ביזטו!

האָט זי, הייסט דאָס, ניט פאַרשטאַנען די נשמה פון דעם דאָזיגן אינגל, ווען זי האָט באַצייכנט דער „פּערפּעטשועל ראָנער", און דער ריכטער האָט אים געהייסן אַריינברענגען, ווייל ער איז דאָך קליגער פון איר און וועט שוין פאַרשטיין זיין נשמה.

זיין טאַטע האָט שוין געוואַרט אין געריכט־זאַל, געשטאַנען אַ שטומער פונדערווייטנס און זיך צוגעהערט, ווי מען דיסקוסירט צווישן זיך וועגן זיין קינד'ס נשמה. דער נעגער־טאַטע קוקט אויס ווי אַ אידישער אָרעמאַן. ער איז געשטאַנען אַזוי אונטערטעניג אין זיינע אָפּגעריבענע קליידער, פאַרוואָרלאָזט, מיט אויגן, וואָס דאַרפן צדקה. ער איז געשטאַנען פונדערווייטנס, און מורא געהאַט זיך אַריינצומישן אין געשפּרעך, און אַז מען האָט אים געפרעגט, האָט ער געענטפערט מיט אַ שטיל, הייזעריג קול, און דער ריכטער האָט געמוזט אויף אים אָנשרייען, אַז ער זאָל רעדן העכער.

— קענסט גאָרניט ווירקן אויף דיין קינד, ער זאָל ניט אַנטלויפן?

— ווי אַזוי זאָל איך אויף אים ווירקן, ער זאָל ניט אַנטלויפן? — ווייסט ניט דער טאַטע.

— אַ פּאַטער דאַרף ווירקן! — בייזערט זיך דער ריכטער.

— איך ווייס ניט ווי צו ווירקן, — ענטפערט ער אונטערטעניג.

— נו, און די מאַמע? — פרעגט דער ריכטער.

— ניטאָ קיין מאַמע, — ענטפערט ער אַ טרויעריגער און אין זיינע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ פונק פון ווייטאָג. דאָס האָט ער זיך, ווייזט אויס, טאַקע דערמאָנט אָן זיין פאַרשטאָרבענער פרוי.

— הייסט דאָס, ניטאָ קיין מאַמע? — פרעגט איבער דער ריכטער מיט מיטגעפיל.

דאָס אינגל קומט אריין. מיט אַ געגאָלט קעפּל, מיט רירעוודיגע, קליינע אויערלעך. ער איז 9 יאָר אַלט, אָבער ער האַלט זיך שוין ווי אַ דער־פאַרן טרעמפּל. קלוגע אייגעלעך פאַרמאָגט ער, און קוקט שוין אויף דעם ריכטער מיט אַ פאַרבאַהאַלטענעם חוזק. דעם טאַטן שענקט ער איין פריינטלעכן בליק, און ניט מערער. דערנאָכדעם קוקט ער זיך שוין אויף אים ניט אום, אַקוראַט ווי ער וואָלט אים ניט געקענט. צו דער „סאָשעל וואָרקער" מאַכט ער פאַלשע חנ'דלעך. ער האָט שוין געפּאַקט, ווייזט אויס, אַז זי האָט צו אים אַ שוואַכקייט. און ער איז טאַקע געווען גערעכט. זי האָט זיך פון אים ניט געקאָנט אָפּוואונדערן. און אַלץ צוליב זיין אייביג אַנטלויפן, צוליב זיין וואַנדערן. פאַר איר איז ער געווען די רעטעניש פון דעם „וואַנדערלוסט"־מענטשן. דאָס אינגל האָט געפילט, אַז מען קוקט אויף אים ווי אויף אַ העלד, האָט ער טאַקע געשפּילט אַזאַ ראָלע.

— פאַרוואָס־זשע אַנטלויפסטו פון הויז? — פרעגט אים דער ריכטער.

— איך ווייס? איך אַנטלויף! — ענטפערט ער אָן מורא.

— פאַרוואָס אַנטלויפסטו?

— ס'איז אומעטיג, אַנטלויף איך, — ענטפערט דאָס אינגל, ווי אַ דערוואַקסענער.

— וואוהין־זשע האָסטו געוואָלט לויפן, ווען מען האָט דיך געכאַפּט דאָס לעצטע מאָל?

— קיין סאַן־פראַנציסקאָ, — ענטפערט ער גלייכגילטיג, אַקוראַט ווי עס איז אַהין מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

— האָסט גאָרניט קיין מורא?

— מורא גאָר? — קוועטשעט ער מיט די פּלייצעס מיט גרויס בראַוואַדאָ.

— ווי אַזוי זשע לעבסטו זיך דורך?

— מען קריגט שוין, — ענטפערט ער מיט אַ יאַטישן וואונק אין די אויגן.

דער ריכטער הויבט אויך אָן ווערן נתפּעל פון אים. עפּעס אַן אומ־דערשראָקן אינגל. און ער הויבט אים שוין אָן אויסצופרעגן דעטאַלן ניט אַזוי צוליב אַ רעקאָרד, ווי צוליב זיין אייגענער נייגעריגקייט וועגן.

— וואו זשע נעכטיגסטו?

— וואו עס מאַכט זיך; אין אַ פּאַרק, אין אַ האָל, אין אַ גאַראַדזש.

— שלאָגן דיך ניט די פרעמדע אינגלעך?

— זיי שלאָגן אַמאָל, אָבער איך גיב צוריק, — באַרימט ער זיך.

— איז ביי דיר אַ וואָרט עפּעס הייליג? — פרעגט אים דער ריכטער פלוצלונג זייער פייערלעך.

— יעס סער, — ענטפערט יענער, נאָך פייערלעכער.

— וועסטו מיר געבן דיין ערלעך וואָרט, אַז מערער אַנטלויפסטו ניט?

— איך קאָן ניט, — ענטפערט דאָס אינגל מיט אַ מין פיינלעכקייט.

— וואָס מיינסטו, דו קאָנסט ניט?

— ווייל איך האָב מורא, אַז איך וועל ברעכן מיין וואָרט, — ציטערט ביי אים דאָס קול מיט אַ טרויעריגער אויפריכטיגקייט.

— אָבער מען דאַרף זיין שטאַרק.

— איך בין שטאַרק, אָבער אַז ס'קומט צו אַנטלויפן, בין איך ניט שטאַרק.

— וועל איך דיך פאַרשפּאַרן אויף אַ גאַנץ יאָר.

— וואָס קאָן איך טאָן?

— גיב מיר דיין וואָרט, אַז דו וועסט מערער ניט אַנטלויפן, וועל איך דיך ניט פאַרשפּאַרן.

קאָן ער ניט געבן זיין וואָרט. איינמאָל ניין. דער ריכטער רעדט צו אים שטרענגע רייד. מוסר'ט אים, שטראָפט אים, סטראַשעט אים, אָבער ער קאָן ניט געבן זיין וואָרט. איינמאָל ניין.

— פירט אים אוועק, — פּאַרלירט שוין דער ריכטער זיין געדולד.

— „אי עם סאַרי, פּאַ", — רופט זיך אָן דאָס אינגל צום טאַטן מיט טרויעריגקייט און מיט איידלקייט.

און דער טאַטע שטייט זיך ווי אַן אָרעמאַן, אַן אומעטיגער אָרעמאַן...

# די אינגלעך מיט 38 טויזנט פּעניס

דריי אינגלעך ווערן אַריינגעבראַכט פון אַ שטאַרקן, היפשן דעטעקטיוו. אינגלעך אין עלטער פון 18 יאָר. זיי זיינען קינדער פון דער איסט־סאַיד, קינדער פון דער ריזיגער שטאָט ניו יאָרק. זיי ווייסן שוין, וואָס אַ געריכט־הויז מיינט. זיי האָבן געזען דאָס געריכט־הויז אין די מואוויס פילע מאָל. זיי האָבן געזען אין די זעלביגע מואוויס, ווי אַזוי די אַרעסטירטע האַלטן זיך, בשעת מען ברענגט זיי אין אַ געריכט־הויז. ווען זיי, די דאָזיגע אינגלעך, זיך אויך שוין אַזוי האַלטן.

איינער, אַ בחור׳ל מיט ברילן, ווייזט־אויס, דער „קאָפּ" פון די דריי. ער קוקט דורך די ברילן מיט אַ גנב׳ישן קוק אויפן ריכטער און אויפן דעטעקטיוו. זיין שפּיצעכיג פּנים איז איצט שטום, טאַמעוואַטע, כלא־ידע.

איינער אַ בחור׳ל מיט אַ וואונדערבאַר־שיינעם פּנים און שיינע האָר, כמעט אַ מיידעלשן אויסקוק; ליכטיג־ברוינע, ווייכע, געקרייזלטע האָר, בלויע אויגן. ער, דער דאָזיגער בחור׳ל, איז דוקא צעשראָקן. נאָר יעדעס מאָל, ווען ער טוט אַ קוק אויפן „קאָפּ", אויפן בחור׳ל מיט די ברילן, ווערט דער דאָזיגער אויך רואיג, ווערט זיין פּנים אויך טאַמעוואַטע, און ער ווייסט שוין אויך גאָרניט, אבסאָלוט גאָרניט.

דער דריטער בחור פאַרמאַכט גאָר אינגאַנצן אַן אויג; אַלעמאָל פאַרמאַכט ער דאָס אויג; מסתמא אויך צוליב דעם, אַז מען זאָל מיינען, אַז ער ווייסט גאָרניט, אבסאָלוט גאָרניט.

דער שטאַרקער, היפשער דעטעקטיוו דערציילט, ווי אַזוי די טשואינג־גאָם קאָמפּאַני האָט אַריינגעטראָגן אַ קלאַגע אין פּאָליס־סטעישאָן, אַז אַלע פּעני־מאַשינען אין דעם געגנט ווערן אויסגעליידיגט פון די פּענים. איידער זייער אַגענט קומט אויסליידיגן די פּענים פון די מאַשינען, אַזוי איז עמיצער שוין געווען און גאָרניט איבערגעלאָזט. האָט מען פאַרזעצט דעטעקטיוון אַרום די פּעני־מאַשינען און מען האָט גאָרניט געקאָנט אויס־געפינען.

ער, דער דעטעקטיוו, וואָס דערציילט איצט די געשיכטע, איז אויך געווען איינער פון די דעטעקטיווס, וואָס האָבן זיך פאַרזעצט אויסצוגעפינען די גנבים. אָבער ער האָט אויך גאָרניט געקאָנט אויפטאָן. ביז ס׳איז עפּעס געפאַלן זיין פאַרדאַכט אויף דער דאָזיגער גרופּע פון דריי אינגלעך, וואָס שטייען איצט פאַרן ריכטער.

ער האָט זיי ניט געפּאַקט אויפברעכנדיג די מאַשינען; ער האָט בלויז אַ פּאָר מאָל געזען, ווי זיי דרייען זיך אַרום אין סאָבוועי־סטעישאָן, האָט ער זיי נאָכגעשפּירט. נאָכשפּירנדיג האָט ער זיי ווידער ניט געפּאַקט זיך פאָרענדיג ביי די מאַשינען, נאָר ער האָט געזען, ווי זיי פאָרן־אַרום אין אַ מאַשין פון איין סאָבוועי־סטעישאָן צו דעם אַנדערן.

וויזט אויס, אַז זיי האָבן געפּילט, אַז מען שפּירט זיי נאָך, און דער־פאַר האָבן זיי גאָרנישט ניט געטאָן. איז אים איינגעפאַלן אַפּצושטעלן זייער מאַשין און זיי באַזוכן. האָט ער געפונען אין דער מאַשין אַ זאַק מיט 38 טויזנט פענים. יאָ, גאַנצע 38 טויזנט פּענים. ווי אַזוי ווייסט מען די צאָל פון די פענים? ווייל מען האָט זיי איבערגעציילט אין פּאָליס־סטעישאָן. ער האָט אויך געפונען ביי זיי אין אויטאָמאָביל אַן אַפּצווייננגע, האַמערס, דלאָטעס, שליסלען און אַנדערע מכשירים, וואָס מען געברויכט ביים אויפברעכן מאַשינען. האָט ער זיי אַרעסטירט.

דער ריכטער באַטראַכט די פּנים׳ער פון די דריי בחורים. באַזונדערס שטעלט זיך אָפּ זיין בליק אויפן בחור׳ל מיט די ברילן. יענער אָבער פּינטלט ניט מיט קיין אויג. יענעמס פּנים איז טאַמעוואַטע ווי פריער, בלאַ־ידע׳דיג (גאָרניט־וויסנדיג). ער ווייסט גאָרניט, גאָרניט, טאַקע אבסאָלוט גאָרניט.

אַזוי ווי זיי האָבן ניט קיין לאָיערס, זאָגט זיי דער ריכטער, אַז זיי קאָנען שטעלן פראַגן דעם דעטעקטיוו, פּונקט ווי אַ לאָיער וואָלט געטאָן.

שווייגן די איבעריגע צוויי פּאַרטאַיעטע און טאַמעוואַטע. בלויז דאָס בחור׳ל אין די ברילן נעמט זיך שטעלן פראַגן. צי ער האָט דאָס געזען אין די מואַוויס, ווי אַזוי אַ לאָיער שטעלט די פראַגן, צי מיט זיין אייגענער חכמה — אָבער דער אופן, ווי ער האָט געשטעלט די פראַגן, איז געווען פּונקט ווי אַ פּראָפעסיאָנעלער לאָיער, ווען ער וויל אָנשרעקן דעם עדות.

— זאָג מיר, — מאַכט ער פרעך און אַרויסרופנדיג צו דעם דעטעק־טיוו, — האָסטו געזען מיט דיינע אייגענע אויגן, ווי אַזוי מיר האָבן זיך געפּאָרעט ביי די פּעני־מאַשינען?

— ניין, — מאַכט דער דעטעקטיוו און ווערט רויט פון בייזקייט, וואָס זיינער אַן אַרעסטאַנט באַנעמט זיך מיט אים אַזוי פרעך.

— האָסט ניט געזען, ווי אַזוי מיר האָבן זיך געפּאָרעט ביי די מאַ־שינען? — שטרייכט יענער נאָכאַמאָל אונטער דעם דעטעקטיוו׳ס ענטפער,

— האָסט ניט געזען, ווי איך האָב זיך געפּאָרעט ביי די מאַשינען?

— ניין, — ענטפערט דער דעטעקטיוו און זידט פון רציחה.

— האָסט ניט געזען, ווי ער האָט זיך געפּאָרעט ביי די מאַשינען? — ווייזנדיג אויפן בחור׳ל מיטן מיידלשן פּנים.

— ניין.

— האָסט ניט געזען, ווי ער האָט זיך געפּאָרעט ביי די מאַשינען? — ווייזנדיג אויפן בחור׳ל, וואָס מאַכט אַלעמאָל צו אַן אויגל.

— ניין.

— איז פאַרוואָס־זשע האָט ער אונז אַרעסטירט? — ווענדט ער זיך

שוין צום ריכטער מיט אַ פּאָרוואורף. — איך מאַך אַ פּאָרשלאַג, — גיט ער אַ זאָג ווי אַ פּראָפעסיאָנעלער לאָיער, — מען זאָל צונישט מאַכן די קלאַגע, אויפן גרונט וואָס עס זיינען ניטאָ קיין שום באַווייזן געגן אונז, אַז מיר האָבן אויפגעבראָכן די פּעני־מאַשינען.

דער ריכטער קוקט אויף אים מיט גרויס חידוש, וואָס יענער איז אַזוי פלינק מיטן צינגל און באַנעמט זיך ווי אַ פּראָפעסיאָנעלער לאָיער.

— פונוואַנעט ווייסטו צו מאַכן אַזוינע פּאָרשלאָגן? — פרעגט אים דער ריכטער.

— איך ווייס, — ענטפערט יענער שטאָלץ און אַרויסרופנדיג.

— וועמעס אויטאָמאָביל איז דאָס, אין וועלכן איר זייט אַלע דריי געפאָרן? — פרעגט ווידער דער ריכטער.

— אונזערער, — ענטפערט יענער. — געהערט צו אונז דרייען.

— וואָס איז דיין באַשעפטיגונג?

— אַ סטודענט אין האַי־סקול. זיי אויך, — ציינגנדיג אויף די אַנדערע צוויי.

— וואו האָט איר גענומען געלט אויף צו קויפן דעם אויטאָמאָביל?

— פון אונזערע אָפּשפּאָרונגען, — ענטפערט יענער פלינק.

— פון וועלכע אָפּשפּאָרונגען?

— וואָס מיינע עלטערן גיבן מיר; וואָס זייערע עלטערן גיבן זיי, — ענטפערט יענער גלייך, ניט וואַרטנדיג קיין רגע.

— וויפיל, אַ שטייגער, גיבן אייך אייערע עלטערן?

— אַמאָל אַ דאָלער אַ וואָך, אַמאָל גאַנצע פינף דאָלער אַ וואָך.

— מיט וואָס באַשעפטיגן זיך אייערע עלטערן?

— מיין טאַטע האָט אַ קענדי־סטאָר; זיין טאַטע — ציינגנדיג אויפן בחור׳ל מיטן מיידלשן פּנים, — איז אַ דרעס־פּרעסער, און זיין טאַטע, — ציינגנדיג אויפן בחור׳ל מיטן אויגל, — איז אַ וואַטשמאַן.

— זיינען אייערע עלטערן אימשטאַנד אייך צו געבן אַזויפיל געלט יעדע וואָך?

— יאָ, אימשטאַנד, — ענטפערט יענער אין איין אויגנבליק.

— און פונוואַנעט קומט צו אייך גאַנצע 38 טויזנט איינציגע פּענים?

— אויך פון אונזערע אָפּשפּאָרונגען.

— פון וועלכע אָפּשפּאָרונגען?

— איך האָב אייך שוין פריער געזאָגט פון וועלכע, — ענטפערט יענער כלומרשט ברוגז, וואָס דער ריכטער חזר׳ט זיך איבער.

— איז פון אייערע אָפּשפּאָרונגען, אי איר האָט געקויפט אַן אויטאָמאָביל, אי איר האָט אָפּגעשפּאָרט 380 דאָלער?

— יאָ, — ענטפערט יענער מיט אַ מינע פון זעלבסט־פאַרשטענדלעכ־קייט.

— איז וואָס־זשע גאָר אין פּענים?

— פּענים זיינען אויך געלט! — ענטפערט יענער פרעכלעך.

— אָבער 38 טויזנט פּענים איז דאָך שווער צו האַלטן. איז דען ניט גלייכער צו האַלטן אייערע אָפּשפּאָרונגען אין פּאַפּיר־געלט?

— מיר האַלטן דאָס אומיסטנע אין פּענים, — ענטפערט יענער מיט אַ כיטרען גלאַנץ אין די אויגן, — כדי מיר זאָלן מיינען, אַז מיר האָבן אַ סך געלט.

צעלאַכט זיך דער עולם. פאַרדריסט דעם ריכטער, וואָס מען לאַכט, ווייל דער געלעכטער מיינט שוין אויף זיין חשבון. ווערן זיינע אויגן, וואָס האָבן בלומרשט געקוקט העפלעך ביז אַהער, בייז און שלעכט.

— און פאַרוואָס האַלט איר ניט אייערע אָפּשפּאָרונגען אין אַ באַנק?

— ווייל מיר געטרויען ניט דער באַנק, — ענטפערט יענער ווידער מיט אַ כיטרען שמייכל.

— צוליב וואָס שפּאָרט איר אייערע פּענים?

—צוליב קאַלעדזש. מיר ווילן אַריינטרעטן אין קאַלעדזש.

— און וואָס איז וועגן דעם, וואָס מען האָט געפונען ביי אייך אין אויטאָמאָביל שליסלען, אָפּצוועגנגעס און האַמערס?

— מיר לערנען זיך מעכאַניקס, — ענטפערט יענער גלאַט און פלינק.

שווייגט דער ריכטער. ער איז דערשטוינט, געפּלעפט, וואָס עס שטייט פאַר אים אַ בחור, וואָס שטעלט אים, דעם ריכטער, גאָר אין אַ פאַרלעגנהייט.

— איך מאַך ווידער אַ פאַרשלאַג, — מאַכט יענער מיט אַ פעסטער, שטאַרקער שטימע, — צו־נישט צו מאַכן די קלאַגע געגן אונז. ווייל ס׳איז גאָרניט באַוויזן געוואָרן.

— פינף טויזנט דאָלער בעיל, יעדער איינער פון אייך, — גיט דער ריכטער אַ זאָג בייז, — און איך גיב איבער די קעיס אין געריכט פון „ספּעשל סעשאָנס".

דאָ ווערן שוין די אַנדערע צוויי בחורים׳לעך, וואָס האָבן פריער גע־קוקט אויף זייער העלדישן חבר מיט גרויס אכטונג, זייער פאַרלוירן. זייערע ליפּן ברעכן זיך ווי אין אַ געוויין. דער בחור׳ל אָבער אין די ברילן, אַ צע־היצטער, אַ צעוואַרימטער, גיט יעדן איינעם אַ קלאַפּ אין פּלייצע, ווי איינער זאָגט: נישקשה, מיר וועלן אין „ספּעשל סעשאָנס" אויך קעמפן.

מען פירט זיי אַוועק אין זייטיגן צימערל. און דער ריכטער, אַ דער־שטוינטער, קאָן נאָך ניט קומען צו זיך, קוקט זיי נאָך און שאָקלט מיטן קאָפּ...

# פאַרטייטש פון פרעמדע ווערטער

**א**

**אַדווערטייזן** — אַנאָנסירן, רעקלאַמירן

**אָוועראָלס** — אַרבעטס־קליידער

**אייז־באָקס** — אייז־קאַסטן

**אַי עם סאָרי, פּאַ** — ס׳טוט מיר לייד, פּאַפּאַ

**אַלימאָני** — אונטערשטיצונג

**אָלד פּעל** — אַ ידיד; אַ חבר פון לאַנגע יאָרן

**אינשורענס־קאָמפּאַניע** — פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט

**איסט־סאַיד** — מזרח־זייט

**אַפּאַרטמענט** — דירה

**אַפּאַרטמענט־הויז** — אַ הויז פון עטלעכע דירות

**אָפּערעיטאָר** — דער וואָס אָפּערירט אַ מאַשין (אין אונזער פאַל מיינט דאָס אַ שטעפּער אויף אַ ניי־מאַשין)

**אָפיסער** — אַן אָנגעשטעלטער פון פּאָליציי, אַ פּאָליציימאַן

**אַקאַונטענט** — בוכהאַלטער

**אָשער** — אַ מענטש אין טעאַטער, וואָס ווייזט דעם צושויער וואו צו זיצן.

**ב**

**באָרדער** — אַ קוואַרטיראַנט אויף קעסט; אַ קאָמאָרניק

**באָס** — באַלעבאָס

**באָס** — אויטאָבוס

**באַי דהי וועי** — אגב אורחא; אַז מען רעדט שוין וועגן דעם

**באַרבער** — שערער
רעדער

**בייסיקל** — וועלאָסיפּעד; אויף צוויי

**ביזנעס** — געשעפט; מסחר

**בלאָק** — קוואַרטאַל

**בעיל** — איינלייג־געלט; ערבות

**ג**

**גודטאַים** — פריילעך פאַרברענגען

**געמבלער**—אַ פאַרברענטער קאָרטן־שפּילער

**גענג** — אַ שאַיקע; אַ באַנדע

**גראָסערי** — שפּייז־קראָם

**גרעיד**— גראַד

**גרעיד עי** — בעסטער גראַד

**גרעיפּ־פרוכט** — אַ פרוכט פון דער ציטרוס־משפּחה

**גרענד סענטראַל סטעישאָן** — נאָמען פון אַ באַן־הויף אין ניו־יאָרק

**גריגהאָרן** — אַ חוזק־וואָרט פאַר דעם ערשט־אָנגעקומענעם עמיגראַנט

**ד**

**דאַים** — אַ 10־סענטיגע מטבעה

**דאַונטאַון** — געשעפט־צענטער פון שטאָט

**דוירבי** — האַרטער קיילעכדיגער קאַפּעליוש, ווי אַ קעסעלע

**דזשיגאָלאָ** — אַ חוזק־וואָרט פאַרן מאַן, וואָס ווערט אויסגעהאַלטן פון דער פרוי

**דזשאָב** — אַן אַרבעט; אַ באַשעפטיגונג; אַן אַרבעטס־אויפגאַבע

**דזשעניטאָר** — הויז־אויפזעער

**דזשענטעלמאַן** — וואויל־געקליידט, מיט פיינע מאַניערן

**דזשאָסט עי פּוירסאָנאַל לאָאַן**—בלויז אַ פערזענלעכע הלוואה

**דזשאָדזש** — ריכטער

**דיסטריקט־אַטורני** — פּראָקוראָר

**דרעס־פּרעסער** — אַ פּרעסער פון פרויען־קליידער

**ה**

**האָל** — פּאָר־הויז; אַ זאַל.
**האָום** — אַנשטאַלט; היים
**האָום־רעליף** — הויז־שטיצע
**האַי־סקול** — מיטל־שול
**האָלד־אָפ** — איבערפאַל מיטן צוועק צו באַרויבן
**הופּינג־קאָף** — קייך־הוסט

**וו**

**וואָטשמאַן** — וועכטער
**וואָירק־האָוז** — שטאַטישע געפענגע־ניש פאַר מינדערוויכטיגע פאַר־ברעכער
**וועידזשעס** — שכירות; לוין

**ט**

**טהענקיו** — כ'דאַנק אייך
**טראָק** — לאַסט־אויטאָמאָביל
**טריקס** — שפּיצלעך; קונצן
**טרעיד** — פאַך; מלאכה
**טרעמפּ** — בראָדיאַגע; אַ מענטש אָן אַ היים
**טשואינג־גאָם** — קייַ־גומי
**טשיקן** — הון

**י**

**יעס־סער** — יאָ, האַר!
**יור האָנאָר** — אייער כבוד
**יו, בעסטאַרד יו, שאַראָפּ** — דו, ממזר דו, פאַרמאַך דעם פּיסק!

**ל**

**לאָיער** — אַדוואָקאַט
**לאַיסענס** — דערלויבעניש־צעטל
**לעידי** — דאַמע, וואויל געקליידט מיט פיינע מאַניערן
**לענדלאָרד**— אייגנטימער פון הייזער
**לענדלעידי** — אייגנטימערין פון הייזער

**מ**

**מאַינד יו** — האָב אינזינען
**מיסטער** — האַר
**מיסעס** — מאַדאַם

**נ**

**נאָו סער** — ניין, האַר!
**ניומאָניע** — לונגען־אַנטצינדונג
**ניקל** — פינף־סענטיגע מטבעה
**נעקסט** — פאָלגנדער

**ס**

**סאָפּער** — וועטשערע; אָוונט־מאָל־צייט
**סאָבוועי** — אונטערערדישע באַן
**סאָבוועי־סטעישאָן**—אונטערערדישע באַן־סטאַנציע
**סאָ לאָנג דזשאָדזש, נאָ האַרד פּי־לינגס** — זייט מיר געזונט, ריכ־טער, און טראָגט ניט קיין שווער האַרץ אויף מיר.
**סאָשעל־וואָירקער** — כלל־טוער (אין אונזער פאַל מיינט דאָס — באַ־צאָלטער כלל־טוער)
**סופרים־קאָורט** — אַלערהעכסטער געריכט
**סוויטהאַרט** — זיס האַרץ (מיינענדיק — געליבטער)
**סוועל** — אויסגעצייכנט; וואונדער־באַר
**סטופּ** — אויף די טרעפּלעך ביים אַריינגאַנג פון הויז
**סטעיק** — אַ שטיק געבראָטנס אָדער געפּרעגלטס
**סטעפּ** — אַ טראָט (מיינענדיק ווען מען טאַנצט)
**סענט־לואיס בליוס** — אַ פּאָפּולער טרויעריק לידל וועגן סענט לו־איסער מיידלעך

**סעקאַנד עוועניו** — צווייטע עוועניו, באַוואוסט אַלס די אידישע טעאַטער־גאַס אין ניו־יאָרק
**ספּעשעל סעשאַנס** — ספּעציעלע סעסיעס (מיינענדיג — געריכט־סעסיעס)
**סקול** — שול

**ע**

**עלעוועיטעד** — הויך־באַן
**עלעוועיטאָר**— אויפהויבער (מיינענדיג אַ מאַשין, וואָס הויבט אייך אויף צו די אייבערשטע עטאַזשן)
**ענדזשאַיען** — גוט פאַרברענגען
**עפּל־סאָוס** — עפּל־צימעס
**עקסידענט** — אומגליקס־פאַל
**עקסקיוז מי** — אַנטשולדיגט

**פּ**

**פּאַבליק־סקול** — פאָלקס־שול
**פּאָטעיטאָ** — בולבע; קאַרטאָפל
**פּאָליטישן** — פּאָליטיקער (אין אונזער פאַל מיינט דאָס אַן אומערלעכער פּאָליטיקער)
**פּאַרטי** — אַ שמחה׳לע, אַ צוזאַמענקונפט
**פּאָליס־סטעישאַן** — פּאָליציי־סטאַנציע
**פּיק־פּאַקעט** — קעשענע־גנב
**פּיק־פּאַקעט סקוואָד** — ספּעציעלע פּאָליציי אויף צו כאַפּן קעשענע־גנבים
**פּלאָמבער** — וואָס אַרבעט ביי וואַסער־לייטונג
**פּליז** — ביטע; זייט אַזוי גוט

**פ**

**פאַן** — אַמוזירונג; ליצנות
**פאַני־פעיס** — קאָמיש פּנים
**פאָר קראַיסט סעיק, וואַי דאָנט יו טעל דהי טרוטה?** — אין נאָמען פון געקרייציגטן, פאַרוואָס דערציילסטו ניט דעם אמת?
**פאַיט** — געשלעג; קאַמף
**פאַיטינג־גלאָווס** — קעמפנדיגע הענטשקעס
**פוירנישד־רום** — מעבלירטער צימער
**פעיוואָר** — אַ טובה; אַ געפעליגקייט
**פעקטאָרי** — פאַבריק

**ק**

**קאָלעדזש** — אוניווערזיטעט
**קאַר־פעיר** — באַן־הוצאות
**קאָרנער** — ראַג; ווינקל
**קאַנשיענס** — געוויסן
**קאַסטימער** — קונה
**קוואָדער** — אַ 25־סענטיגע מטבעה
**קלוירק** — אַנגעשטעלטער
**קענדי־סטאָר** — אַ קראָם, וואו מען פאַרקויפט זיסקייטן
**קעיס** — פּראָצעס
**קאָרפּאָרעישאַן־לאָיער** — קערפּערשאַפט־אַדוואָקאַט (מיינענדיג דאָ אַן אַדוואָקאַט פון אַ גרויסן פאַרנעם)

**ר**

**ראַיאָט** — צעטרייסלעניש; בונט
**רום** — צימער
**רעדזשיסטער** — קאַסע
**רענט** — דירה־געלט
**רעליף** — אונטערשטיצונג
**רעקאָרד** — פאַרצייכענונג־צעטל

**ש**

**שאָוער** — אַ שפּריץ־באָד
**שאָו** — פאָרשטעלונג
**שאַפּ** — אַרבעטס־פּלאַץ; פאַבריק; ווערקשטאַט
**שור** — זיכער; אַוודאי

# אינהאַלט